# מיין אַרייַנפֿאָר אין פֿסס״ר

עס האָט געזונגען אין מיר: איך פֿאָר אין סאָוועט־רוסלאַנד! אין לאַנד פֿון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, אין לאַנד פֿון אָפּגעשאַפֿטע קלאַסן, אין לאַנד פֿון דעם באַפֿרייטן פּראָלעטאַריאַט!

אַזויפֿיל יאָרן אַרויסגעקוקט אויף דער דאָזיקער רייזע, געבענקט נאָך איר! אַזויפֿיל מקנא געווען די גליקלעכע, וואָס האָבן זי געמאַכט, דורשטיק געטרונקען פֿון זייערע ליפּן זייערע באַריכטן ווי וואונדער־מעשׂיות, הונגעריק אַרויסגעזויגט פֿון זייערע אויגן דעם אָפּגלאַנץ פֿון דעם סאָציאַליסטישן געבוי. און אָט ענדלעך פֿאָר איך אַהין... ווי האָט עס געזונגען אין מיר!

און פּלוצלונג איז דער געזאַנג איבערגעריסן געוואָרן. עס האָבן זיך אָנגערוקט די שווערע וואָלקנס פֿון דעם פּראָצעס פֿון די זעכצן, און איך בין דעמאָלט געווען אויפֿן וועג נאָך רוסלאַנד. אַרום און אַרום האָט געהערשט די דערדריקנדיקסטע שטימונג. פֿאַרפֿינסטערטע געזיכטער, טרויער־געשטאַלטן, דערשלאָגענע, פּריטשמעליעטע מענטשן: אַ מוראדיקער פֿאַרברעך ווערט באַגאַנגען אין ראַטן־פֿאַרבאַנד!

מען האָט נישט געגלייבט אין דער ערלעכקייט פֿון דעם פּראָצעס. דער ווידוי פֿון די אָנגעקלאָגטע, זייער מודה זיין זיך, זייער זעלבסטאָנקלאָג, דאָס איז אַלץ אַן אָפּגעמאַכטע זאַך. אַ העסלעכע קאָמעדיע צוליב דער גלאָריפֿיצירונג און פֿאַר־

שטאַרקונג פון סטאַלינס דיקטאַטור. מ׳וויל ענגער צונויפנעמען די מאַסן אַרום דער הייליקער פּערזאָן פון דעם דיקטאַטאָר, וועמעס לעבן איז בלומרשט געוועזן אין געפאַר. די אָנגע־קלאָגטע וועלן זיך אַליין אָנקלאָגן אין דעם אַטענטאַט, וועלכן זיי האָבן געוואָלט מאַכן, דאָס פאָלק אָדער די פעלקער פון די פסס״ר וועלן פרום גומל בענטשן פאַר דער וואונדערלעכער רעטונג פון זייער געליבטן פאַרגעטערטן פירער. סטאַלין וועט דערגרייכן זיינס, און די זיך אַליין אָנקלאָגנדיקע אָנגעקלאָגטע וועלן אָפּקומען מיט דער שטראָף פון זעלבסטבאַשפּייאונג און זעלבסטפאַרניכטונג.

לעאָן טראָצקי איז אַרויסגעקומען מיט אַזאַ מין דערקלע־רונג. זי איז פאַנאַנדערגעטראָגן געוואָרן איבער דער גאַנצער וועלט. זי איז אָנגענומען געוואָרן ווי אַ פאַקט. און גלייך האָב איך דערהערט אַרום מיר: טראָצקיס דערקלערונג וועט זיי קאָסטן דאָס לעבן. אויב עס איז ווירקלעך געוועזן אַזאַ אָפּמאַך צווישן די אָנקלאָגער און די אָנגעקלאָגטע, וועט ער נישט גע־האַלטן ווערן. דער קרעמעל וועט נישט צולאָזן, אַז טראָצקי זאָל זיין גערעכט...

און די זעכצן זיינען דערשאָסן געוואָרן. אַן אויפשוידער ווייט און ברייט, אַן אויפקרעכץ, אַ ציינגעקריץ, אַ פאַר־שעמטקייט.

אויך דער געזאַנג אין מיר האָט זיך פאַרשעמט. אויף מאָרגן נאָך דעם אויספיר פון דעם טויט־אורטייל איבער די זעכצן האָב איך זיך גאַנץ אינדערפרי געדאַרפט אריינזעצן אין צוג, וועלכער וועט מיך אָוועקפירן צו דער גרעניץ. ווי האָב איך אַרויסגעקוקט אויף דער שעה! אָבער איך האָב זיך נאָר מיישב געוועזן מיט מיין פרוי, מיין רייזעבאַגלייטערין, צי זאָלן מיר נישט בעסער פאַרקערן צוריק. דאָס וועט זיין אונזער שטילער פּראָטעסט קעגן דער באַשענדונג פון דעם סאָציאַליזם.

אַזוי שווער געוועזן אויפן האַרצן. אַ שיינער זוניקער טאָג האָט זיך געדיכט פאַרכמורעט. פון וואָס וועלן מיר שוין קאָנען דאָרטן הנאה האָבן? די שאַנד פון פאַרברעכערישן מאָרד וועט ליגן איבערן גאַנצן לאַנד.

אָבער — מיר דאַרפן נישט פאַרגעסן, אַז מיר געפינען זיך אונטער דעם איינפלוס פון אַן אַרום, וואָס איז פיינטלעך צו סאָוויעט־רוסלאַנד. מיר טאָרן זיך אים נישט אונטערגעבן. מיר דאַרפן נישט אָננעמען פאַר ריכטיק זיין אויסטייטשונג פון די רוסישע געשעענישן, נישט גלויבן אַלץ, וואָס עס ווערט דערציילט אין די אויסלענדישע צייטונגען, און זיכער נישט נתפעל ווערן פון זייער מאָראַלישן כעס, וואָס צונטערט זיך מיט צבועצטווע. מיר וועלן פאָרן. די האַלטונג פון די מענטשן אין סאָוויעט־רוסלאַנד וועט אונז אויפדעקן דעם אמת.

מיר זיינען אָוועקגעפאָרן. מיט שווערן האַרץ, אומרואיקע געדאַנקען. צי פעלט אונז נישט מוט צום פּראָטעסט? פאַרטומלט נישט נייגער אין אונז דעם מאָראַלישן אויפגעשריי? עס איז נאָך נישט שפּעט — מיר קאָנען נאָך פון באַראַנאָוויטש פאָרן צוריק....

אזוי נאָנט ביי דער רוסישער גרעניץ, ווי קאָן מען פאָרן צוריק? טשיקאַווע, צי וועלן זיי מיך גאָר איצטער אַריינלאָזן אין לאַנד. אין אַ מאָמענט פון אויפטרייסל, פון חטאים־זוכעריי און רייניקונג וועלן זיי געווים פאַרמאַכן די טויערן פאַר אייגעם, וואָס „פון יאָר צו יאָר זינקט ער אַלץ טיפער אין דעם זומפּ פון דער קאָנטררעוואָלוציע" — ווי עס שטייט בפירוש אין דער פאָררעדע צו דער זאַמלונג פון מיינע דערציילונגען, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין מאָסקווע... וועט עס מיך פרייען, ווען זיי וועלן מיך נישט אַריינלאָזן? וועט עס מיך פאַרדריסן?

דער וואָקזאַל אין ניעגאָרעלאָיע איז גרויס און שיין און העל באַלויכטן. דער יונגער גרענעצבאַאַמטער אין דער אוניפאָרם פון אַ רויטנאַרמייער איז אַזוי העפלעך און פיין — דער פּאָלער קעגנזאַץ פון דעם אַמאָליקן שרעקאָנוואַרפנדיקן זשאַנדאַרם. קיין שפּור נישט אויף אים פון דער אומרואיקייט פון די לעצטע טעג, די פראַגן, וועלכע ער שטעלט, איבערקוקנדיק דערביי דאָס געפּעק, ווערן אַרויסגערעדט אַזוי אויבנאויפיק, גלאַטאַזוי־זיכדיק.

„ווען האָט איר פאַרלאָזן רוסלאַנד?"

„מיט פערציק יאָר צוריק.”

„האָט איר דאָ קרובים?”

„ניין.”

„איז וואָס פאָרט איר נאָך רוסלאַנד?”

א הייב אויף די אויגן, א שאַרפער קוק, און צוריק צום געפעק. דער עיקר צו דעם טשעמאָדאַן מיט ביכער. א דייטשע בראָשורע, אין וועלכער עס ווערן געשילדערט אין וואָרט און בילד די שרעקן פון דעם היטלערישן נאַציזם, האָט אים שטאַרק פאַראינטערעסירט.

„איך וועל עס ביי אייך צונעמען.”

„איך דאַרף זי נויטיק האָבן.”

„אין אויסלאַנד וועט איר קריגן אַן אַנדערע.”

ער האָט אַרויסגענומען א פעקל פון מיינע מאַנוסקריפּטן, וועלכע איך האָב געהאַט מיט זיך.

„וואָס איז דאָס?”

„מיינע אייגענע מאַנוסקריפּטן.”

ער האָט זיי אַפּגעלייגט אָן א זייט.

„מיר וועלן זיי מוזן איבערקוקן.”

א שיינע געשיכטע! איך וועל זיי קריגן צוריק גאָט ווייס ווען — אויב איך וועל זיי בכלל קריגן צוריק.

און אָט האַלט ער אין די הענט די זאַמלונג פון מיינע דערציילונגען, וועלכע איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין קיעוו מיט א פאָררעדע, אין וועלכער איך ווער דערקלערט אַלס פּאַשיסט, פּאַגראָמיסט און פאַרשפּרייטער פון פאַנאַטיזם... ווי ווען ער קאָן לייענען יידיש?! אָבער ער האָט אויפמערקזאַם איבער־געלייענט די אוקראַינישע איבערזעצונג פון דעם שערבלאַט, אוועקגעלייגט דאָס ביכל און — אומגעקערט מיר מיינע מאַנו־סקריפּטן.

„איר קאָנט צוריק פאַרפּאַקן.”

עס האָט אויפגעלאַכט אין מיר. איך האָב פאַרפּאַקט מיינע טשעמאָדאַנעס מיט דעם געזאַנג אין מיר. ווען זיי וואָלטן מיך איצטער נישט אַריינגעלאָזט, וואָלט עס מיך זייער שטאַרק פאַרדראָסן.

אין דעם שלעכט באלויכטענעם וואגאן, אין וועלכן מיר זיינען געפארן פון ניעגארעלאיע ביז מינסק, האט זיך אומגע־קערט צו אונז צוריק א ביסל פון דעם פריערדיקן אומרו. א מין פארשעמטקייט פאר דער פלוצימדיקער פרייליעכקייט. האבן מיר שוין פארגעסן דעם פראצעס?

מיר זיינען געווען אליין אין קופע, און זיינען געווען אנטוישט. מיר האבן געוואלט שכנים. מיר וואלטן געפרואווט ארויסלייענען פון זייערע געזיכטער דעם איינדרוק פון דעם פראצעס, אויב זיי וואלטן נישט גערעדט וועגן אים. איך בין זיך דורכגעגאנגען איבערן וואגאן, ארייגעקוקט אין אנדערע קופעס, צוגעקוקט זיך צו עטלעכע פאסאזשירן, וואס זיינען געשטאנען אין דעם דורכגאנג, באטראכט דעם קאנדוקטאר און דעם וואגאן־באגלייטער. גארנישט צו דערקענען. אויב זיי טראכטן וועגן דעם פראצעס, זיינען זייערע געדאנקען געווים נישט קיין אויפרעגנדיקע.

סטאנציע מינסק! דא דארף אונז באגעגענען דער אינטור־יסט־מענטש. וועט ער קומען? וועט ער אונז נישט פארגעסן אין דער אויפרעגונג פון היינטיקן טאג?

ניין, ער איז דא. געקומען צו דער מינוט, צו דער רגע. געשעפטסמעסיק און פריינטלעך. און רואיק אזוי, ער און דער טרעגער און דער שאפער. ווי עס וואלט נישט געשען דאס, וואס האט אזוי אויפגערודערט א וועלט. אין האטעל דיזעלביקע רואיקייט, און אין רעסטאראן עסט מען, טרינקט מען, לאכט מען. אין איין ווינקל זיצט א יונג פארל און צערטלט זיך אין ליבשאפט. אין קיינעם מערקט זיך נישט קיין צורודערטקייט. אויף קיינעם נישט דער וואלקן פון שווערן געמיט און אויפשרייענדיקן גע־וויסן. נאר — מען שעפטשעט זיך. אלע ריידן אזוי שטיל. ווי קאנען זיי גאר הערן איינער דעם אנדערן? איז עס דא אזא מאניער אין די רעסטאראנען, אדער ריידן זיי זיך איצטער איבער וועגן דעם פראצעס און האבן מורא הויך צו ריידן?

איך האב גאר באלד אויסגעפונען, אז דער ראטנפארבאנד איז טאקע א לאנד פון שעפטשעניש, פון סודותדיקן געפליס־טער, אבער זייערע געשפרעכן וועגן דעם פראצעס האבן זיי

נעקאַנט פירן זייער הויך. זיי האָבן נישט געדאַרפט מורא האָבן. עס זיינען נישט געווען קיין צוויי מיינונגען. דער אַר־בעטער אין פאַבריק, דער פויער אין פעלד, דער מאַן אין גאַס — אַלע האָבן געהאַלטן דעם פּראָצעס אַלס אַ מוסטער אין ער־לעכקייט, דעם אורטייל פאַר גערעכט און ריכטיק. איין קול: פּטור געוואָרן פון פאַררעטער! איין פרייד: אונזער סטאַלין איז געראַטעוועט געוואָרן פון פאַרברעכער־האַנט! דער קלענסטער צווייפל נישט אין דער שולדיקייט פון די אָנגעקלאָגטע. קאַ־מעניעוו, זינאָוויעוו און זייערע מיטבאַשולדיקטע האָבן ערלעך פאַרדינט זייער שטראָף. די הינט אַ הינטישער טויט! עמיצער האָט עס אויסגעשריען, און אַלע האָבן עס איבערגעחזרט. דאַכט זיך, אַז די רוסישע צייטונגען האָבן אויפגעכאַפּט פון די מאַסן די אַלע שווערע זידלווערטער, מיט וועלכע זיי האָבן באַשאָטן די געטויטע.

וואָס קאַמעניעוו און זינאָוויעוו זיינען געווען דער רוסי־שער רעוואָלוציע איז שוין לאַנג פאַרגעסן געוואָרן. איצטער זיינען זיי געווען נידערטרעכטיקע, געמיינע פּחדנישע פאַר־ברעכער, וועלכע האָבן זיך ווי רעץ אונטערגעגראָבן אונטער דעם פאַרגעטערטן סטאַלין. אַ פּיריאָריק יינגעלע האָט געקושט סטאַלינס בילד און געזאָגט דערביי מיט טרערן: „די הינט האָבן געוואָלט טויטן אונזער פאָטער!״

ווען איך האָב דערציילט פון דעם אויפרודער אויף יענער זייט גרעניץ, האָט מען זיך געוואונדערט. ווי שלעכט די קאַ־פּיטאַליסטישע וועלט איז נאָך צום איינציקן סאָציאַליסטישן לאַנד! ווי ווייניק מען איז דאָרטן אינפאָרמירט! דאָס זיינען דאָך געווען פאַררעטער, וואָס האָבן געוואָלט אָראָפּשטופּן די רעוואָלוציע פון דעם גלייכן סטאַלינשן וועג, און מען איז פון זיי פּטור געוואָרן. איצטער וועט מען ווייטער קאָנען בויען אומגעשטערט...

דעם ערשטן פרימאָרגן אין לאַנד פון דער סאָציאַלער רע־וואָלוציע בין איך אויפגעוועקט געוואָרן דורך אַ געזאַנג פון שנעל פאַרבייפאָרנדיקע מענער. אַ הערלעכער אויפוועק געווען. אַזאַ דערפרישנדיקער ווי דער טוי פון פרימאָרגן, אַזאַ דער־

פרייענדיקער. ווער קאָנען דאָס זיין די זיננער? ארבעטער, וועלכע פאָרן צו דער ארבעט? רויטע ארמייער? אזויפיל מונ־טערקייט אין די שטימען, און מוט, און פרייליכקייט, און זעלבסטבאוואוסטזיין. דער געזאנג האָט זיך שנעל דערוויי־טערט, אויסגעוועפט זיך. דאָך נישט אויפגעהערט אין מיר. איז געשטאַנען לאנג אין מיינע אויערן, געוואָרן מיין ווייטערדיקער באגלייטער. א געזאנג פון מוט און פרייליכקייט, פון זעלבסט־באוואוסטזיין און דערגרייכונג. אן ארויסרוף צו דער וועלט, א זיכערקייט אין זיג.

# דער שווערער וועג.

„איז אַט זיינען מיר אין לאַנד פון דער סאָציאַלער רע־וואָלוציע, אין לאַנד פון סאָציאַליזם!"

אזוי התפעלותדיק ארויסגעשריען עס, ווי נאָר געקומען צו זיך פון שלאָף דעם ערשטן פרימאָרגן אין סאָוויעטן־לאַנד. דערפילט זיך אזוי יום־טובדיק, אזוי ווארעם, אזוי רייך באַשאָנקען.

וועלן מיר מערקן די נייע אָרדנונג גלייך דאָ אין האָטעל? וועט זי זיך אונז ווארפן אין די אויגן, ווען מיר וועלן ארוים אין גאַס?

גאַנץ נאַאיוו, געשטופּט פון פרייוודיקער נייגער, זיינען מיר צוגעגאַנגען צו די פענסטער פון אונזער האָטעלצימער אין מינסק און האָבן ארויסגעקוקט אין גאַס. מיר האָבן געוואוסט, אַז דאָס איז אומזין, און דאָך ארויסגעקוקט. דערוואַרט, אַז דער גאַנצער דרויסן וועט אויסזען עפּעס אַנדערש. די מענטשן, די הייזער, דער הימל אפילו.

דער הימל איז געווען געדיכט פּאַרוואָלקנט, די הייזער — ווייס געקאַלכטע, איין און צוויי און דריי שטאָקיקע מויערן — פּלעקיק, שמוציק, מיט אָפּגעפּאַלענער שטוקאַטורקע, אראָפּגעקומענע גבירים. די מענטשן אונטן אין גאַס — איינס מיט די פלעקן אויף די ווענט פון די הייזער.

וועלן מיר בעסער אראָפּ אין רעסטאָראַן.

ביים עק פון קאָרידאָר איז געזעסן אַן עלטערער מאַן — אַן עלנטע גרויע געשטאַלט אין אַ שווערן מאַנטל, כאָטש עס איז געווען זייער וואַרעם. ווען מיר זיינען פאַרבייגעגאַנגען, איז ער אויפגעשטאַנען און האָט זיך דרך ארצדיק פאַרבויגט. אין זיינע אויגן איז געלעגן אונטערטעניקייט, קנעכטישקייט. שיר שיר האָט ער מיך נישט אָנגערופן באַרין — דאָס וואָרט איז אים שטעקן געבליבן אין מויל. ער האָט זיך מיר פאָרגעשטעלט, מיט אַ בליק אויף מיין גיב־האַנט: ער איז דער אויפבאַוואַרער פון דעם שליסל צום בית הכסא...

איך האָב זיך פאַרוואונדערט. דאָס צימערל איז גאָר נישט אַזוי ריין, האָט געמאָגט זיין נישט פאַרשלאָסן.

אָ, ער מוז זיין פאַרשלאָסן צוליב די שיכורים!

שיכורים?!

יאָ. נאָכט אין נאָכט הוליאַנקעס אונטן אין רעסטאָראַן. מען שיכורט דאָרטן אויף וואָס די וועלט שטייט. קומען זיי אַרויף, באַברעכן, פאַרפּאַסקודיען, צרות מיט זיי. איז האַלט מען פאַרשלאָסן...

דער גרויסער עסזאַל פון דעם האָטעל־רעסטאָראַן מיט די גרויסע הענג־קאַנדעליאַברעס, מיט די שווערע פאַרפּוצונגען און פאַרצירונגען, איז זיכער אַ ירושה פון פאַר דער רעוואָלוציע. אַ טרעפּ פירט אַרויף צו אַ חדר מיוחד, אַן אָפּגעזונדערטן צימער פאַר געקליבענע געסט. די פּרייזן אויף די מעניו־צעטלען זיינען שרעק־אָנוואַרפער: 4 רובל, 6 רובל, 8 רובל...

מיר האָבן אַ שווערן ישוב הדעת: צי מעגן מיר געבן דעם קעלנער טרינק־געלט? די נייע אָרדנונג און — טרינק־געלט! איך שעם זיך צו געבן. איך טאָר גאָר אפשר נישט געבן. אָבער — ווי איז מען עס עפּעס אַ חזיר און מען גיט נישט קיין טיפּ?

אין דעם אינטוריסט־ביכל שטייט בפירוש, אַז די אָנגעשטעלטע פון דעם אינטוריסט בעטן נישט און דערוואַרטן נישט קיין טרינקגעלט. אָבער עס שטייט נישט, אַז מען טאָר נישט געבן. און עס שטייט נישט, אַז זיי נעמען נישט, ווען מען גיט.

אלס אינטוריסט צאָל איך מיט א קופּאָן פון דעם אינטור־דיסטביכל. אָבער איך האָב באשטעלט עפּעס, וואָס דער אינ־טוריסט איז מיר נישט מחויב צו געבן. דאָס איז שוין א באַ־זונדער חשבון. פאַר דעם מוז איך שוין באצאָלן מיט קעש. איך האָב געגעבן דעם קעלנער א גרעסערע מטבע, מער, וויפיל דער חשבון האָט באטראָגן. געגעבן אים אזוי, אז ער זאָל מערקן, אז איך דערוואַרט נישט קיין אויסגאָב. ער האָט צו־גענומען און געזאָגט א דאנק.

וועלן מיר בעסער אַרוים אין גאַס.

א רוישיקע געשעפטסגאַס. קראָמען איבער קראָמען פון ביידע זייטן. געשעפטן פון פאַרשיידענע סחורות אונטער דער פירמע פון טראַסט, וואָס די רעגירונג האָט אָרגאַניזירט. אַלע פול מיט קונים. אפילו די יואוועליר־געשעפטן. אין עסנווארג־קראָמען שטייט מען קאָפּ אויף קאָפּ.

אויף די נישט זייער ברייטע טראָטואַרן איז ענג. איצטער וועלן מיר זיך רייבן אָן דעם מענטש פון דער נייער אָרדנונג, אָן ארבעטער און רויטע ארמייער! די רויטע ארמייער דערקענען מיר אָן זייער אוניפאָרם, די ארבעטער אָן זייער ארבעטס־קליידונג: אָפּגעטראָגענע רעקלעך און הויזן, שווארצע העמדלעך, אויסגעטראָגענע שיך. וווהין דו קוקסט, זעסטו זיי. די גאַנצע גאַס איז באַדעקט פון ארבעטער. קיין איינציקן זע איך נישט, אין וועלכן איך וואָלט דערקענט מיין א מאָליקן יוסטן באַ־לעבעסל.

„ווייסט," האָט מיר מיין פרוי א זאָג געטאָן, „איך האָב נאָך קיין איין פריילעך פּנים נישט געזען."

גראָד האָב איך אַליין געטראַכט: פאַרוואָס זע איך נישט אויף די געזיכטער די פרייד מיט דער נייער אָרדנונג?

און איך האָב געהאַט נאָך א פראַגע: פאַרוואָס אזויפיל מענטשן אין די גאַסן? האָבן מיר דאָך געלייענט און געלייענט, אז עס זיינען נישטאָ קיין ליידיקגייער און ארבעטסלאָזע אין ראַטנפאַרבאַנד. עס פעלן אפילו אוים הענט.

אויף דעם מוז איך גלייך זוכן אַן ענטפער. ער וועט אפשר אויך זיין אַן ענטפער אויף דער ערשטער פראַגע. מיין אויג

איז געפאַלן אויף אַ מיטליעריקן ייד. זיין געזיכט, זיינע אויגן זיינען מיר פאַרגעקומען אַזוי באַקאַנט, אַזוי נאָנט. אויך ער האָט מיך אָנגעקוקט, ווי ער וואָלט זיך געוואונדערט, צו האָט ער מיך ווען געזען. ווי די מעשה איז, מיט דעם יידן דאַרף מען פאַרבינדן אַ געשפּרעך. אויספרעגן, אויספאָרשן, אויב ער וועט נאָר וועלן רעדן.

איך בין צוגעגאַנגען צום אים און האָב געפרעגט, ווי גייט מען צו אַ געוויסער גאַס. ער האָט נישט גלייך געענטפערט, באַקוקט מיך פון קאָפּ ביז די פיס, און ענדלעך געזאָגט: „איך וועל אייך צופירן אהין.״

בעסער ווי געוואונטשן! און איידער וואָס ווען בין איך אַרויסגעקומען מיט מיין געפרעג: פאַרוואָס אַזויפיל מענטשן אין די גאַסן אין אַ מיטן דאָנערשטיק?

דאָנערשטיק? ער האָט גאָרנישט געוווּסט, אַז היינט איז דאָנערשטיק. אין ראַטנפאַרבאַנד ווייסט מען נישט מער די טעג פון וואָך. מ׳ווייס נאָר די דאַטן, די חודש־טעג.

איך האָב נאָך אַ מאָל איבערגעחזרט מיין פראַגע און צו־געגעבן: „היינט איז דאָך נישט קיין יום טוב!״

נישט קיין יום טוב? ווער זאָגט, אַז נישט קיין יום טוב? טאַקע אַ יום טוב? אַ יום טוב פאַר די אַלע, וואָס געפינען זיך דאָ אין גאַס.

„עס איז נישטאָ אין סאָוויעטרוסלאַנד קיין זונטיק אָדער שבת. יעדער זעקסטער טאָג איז אַ רוטאָג. פאַראַן אַ כלל: דער זעקסטער, צוועלפטער, אַכטצנטער, פיראונצוואַנציקסטער און דרייסיקסטער פון יעדן חודש זיינען רו־טעג. און פאַראַן אַ פּרט: יעדע פאַבריק, אַ גרויסע אָדער אַ קליינע, יעדעס גע־שעפט, אַ גרויס אָדער אַ קליינס, יעדע קאָנטאָר און יעדע אינ־סטיטוציע קאָנען באַשטימען פאַר זיך אַליין זייער רו־טאָג, מאַכן פאַר זיך שבת, אויב עס פאַסט זיי נישט דער אַלגע־מיינער רוטאָג. אויף אַזאַ אופן איז יעדער טאָג אין וואָך אַ רוטאָג, אַ יום טוב פאַר גרויסע צאָלן באַשעפטיקטע. אָט איז היינט מיין רוטאָג. איך בין באַשעפטיקט אין אַ דרוקעריי,

וואָס האָט איינגעפּירט איר רוטאָג יעדן דריטן, ניינטן, פופצנטן, איינאונצוואַנציקסטן און זיבנאונצוואַנציקסטן..."

„אויב אַזוי, פאַרוואָס זעט מען נישט אויס יום־טובדיק?"

„איר מיינט מיך?"

„אייך און אַלע דאָ."

„מיין תירוץ וועט זיין אַ תירוץ פאַר אַלע דאָ. איך פאַרדין פירהונדערט רובל אַ חודש, און דאָס איז שוין אַן אָנ־שטענדיקער געהאַלט. אַ סך פון די, וואָס איר זעט דאָ, פאַרדי־נען פיל ווייניקער..."

די סומע פירהונדערט רובל אַ חודש האָט מיר דוקא אויס־געזען גרויס.

„איר זייט פון אויסלאַנד... פון אַמעריקע... ווי לאַנג זייט איר דאָ? אָבער איר האָט שוין מסתמא געהאַט צייט צו באַ־קענען זיך מיט אונזערע פּרייזן. מען קאָן זיך קוים זאַט אָנעסן. פון אַ בגד און אַ שוך שוין אָפּגערעדט. איר זעט מיין הילוך? מיין אָנצוג געדענקט נאָך די מלחמה... ווען מיין פרוי האָט אויך געאַרבעט, איז נאָך געווען צו דערליידן, האָט מען נאָך געקאָנט ווי עס איז אויסקומען. איצטער איז זי קראַנק, און צוויי קליינע קינדער, איז דערעסט מען טאַקע נישט. דירה־געלט איז צען פּראָצענט פון די שכירות, אָבער איך וועל זיך נישט דערלויבן איינצולאַדן אייך צו זיך אין דער דירה. דירה! אַ דערשטיקעניש!"

איז ווי אַזוי זיינען אַלע קראָמען פול מיט קויפער, אפילו די יואַוועליר־קראָמען? און ווי אַזוי קאָנען זיך מענטשן דער־לויבן צו עסן און אפילו פּראַווען הוליאַנקעס אין דעם רעס־טאָראַן פון דעם אינטוריסט־האָטעל?

„פאַראַן, וואָס פאַרדינען אַ סך. טויזנט רובל אַ חודש, און מער."

אָאָ! וואו קומט אַהין די נייע אָרדנונג? וואָס איז מיט דעם סאָציאַליסטישן פּרינציפּ: „יעדן נאָך זיינע באַדערפענישן"?

ער האָט מיך אָנגעקוקט.

„האָט איר ווירקלעך דערוואַרט, אַז דאָס זאָל שוין דאָ זיין?"

וואָס איז דער ערשטער שריט אין סאָציאַליזם אריין?

די אָפּשאַפונג פון פּריוואַטאייגנטום אויף אַלע פּראָדוקציע־מיטלען, די אָפּשאַפונג פון יעדער מעגלעכקייט, אַז איינער זאָל קאָנען לעבן אויף דעם אנדערנס חשבון, פון דעם אנדערנס שווייס און בלוט.

דאָס איז דורכגעפירט געוואָרן אין סאָוויעטרוסלאַנד אין פולסטן זין פון וואָרט. אַלע פּראָדוקציעמיטלען זיינען ארויס־גענומען געוואָרן פון פּריוואַטע הענט. אַלע הייזער, וואָס האָבן געגעבן אַ מעגלעכקייט צו לעבן פון דירה־געלט און גאָרנישט טאָן, זיינען אוועקגענומען געוואָרן פון פּריוואַטע הענט. די ערד, דאָס נאַטירלעכסטע פּראָדוקציעמיטל, איז אוועקגענומען גע־וואָרן פון פּריוואַטע הענט. אַלץ געהערט דעם כלל — דעם שטאַט, דער מלוכה, אַלץ איז סאָציאַליזירט געוואָרן. דער ער־שטער שריט אין סאָציאַליזם איז געמאַכט געוואָרן גוט און גרינטלעך. קאָן נישט זיין בעסער.

וואָס איז דער צווייטער שריט אין סאָציאַליזם אריין?

די אָרדנונג, וואו יעדער וועט מוזן געבן נאָך זיינע פעאיקייטן און קריגן לויט זיינע באדערפענישן.

זי צו דערגרייכן, דאַרף מען האָבן, אַז די פּראָדוקטיווע קרעפטן זאָלן אָנשטייגן און אַלע קוואַלן פון געזעלשאַפטלעכן רייכטום זאָלן פליסן אין זייער פולקייט — „אויב דאָס איז אייך באַקאַנט פון מאַרקסן."

דאָס איז אַ שווערער וועג און אַ לאַנגער וועג. דער עיקר נאָך אין אַזאַ אָפּגעשטאַנענעם לאַנד, ווי רוסלאַנד איז געוועזן. אָבער דער ראַטנפאַרבאַנד גייט אים מיט אַן אייזערנער ענער־גיע, מיט אַן עקשנותדיקן קאָנצענטרירטן ווילן, מיט פעסטע שריט. איין פּיאַטילעטקע, אַ צווייטע, און אַ דריטע, און אַ פערטע, וויפיל עס וועלן נאָר זיין נויטיק. די פּראָדוקטיווע קרעפטן וועלן אָנשטייגן, די קוואַלן פון דעם געזעלשאַפטלעכן רייכטום וועלן געבראַכט ווערן אין פולן פלוס.

אויף דעם דאָזיקן וועג וועלן זיך אים פאַרלויפיק נאָכ־שלעפּן איבערבלייבענישן פון דער אַלטער אָרדנונג, וועט זיין נויט און דחקות, וועלן די באדערפענישן פון גרויסע מאַסן

נישט באַפּרידיקט ווערן, און עס וועט זיין אַ גרויסער אָפּ־גרונט צווישן פיל־פאַרדינער און ווייניק־פאַרדינער. אָבער וואָס ווייטער אין וועג, אַלץ לייכטער וועט ער ווערן. די שלעכטע באַגלייטער וועלן ביסלעכווייז אָפּפאַלן, און ענדלעך וועט אָנ־קומען די צייט פון יעדן נאָך זיינע פעאיקייטן, יעדן נאָך זיינע באַדערפנישן"...

„און אגב אורחא: ווען איך וואָלט איצטער געקראָגן באַ־צאָלט מער, וויפל איך אַרבעט אויס, וואָלט עס נישט געהייסן, אַז איך לעב פון דעם שוויים און בלוט פון דעם וואָס אַרבעט אויס מער?"

זיין געזיכט האָט זיך פאַרוויטלט, די אויגן האָבן גע־לויכטן — אַ יום־טוב־מענטש.

גוט אַזוי, חבר!

# די באַוועגונגס־פרייהייט.

ויהי ערב ויהי בוקר — מיר זיינען שוין א נאכט און א פרימאָרגן אין סאָוויעטרוסלאנד. געוועזן שוין צוויימאָל אין דעם האָטעל־רעסטאָראַן, גערעדט מיט די קעלנער, מיט דער צימערמיידל, מיט די אינטוריסט־אָנגעשטעלטע. און אָט גייען מיר אַרום איבער די גאַסן פון מינסק. שפּעטער, נאָכמיטיק, וועט אונז דער אינטוריסט דורכפירן אויף אן אויטאָמאָביל איבער דער גאַנצער שטאָט, אין דער באַגלייטונג פון א פירעריז, וועלכע וועט אונז דערקלערן, וואָס מיר זעען, אָנווייזן, וואָס עס איז ווערט געזען צו ווערן.

מיר האָבן זיך דערמאָנט, וואָס מיר האָבן זיך אָנגעלייענט און אָנגעהערט אין אמעריקע און אין אנדערע לענדער וועגן די באַזוכן אין סאָוויעטרוסלאַנד. דער אויסלענדער איז דאָרטן אומפריי. מען היט אים אויף טריט און שריט. „שאָטנס" גייען אים נאָך. ער מוז זען נאָר דאָס, וואָס מ ע וויל, ער זאָל זען, און הערן נאָר דאָס, וואָס מ ע וויל, ער זאָל הערן. די פירער, וואָס פירן אים אַרום און באַגלייטן אים אויף זיינע וועגן, זיינען נאַטירלעך אַלע שפּיאָנען.

מיר האָבן זיך אַרומגעקוקט: גייען אונז נישט נאָך שפּיאָ־נען? אין מיין אַמאָל, ווען איך האָב געטאָן א ביסל אונטער־ערדישע אַרבעט אין צאַריסטישן רוסלאַנד, האָב איך געדענקט,

אז איך באַזיץ די קונסט צו דערקענען, צי איך ווער „באַ־שאַטנט". זי האָט מיר טאַקע אַ פּאָר מאָל גוט אַרויסגעהאָלפן. ווען זי מיר אפשר איצטער צוניץ קומען, אויב איך האָב זי שוין לאַנג נישט פאַרלאָרן.

ווען מיר זיינען אַרויס פון האָטעל, איז קיינער נישט געווען אין צימער פאַר דער אַרויסגאַנגסטיר. כאָטש נעם און צוטראָג דאָס גאַנצע צימער. אויב די אָנגעשטעלטע זיינען שפּיאָנען, זיינען זיי שלעכטע שפּיאָנען און דערביי אויך זייער שלעכטע אויפּפּאַסער און היטער.

דרויסן פאַר דער טיר זיינען מיר אויף אַ מאָמענט פאַר־האַלטן געוואָרן. אַ שטיוול־פּוצער האָט אָנגעבאָטן אויסצו־פּוצן מיר די שיך. זיי האָבן עס טאַקע נויטיק געדאַרפט נאָך די רעגנס אין ווילנע און באַראַנאָוויטש. נאָר מיר האָבן זיך געאיילט. געוואָלט וואָס שנעלער באַקאַנט ווערן מיט די גאַסן אין אַ סאָציאַליסטישער שטאָט. אָבער צי איז נישט דער שטיוולפּוצער איינער פון יענע „שאָטנס"?

ער האָט זיך נישט געלאָזן גיין נאָך אונז, איז געבליבן אויף זיין פּלאַץ פאַר דער טיר. פון הינטער אַ טוייער האָט זיך נישט אַרויסגערוקט קיין טונקעלע געשטאַלט און גע־לאָזן זיך גיין נאָך אונז. מיר זיינען פאַרלאָרן געוואָרן אין דער געדראַנג פון דער נישט זייער ברייטער גאַס, אין פולער זיכערקייט, אַז קיין אויג קוקט אונז נישט נאָך, און קיין שאָטן שלעפּט זיך נישט נאָך הינטער אונז.

ביי דער גאָסבאַנק, צו וועלכער מיר זיינען געגאַנגען אויס־צובייטן אַ טשעק, האָט מיך אָפּגעשטעלט אַ „שייגעצל" מיט אַ שטיוולפּוצער־קעסטל אויפן רוקן. אין דער געדיכטער ענג־שאַפט אויף דעם טראָטואַר האָט ער דאָך באַמערקט די נויט פון מיינע שיך. אָבער איך האָב אויך דערקענט זיין נויט. באָרוועס, אין אַ צוריסענעם העמד און צופליקטע הויזלעך, וועלכע האָבן זיך געהאַלטן אויף איין הויזנטרעגער. איך האָב זיך צוגעשטעלט צו דער וואַנט ביי דער באַנקטיר און געלאָזן אים באַשיינען מיינע שיך.

ער האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט, נישט

אויפגעהויבן די אויגן, נישט ארויסגערעדט קיין ווארט. אבער איך האב אים אויסגעפרעגט.

„ווי אלט ביזטו?"

„דרייצן."

„פארוואס ארבעטסטו?"

„דארף ארויסהעלפן דער מאמען."

„זי ארבעט דען נישט?"

„ארבעט. אבער זי פארדינט בלויז ניינציק רובל א חדש. און באלד וועלן געעפנט ווערן די שולן, און איך וועל דארפן אויף שולביכער."

„גיט מען דען נישט די שולביכער אומזיסט?"

„ניין. מען דארף פאר זיי באצאלן. ווען איך וועל זיי מער נישט דארפן, וועל איך זיי צוריק פארקויפן אין קניגמאג (אין בוכמאגאזין)."

„ווי וועט זיין מיט דער ארבעט, ווען די שולע וועט זיך אנהייבן?"

„וועל ארבעטן נאכמיטיק."

„וויפל פארדינסטו א טאג?"

„ווי א מאל."

ער האט אויפגעהויבן די אויגן, אנגעקוקט מיך, און צוגעגעבן:

„עס הענגט אויך אפ אין דעם בירגער, וועמעס שטיוול איך פוץ..."

איך האב פארשטאנען זיין וואונק. ווען איך האב אים באצאלט, האט ער ווארעם אפגעדאנקט און געלאזט זיך לויפן מיט שמחה.

ניין, דאס איז נישט געוועזן קיין אונטערגעשיקטער קליינער „שאטן".

אין דער באנק האב איך אויסגעביטן אן אמעריקען עקספרעס טשעק. איך האב אים אונטערגעשריבן, אוועקגעגעבן א באאמטן. ער האט אים איבערגעגעבן ווייטער און אט זע איך מיין טשעק מיט מיין אונטערשריפט אין די הענט פון א באאמטין, א יידישער פרוי. זי האט געהאלטן דעם טשעק און אויפמערקזאם געלייענט די אונטערשריפט, א ווארף געטאן

א זייטנבליק אויף מיר און צוריק אריינגעקוקט אין דעם טשעק. ווי, אויב זי האט איצטער געטראפן, אז דער נאמען אויף דעם טשעק האט עפעס א שייכות מיט דעם נאמען אויף דער זאמלונג פון דערציילונגען, וואו אין א פאררעדע ווער איך אנגעגעבן אלס „מיטגליד פון דער נאציאנאליסטישער קאנטר־רעוואלוציאנערער פארטיי פועלי־ציון", וועלכער זינקט אלץ טיפער אין דער זומפ פון דער קאנטררעוואלוציע?! אבער זי האט גאר אנגענעם אפגעשמייכלט, פריינטלעך א קוק געטאן אויף מיר און העפלעך געבעטן, איך זאל א ווייליקנעווארטן. ווען די ווייליקנע האט זיך א ביסל פארצויגן, האט זי זיך גענומען אונטערזוכן, וואס איז די סיבה, און ארויסגע־קראגן פאר מיר דאס געלט.

אומזיסט דערשראקן זיך... מען דארף נישט גלויבן אלץ, וואס די צייטונגען שרייבן און לייט דערציילן...

מיט דער צייט האב איך עס אויסגעפונען וועגן דעם אינטוריסט און זיין באהאנדלונג פון די געסט. — —

דער אינטוריסט האט אן אויסגעשטעלטע פראגראם פון אלץ, וואס קאן, נאך זיין מיינונג, אינטערעסירן א גאסט, וואס קומט אין א פרעמדער שטאט. אן ארומפאר איבער דער שטאט בכלל, א באזוך אין מוזייען, בילדערגאלערייעס, אלטע קלויס־טערס, נייע פאבריקן, קינדערהיימען, ארבעטערקלובן, געריכטן, ווי אויך קאלכאזן, סאוווכאזן ארום דער שטאט. די פראגראם אבער נעמט נישט אריין קיין באזוך אין פריוואטע וואוינונ־גען, נעמט זיך אויך נישט אונטער צו באווייזן דעם גאסט, וואס עס טוט זיך אין טאפ פון א רוסישן בירגער אדער אין זיין קאפ און הארץ.

פון דער געגעבענער פראגראם קלייבט זיך דער גאסט אויס, וואס ער וויל זען. ער קאן אבער אויך אינגאנצן אפזאגן זיך פון דער הילף פון דעם אינטוריסט. קיינער צווינגט אים נישט צו זען, וואס ער וויל נישט זען.

ווען ער וויל וויסן, ווי מען וואוינט אין ראטנפארבאנד,

זוי זעען עס אוים די דירות, קאָן ער אַליין געפינען דעם וועג אהין. קיינער שטערט אים נישט צו מאכן באַקאַנטשאַפטן, אויב ער האָט זיי נישט פון פריער; נישטאָ קיין פאַרבאָט אויף איינ־צולאדן אים צו זיך אהיים. ווען ער איז נייגעריק ארייננצוקוקן אין טאָפּ פון אַ רוסישן בירגער, איז עס ווידער זיין אייגענע געשיקטקייט. און ווען ער וויל אויסגעפינען, וואָס עס טוט זיך אין קאָפּ און האַרץ פון אַ רוסישן בירגער, וועט ער עס אויך קאָנען — נאָר נאַטירלעך הינטער פאַרמאַכטע טירן און אין שעפּטשעניש...

אויב דער גאַסט האָט זיך אויסגעקליבן ארומפאָר איבער דער שטאָט, באַזוך אין אַן אַלטן קלויסטער, אין אַ מוזיי אָדער אַ בילדערגאַלעריע, ווערט צו אים צוגעשטעלט אַ פירערין, אַ „גייד”, וועלכע קען יעדע גאַס אין דער שטאָט, יעדן ווינקל אין דעם קלויסטער, יעדע זעענסווירדיקייט אין דעם מוזיי און יעדעם בילד אין דער גאַלעריי. זי פירט אים אַרום און האַלט דערביי אַ לעקציע, וועלכע זי האָט אויסגעלערנט איינמאָל פאַר אַלעמאָל. ער קאָן זיכער זיין, אַז אַזוי האָט זי גערעדט נעכטן און אַזוי וועט זי רעדן מאָרגן. דיזעלביקע ווערטער, אין דעמזעלביקן טאָן. עס מאַכט איר נישט אויס, ווער איר גאַסט איז. זי האָט צו אים קיין שום באַציאונג נישט. קימערט זיך נישט צו וויסן, ווער ער איז. זי וועט ארומפירן איבער אַ בילדערגאַלעריע אַ באַרימטן קונסטקריטיקער און דערקלערן אים די בילדער מיט די אויסגעלערנטע ווערטער, וועלכע זיינען צוגעפּאַסט פאַר אַן אומוויסנדן.

מיין ארומפירערין איבער לענינגראַד האָט אָנגעהויבן איר לעקציע מיט דער גרינדונג פון דער שטאָט דורך פּעטער דעם גרויסן. איך האָב איר געזאָגט, אַז איך קען די געשיכטע, באַ־וויזן עס איר מיט דערזאָגן און אונטערזאָגן. אָבער זי איז אָנגעגאַנגען מיט אירס. ווען זי וואָלט עפּעס ארויסגעלאָזט, וואָלט זי געווען פאַרלאָרן.

מיין ארומפירערין איבער אַ באַרימטער בילדערגאַלעריע האָט דעם גאַנצן וועג צו דער גאַלעריע גערעדט צו מיר אין רו־סיש. ווען זי האָט געראַפט אָנהייבן איר „לעקציע”, האָט זי גע־

בעטן אום אַנטשולדיקונג: זי וועט בעסער ריידן אין ענגליש. זי האָט געמאָגט בעטן אום אַנטשולדיקונג, ווייל איר ענגלישע אויסשפּראַך איז געוועזן זייער שלעכט. אָבער זי וואָלט איר לעקציע נישט געקאָנט האַלטן אין איר גוטן רוסיש, ווייל זי האָט זי אויסגעלערנט אויף ענגליש און געקאָנט זי אַרויספּלאַפּלען ווי אַ פּאַפּוגאַי.

נאָר אין לענינגראַד האָב איך שוין געוואוסט די גאָט־די־נשמה־שולדיקייט פון די גיידס פון דעם אינטוריסט. אין מינסק אָבער, אין מיין ערשטן טאָג אין ראַטנפאַרבאַנד, האָב איך שטאַרק הישד געוועזן אונזער בלאָנדע אַרומפירערקע. זי איז געווים אַן אַגענט פון דער געפּעאו. איך האָב זיך אַריינגעזעצט אין דעם אויטאָמאָביל אויף אַרומצופאָרן איבער דער שטאָט מיט דער איבערצייגונג, אַז אָט וועט זיך אָנהייבן די נאַרעריי. מיר וועלן זען, וואָס מע וויל, מיר זאָלן זען, און הערן, וואָס מע וויל, מיר זאָלן הערן. אָבער נישקשה, טאָוואַרישטש, אונז וועסטו נישט נאַרן!

איך האָב שפּעטער אין געדאַנקען געבעטן ביי איר מחילה.

מינסק איז פאַר דער רעוואָלוציע געוועזן די הויפּטשטאָט פון אַ גובערניע מיט אַ באַפעלקערונג פון פופציקטויזנט. איצטער איז זי די הויפּטשטאָט פון דער בעלאָרוסישער סאָציאַליסטישער סאָוויעטנרעפּובליק מיט אַ באַפעלקערונג פון דריי הונדערט און פופציק טויזנט. האָט זיך די שטאָט אויסגעשפּרייט, איז אַ סך גרעסער געוואָרן, און אונזער אַרומפירערין האָט מיט שטאָלץ אָנגעוויזן אויף די נייע, שיינע הייזער, וואָס ווערן געבויט פאַר דעם נייעם האַר פון רוסלאַנד, דעם אַרבעטער. צום קאָנטראַסט האָט זי אונז דורכגעפירט דורך אַלטע קוואַרטאַלן, וואו אָרעמקייט האָט גענעסט. עס שטייט נאָך דער עלנט, נאָך נישט געוועזן די מעגלעכקייט אַרונטערצורייסן אים. אָבער עס וועט קומען אויף אים אַ טאָג. עס וועלן אַרונטערגעוואָרפן ווערן די אַלטע חושכדיקע אָרעמעלייט־היימען און נייע היימען וועלן דאָ אויפגעבויט ווערן, באַקוועמע, שיינע, פול לופט און ליכט.

פּראָפּאַגאַנדע. אָבער נישט קיין ליגן. זי האָט נישט גע־

ליקנט, די ארומפירערין. זי האט אמתדיק דערציילט, וואס עס איז געוועזן, און וואס מען וויל, עס זאל זיין. דער באווייז איז דאס, וואס ווערט שוין אויפגעבויט. זי האט גערעדט א פליסיק שיין רוסיש, און איר שטים האט געהאט אזעלכע הארציקע טענער.

„איז, הייסט עס, גוט אין ראטנפארבאנד,״ האב איך איר א זאג געטאן.

„גוט,״ האט זי פעסט געענטפערט. „און עס וועט ווערן בעסער און בעסער.״

„און ווי שטייט עס מיט דעמאקראטישע פרייהייטן?״

זי האט די פראגע נישט פארשטאנען. זי איז אויפגעוואקסן נאך דער רעוואלוציע. מיר האבן איר דערציילט פון די דעמאקראטישע פרייהייטן ביי אונז אין אמעריקע. זי האט אויפמערקזאם אויסגעהערט און לסוף א זאג געטאן:

„דאס איז נישט וויכטיק. מיר זיינען פריי. אבסאלוט פריי.״

האבן מיר נישט צופיל גערעדט? וועט זי נישט דערציילן, אז מיר האבן געפירט פראפאגאנדע פאר די פארבאטענע פרייהייטן? זיינען מיר שוין נישט קיין געשטעמפלטע מענטשן?

אומזיסט געווען אלע אזעלכע געדאנקען. זי האט עס מסתמא גענומען פאר זעלבסטפארשטענדלעך, אז א פרעמדער זאל זיך א ביסל אויסבארימען מיט די מעלות פון זיין לאנד.

איך האב זי אנגעטראפן נאך א מאל אין לענינגראד אין דעם טאג פון מיין אפפאר פון סאוויעט־רוסלאנד. זי האט מיך באגריסט ווי אן אלטן באקאנטן און הארציק א פרעג געטאן:

„נו, איז נישט גוט ביי אונז?״

# די עקאָנאָמישע אומגלייכקייט אין ראַטנ-פאַרבאַנד

פיר זיינען זיי געווען אין דעם צימער, אין וועלכן איך און מיין פרוי זיינען אריינגעקומען. איינער פון זיי איז געווען אין אַן אוניפאָרם, אַ צווייטער מיט עפּעס אַן אָפּצייכן אין לאַץ; די אַנדערע צוויי זיינען געווען פּשוטע בירגער פון דעם סאָציאַליסטישן לאַנד. זיי זיינען זיך צונויפגעקומען אָפּ־צונעמען ביי אונז אַ גרוס פון קרובים און באַקאַנטע.

מען האָט אונז פאָרזיכטיק אַריינגעלאָזן אין טיר, מיט אומרואיקע בליקן אויף די אַרומיקע טירן, און שטיל אונז באַגריסט. ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן דער געשפּרעך, איז איינער פון די פּשוטע צוגעגאַנגען צו דער טיר, אויפגעעפנט זי און אַרויסגעקוקט, צי שטייט נישט ווער הינטער איר און הערט זיך צו. דאָס געשפּרעך איז געפירט געוואָרן אין שטילן געפליסטער. פאַר זיי איז עס געווען לייכט. שטילער געפליס־טער איז געוואָרן געוואוינהייט. פאַר מיר איז עס געווען שווער. ווי איך פלעג זיך אַ מאָל פאַרגעסן און דערהעכערן מיין שטים, פלעגן זיי אַ וואָרף טאָן אַן אומרואיקן בליק אויף דער טיר און די ווענט. אַ פּאָר מאָל איז דער איינער אָדער דער צווייטער פון די פּשוטע אינמיטן געשפּרעך צוגעגאַנגען צו דער טיר, אויפגעעפנט און אַרויסגעקוקט. ווען איינמאָל איז אַריינגעקומען

די ארבעטערקע, ווי עס הייסט איצטער אין ראטנפארבאנד די אמאליקע דינסטמיידל, איז דער געשפרעך איבערגעריסן געוואָרן, און איינער האָט זיך געפונען א זאָג צו טאָן:

„דער רעגן האָט דאכט זיך שוין אויפגעהערט."

די געפאר איז געלעגן אין דעם, וואָס איך האָב גערעדט. איך האָב זיי דערציילט וועגן אמעריקע, וואו די סאָציאַלע רעוואָלוציע איז לײדער נאָך א ביסעלע ווייט, כאָטש זיי זײַנען געווען זיכער, אז זי שטייט שוין דאָרטן פאר דער טיר. און נאָך מער האָב איך זיי דערציילט וועגן ארץ ישראל, און דאָס איז אויך גאָר נישט קיין אָנגענעמע טעמע, ווען א פועלי ציוניסט רעדט אויף איר.

דאָס זײַנען געווען פיר זייער אינטעליגענטע מענטשן. אַלע פיר מיט אוניווערזיטעט־בילדונג, און דער אוניפאָרמירטער — א העברעער באאמטער מיט א נאָמען אין דער קאָמוניסטישער פארטיי. זיי זײַנען קיינמאָל קיין ציוניסטן נישט געווען און אויך נישט קיין בונדיסטן מיט א געשוואָרענער שנאה צום ציוניזם, איז זיי גאנץ ארץ ישראל געווען א פרעמדע זאך. זיי האָבן נישט געוואוסט, אז ארץ ישראל האָט איצט א יידישע באפעלקערונג פון איבער פיר הונדערט טויזנט, אז אין יאָר 1935 האָט ארץ ישראל ארײַנגענומען ארום פינף און זיבעציק טויזנט היימלאָזע יידן, אז זי איז געוואָרן א רעטונגסלאנד פאר צענטליקער טויזנטער יידן, וואָס זײַנען פלוצלונג ארויסגעשפּיט געוואָרן פון זייער דײַטשער היים. זיי האָבן די קלענסטע ידיעה נישט געהאט, אז אין ארץ ישראל איז איצטער פאראן אן אָרגאניזירטע יידישע ארבעטערשאפט מיט הונדערט טויזנט מיטגלידער. זיי האָבן קיין אנונג נישט געהאט פון די קאָמוניסטישע קבוצות און די ארבעטער־מושבים — פאָרלויפער פון די קאָלכאָזן און מוסטערן פאר זייער ווייטערדיקער אנטוויקלונג. זיי האָבן נאָר „געוואוסט", אז אין ארץ ישראל קומט איצטער פאָר אן אראבישע רעוואָלוציע מיט בלוטיקע פאָגראָמען, אלס רעזולטאט פון יידישער עקספּלואטאציע און אראבישער ארבעטלאָזיקייט. איינער האָט אפילו ציטירט א קאָרעספּאָנדענץ פון ב. נאָוויק אין „עמעס"

פון פאַר פיר־יאָרן, אין וועלכער עס איז אָנגעגעבן געוואָרן, אַז אין פּאַלעסטינע זיינען פאַראַן פון 80 ביז 90 פּראָצענט אַר־בעטלאָזע. וואָס עס איז ווייטער פאָרגעקומען אין פּאַלעסטינע ווייס ער נישט, ווייל ער האָט אויפגעהערט צו לייענען יידיש און דעם „עמעס", וועלכער איז פאַר אים שטענדיק געווען אַ פאַרזעעניש אָבער נישט קיין צייטונג.

מיר האָבן זיי דערציילט, אַז פאַר פיר־יאָרן זיינען מיר אָפּגעוועזן אין ארץ ישראל גאַנצע עלף וואָכן, כמעט אין דער־זעלביקער צייט, ווען דער קאָרעספּאָנדענט פון „עמעס" איז דאָרטן געוועזן, און מיר הערן ערשט צום ערשטן מאָל, אַז צו יענער צייט האָט דאָרטן געהערשט אַ שרעקלעכע ארבעט־לאָזיקייט. און מיר האָבן זיי דערציילט פון דעם וואונדערלעכן וואוקס, וועלכן דער ישוב האָט דורכגעמאַכט פאַר די לעצטע פיר יאָר.

זיי האָבן אונז אויסגעהערט מיט גרויסן אינטערעס, אָבער מיט זייער אומרואיקע בליקן אויף טיר און ווענט. ווען איי־נער פון די פּשוטע איז ווידער אַ מאָל צוגעגאַנגען צו דער טיר און אַרויסגעקוקט, האָב איך זיך דערלויבט די באַ־מערקונג:

„זעט איר, אין אַמעריקע דאַרפן מיר עס נישט."

איך האָב באַצוועקט אַרויפצוברענגען זיי מיט דעם אויף אַ געשפּרעך וועגן די צושטאַנדן אין ראַטנפאַרבאַנד, און דאָס איז מיר געלונגען.

דער, וואָס מיטן אָפּצייכן אין לאַץ, האָט ערנסט דער־ווידערט:

„און אין סאָוויעטרוסלאַנד דאַרפן מיר עס נאָך! דערפאַר אָבער האָט איר אין אַמעריקע שרעקלעכע ארבעטלאָזיקייט — וויפל מיליאָנען? צוועלף? זעכצן? — און מיר דאָ גאָרנישט. דאָ פעלן נאָך אויס הענט. דאָס, וואָס איר באַמערקט דאָ איצ־טער ביי אונז אין צימער, וועט פריער אָדער שפּעטער פאַר־שווינדן, אָבער אייער ארבעטלאָזיקייט וועט נישט אָפּלאָזן. ביי אונז איבערגאַנג, ביי אייך פּערמאַנענץ."

איך האָב זיי דערציילט דעם אומגייענדיקן וויץ וועגן

דעם אַרבעטלאָזן אין אַמעריקע, וועלכער אונטערשטיצט זיינע אַרבעטנדיקע קרובים אין סאָוויעטרוסלאַנד, וואָס וואָלטן פאַרהונגערט אָן זיין הילף.

זיי האָבן שוין דעם וויץ געהערט. ער איז געבאָרן געוואָרן אין סאָוויעטרוסלאַנד. אַ וויץ פון זעלבסטקריטיק.

„זעט איר, וואָס מיר דערלויבן זיך?" האָט געזאָגט דער אוניפאָרמירטער. „אָבער ווי לאַנג וועט אייער אַרבעטלאָזער קאָנען אונטערשטיצן פון זיינע אָפּשפּאָרונגען אונזערע ווייניק פאַרדינענדיקע? זיינע אָפּשפּאָרענישן וועלן פאַרשווינדן און ער וועט נאָך אַלץ זיין אָן אַרבעט, אָבער אונזערע ווייניק פאַרדינענדיקע וועלן שטענדיק האָבן אַרבעט, און זייער לאַגע וועט זיך פאַרבעסערן, ווייל אונזער יקרות וועט פאַלן. און זייט זיכער, אַז יעדע פאַרבעסערונג דאָ אין דעם לעבן פון די אַרבעטער וועט פאָרקומען אָן אַ שטרייק און אָן קאַמף, נאָר גאַנץ אויטאָמאַטיש. אַלץ גייט דאָ צו דעם איין פונקט: דאָס לעבן פון די אַרבעטער זאָל זיין וואָס בעסער און וואָס שענער."

עס איז מיר אַנגענעם געווען צו הערן זיי ריידן, צו זען דעם ערנסט און די פלאַם פון איבערצייגונג אין זייערע אויגן. האָב איך זיי ווייטער פּראָוואָצירט, כאָטש איך האָב מיט מיינע באַמערקונגען ריזיקירט צו באַרעכטיקן דעם בייזן נאָמען, וועלכן עס האָבן מיר געמאַכט די „וויסנשאַפטלעכע" פאָררעדעס צו ביידע זאַמלונגען פון מיינע דערציילונגען.

איך האָב זיי דערציילט וועגן אַ פרוי, וואָס פאַרדינט קוים נייינציק רובל אַ חודש, און וועגן איר דרייצניעריקן יינגעלע, וואָס דאַרף אַרומלויפן און פוצן שטיוול, אום איר אַרויסצוהעלפן. איז עס גוט אַזוי?

„דאָס איז נישט גוט," איז געוועזן דער ענטפער. „אָבער עפּעס פאַרדינען איז אַלץ בעסער ווי גאָרנישט פאַרדינען. מיט ברויט און פוטער איז זי שוין פאַרזאָרגט. און זי ווייס, אַז פאַר פינף־יאָרן איז געוועזן אַ סך ערגער, ווייל דאָס לאַנד האָט נישט געהאַט גענוג ברויט און גאָרנישט קיין פוטער. דעמאָלט האָט זי מיט אירע נייינציק רובל אַ חודש געמוזט הונגערן, איצטער הונגערט זי נישט, און זי ווייס, אַז מיט פינף

יאָר שפּעטער וועלן אירע נײַנציק רובל א חודש א סך מער קאָנען קויפן, ווײַל דאָס לאַנד וועט רײַכער ווערן מיט אַלערלײַ פּראָדוקטן, אויב מען וועט עס נאָר לאָזן אין פרידן. און זי ווייס, אַז אין פאַל פון קראַנקהייט האָט זי זיך צו ווענדן, און עס וועט איר גאָרנישט קאָסטן. און זי ווייס, אַז פאַר איר יינגל דאַרף זי זיך גאָרנישט זאָרגן. זײַן צוקונפט איז געזיכערט. ער וועט שוין זײַן א לייט."

אַלע האָבן זיי גערעדט. איינער האָט איבערגעשלאָגן דעם אַנדערן. איינער האָט אונטערגעזאָגט דעם אַנדערן, און עס איז געווען ענטוזיאַזם אין זייערע שטימען.

אָבער איך האָב ווייטער געפרעגט.

שאַפן זיך איצטער נישט אין ראַטנפאַרבאַנד די אַלטע קלאַסן און קלאַסנאונטערשיידונגען דורך דעם, וואָס איינער פאַרדינט זייער ווייניק און א צווייטער זייער א סך?

זיי האָבן זיך צולאַכט.

יאָ, עס זײַנען פאַראַן קלאַסן. ווי אין דער אײַזנבאַן. ערשטער, צווייטער, דריטער. ווייכע וואַגאָנען און האַרטע וואַגאָנען, מער גרויסקייט און ווייניקער גרויסקייט. אָבער דאָס הייסט נישט, אַז דער ווייכער וואַגאָן באַלעבאַטעוועט איבער דעם האַרטן. עס זײַנען טאַקע פאַראַן קלאַסן בנוגע באַקוועמ־לעכקייטן אין לעבן. דער, וואָס פאַרדינט מער, לעבט בעסער ווי דער, וואָס פאַרדינט ווייניקער. אָבער עס איז נישטאָ קיין קלאַסנהערשאַפט. די טויזנטער און טויזנטער בירגער, וואָס פאַרדינען א סך, קאָנען נישט ווערן קיין הערשנדיקער קלאַס, קיין אויסבויטערקלאַס. זיי קאָנען זייערע פאַרדינסטן פאַרלעבן, אָבער נישט פּראָדוקטיווייזירן. זיי קאָנען זיי נישט געברויכן אויף צו עקספּלאָאַטירן אַרבעטער און צו באַרייכערן זיך. זיי קאָנען אָבער האָבן א בעסערע דירה, בעסערע קליידונג, מער וואוילטיק. און דאָס — אַזוי לאַנג ווי זיי אַרבעטן. פאַרוואָס פאַרדינען זיי מער? ווײַל זיי פּראָדוצירן מער. מען באַצאָלט זיי נישט מער, ווײַל זיי זײַנען עפּעס יחסנים. זאָלן זיי אויפ־הערן אַרויסברענגען מער, וועלן זיי אויפהערן צו פאַרדינען מער. און זאָלן זיי פרייוויליק אויפהערן צו אַרבעטן, וועלן זיי

פארהונגערן. וואָס איז דען אַ סאָציאַליסטישע מלוכה? אַ מלוכה פון ארבעט. קיינעם פליען נישט קיין געבראָטענע טויבן אין מויל אריין.

אָבער דאַרף זיך נישט אַ סאָציאַליסטישע מלוכה פירן נאָך דעם פּרינציפּ, אַז קיינער זאָל נישט האָבן צופיל, ביז אַלע וועלן האָבן גענוג?

זיי האָבן אויפגעפלאַמט. אַלע האָבן געוואָלט ענטפערן. דאָס וואָרט אָבער האָט איבערגענומען דער אוניפאָרמירטער. ער האָט גערעדט געלאַסן, ווי אַ מענטש, וואָס איז געוויינט צו האַלטן אָרדנונג.

„ווי ווילט איר עס מאַכן?" האָט ער אָנגעהויבן. איך האָב געוואָלט עפּעס זאָגן, אָבער ער האָט אויפגעהויבן די האַנט, אָפּגעשטעלט מיך. „איך מיין נישט, אַז איר דאַרפט מיר ענטפערן אויף מיין פראַגע. איך וויל אייך נאָר זאָגן, ווי איר שטעלט זיך פאָר, ווי דאָס דאַרף געמאַכט ווערן. איר וואָלט איינגעפירט אַ מינימום שכירות, וואָס וואָלט אַלעמען געגעבן גענוג. איז עס נישט אַזוי? דאָס וואָלט אָבער געווען דער אונטערגאַנג פון סאָוויעטרוסלאַנד, וואו די אינדוסטריען ווערן ערשט געבאָרן, און די פּראָדוקציע פאַר 178 מיליאָנען מענטשן איז ערשט אין אָנהייב פון איר אנטוויקלונג. אַ מינימום־שכירות, וואָס זאָל אַלעמען געבן גענוג, וואָלט די שוואַכערע ארבעטער, וואָס זיינען דאָס רוב שוואַכערע ארבעטער, ווייל זיי פוילן זיך אונטער, נאָך שוואַכער געמאַכט, נאָך פוילער, און דאָס ביסל, וואָס זיי פּראָדוצירן, וואָלט נאָך ווייניקער געוואָרן. אָבער אויך די בעסערע ארבעטער וואָלטן פאַרלאָרן יעדן חשק צו גרעסערער אָנשטרענגונג. זיי וואָלטן מיד געוואָרן צו ארבעטן פאַר די פויליאַקעס. מיינט איר, וואָס האָט סטאַכאַנאָוו אויפגעטאָן? איר זייט דאָך מסתמא באַקאַנט מיט דער געשיכטע פון דעם קוילנגרעבער סטאַכאַנאָוו? ער האָט באַוויזן, וויפל מער אַן ארבעטער קאָן ארויסברענגען, ווען ער וויל נאָר. דאָס איז געווען אַן אויסגעצייכנטער ביישפּיל, וועלכן דער ראַטנפאַרבאַנד נוצט אויס צו וועקן אין אַלע ארבעטער דעם ווילן צו פּראָדוצירן מער. פאַר וועמעס וועגן וויל דער ראַטנפאַרבאַנד פּראָדוצירן

וואָס מער? נישט אום צו האַנדלען און רייך צו ווערן, נישט אָנצולעבן זיך אויף דעם אַרבעטערס שוויים און בלוט, נאָר אום צו האָבן וואָס מער פאַר דער באַפעלקערונג און צו קאָנען פאַרקויפן וואָס ביליקער. אייער מינימום־שכירות וואָלט אפשר נישט אָפּגעהאַלטן סטאַכאַנאָוון אַליין און נאָך אַזעלכע זייער באַוואוסטזיניקע אַרבעטער, וואָס ווילן זיך מקריב זיין אין נאָמען פון דעם סאָציאַליסטישן פאָטערלאַנד. אָבער די ווייט גרעסטע מאַיאָריטעט וואָלט געווים נישט געווען אַזוי אידע־אַליסטיש. ווי וואָלט דעמאָלט געווען מיט אונזער פּראָדוק־ציע? וואָס וואָלט באַדייט אַ מינימום־שכירות, וואָס זאָל אַלע־מען געבן גענוג, ווען עס וואָלט ווייניק פּראָדוצירט געוואָרן? דער יקרות וואָלט געשטיגן, און אַלע וואָלטן געלעבט שלעכט."

„ביי מיר קניפּט זיך עפּעס נישט סאָציאַליזם מיט עקאָנאָ־מישער אומגלייכקייט," האָב איך ווייטער געטענהט.

„איך ווייס נישט, וואָס אייער סאָציאַליזם איז," האָט דער אוניפאָרמירטער געענטפערט. „אונזער סאָציאַליזם זאָגט: יעדן נאָך זיינע לייסטונגען. מיר פאַרגינען דעם, וואָס אַרבעט מער אויס, זיין בעסער לעבן. ווען דאָס לאַנד וועט האָבן מער, וועלן אַלע האָבן מער, און אַלעמען וועט זיך בעסער לעבן. און ווען אַלע וועלן בעסער לעבן, וועלן זיין אַ סך, וואָס וועלן נאָך בעסער לעבן, ווייל זיי וועלן מער פאַרדינען."

און דערווייל זאָלן מיליאָנען אַרבעטער אויסקומען מיט ברויט און פּוטער?"

„מיט וואָס איז דאָס אַזוי שלעכט ביי אונזערע באַדינ־גונגען?"

איז נישט געווען מער וואָס צו טענהן.

# איז דער רוסישער סאציאליזם שטאאט-קאפיטאליזם?

דאס צימער איז געוועזן די גרויס פון א מער גרוימען פראנט-צימער אין א ניו-יארקער טענעמענטהויז. אבער דאס איז געוועזן א וואוינונג פון א מאן און א ווייב, צוויי דערוואקסענע קינדער און א הויז-ארבעטערקע, דער דאזיקער, וואס איז אמאל באצייכנט געווארן מיט דעם נאמען דינסט. א גרויסער קליידערשראנק אינמיטן צימער, א ברייטער נידעריקער דיוואן צווישן שראנק און וואנט, און א פארהענגניש, וואס האט זיך געצויגן פון הינטער שראנק און דיוואן ביז צו דער וואנט, האבן צוטיילט דאס צימער אויף צוויי. דער פאדערשטער טייל מיט די ביידע פענסטער צו דער גאס איז געוועזן פאר די עלטערן, דער הינטערשטער טייל פאר די קינדער. ביי דער וואנט צווישן די ביידע פענסטער איז געשטאנען א טיש, פון דריי זייטן ארומגעשטעלט מיט שטולן. ביי דעם שטיקל וואנט צווישן דעם דיוואן און א פענסטער האבן זיך צוגעמאשטשעט פאליצעס מיט ביכער. ביי דער אנטקעגנדיקער וואנט לעבן דעם צווייטן פענסטער האט זיך ארייגעקלעמט אין דחקות א שרייבטישל, און נידעריקער אראפ, א ביסל אפגערוקט פון דעם שרייבטישל א קליינע, שמאלע, שטארק אפגענוצטע פלושענע סאפקע. צווישן דער סאפקע און דעם קליידערשראנק א שמא-לער דורכגאנג פון דעם פאדערשטן טייל צו דער טיר און דער

קינדער־אַפּטיילונג, וועלכע איז נאַטירלעך געווען טונקל. דאָס ביסל ליכט, וואָס האָט דורכגעשטראָמט פון די פענסטער דורך דעם שמאָלן דורכגאַנג, האָט באַהעלט נאָר דעם פּלאַץ פאַר דער טיר און אַ ווייס לײַלעך, וואָס האָט פאַרהאַנגען אַ בעט ביי דער וואַנט לעבן דער טיר — דער שלאָפּפּלאַץ פון דער ארבע־טערקע.

נישט איך און נישט מיין פרוי האָבן קיין וואָרט נישט ארויסגעבראַכט וועגן אַזאַ מין וואוינונג, אָבער מיר האָבן מסתמא נישט גוט באַהאַלטן דעם איינדרוק, וואָס זי האָט אויף אונז געמאַכט. ווי אין ענטפער אויף אונזערע געדאַנקען האָט דער באַלעבאָס פון דער דירה אַ זאָג געטאָן מיט אַ שמייכל:

„אויך די סאָפּקע שטייט אָפט נישט ליידיק.”

זי וואַנט איבער דער סאָפּקע איז געווען פאַרהאַנגען מיט אַ גרויסן אָפּגעריבענעם, אויסגעטראָטענעם טעפּיך. מיין פאַרוואונדערונגסבליק איז אויפגעכאַפּט געוואָרן פון דעם באַ־לעבאָס. ער האָט זיך צולאַכט:

„דעם דאָ הענגט נישט צוליב שיינקייט. ער האָט אַן אנדער אויפגאַבע.”

„וואָס אַזוינס?”

„ער פאַרדעקט אַ טיר.”

„איז ער דאָך צוליב שיינקייט.”

„ניין. אַ טיר האָט בעסערע אויערן ווי אַ וואַנט און האָט אַ שליסללאָך.”

„און איר זייט איינער, וואָס דאַרף מורא האָבן פאַר זיי־נע שכנים?”

„ניין, מאַכט זיך נישט קיין שלעכטע געדאַנקען. איך זייט ביי אַ הונדערטפּראָצענטיקן. אָבער עס איז אומאַנגענעם צו וויסן, אַז הינטער דער טיר איז עמיצער נייגעריק אויסצו־געפינען, וואָס איך טו, און באַפרידיקט זיין נייגער דורכן שליסללאָך — דאָס שטערט מיר אפילו צו קושן מיין אייגע־נע ווייב. און עס איז אומאַנגענעם צו וויסן, אַז הינטער דער טיר הערט זיך עמיצער צו, וואָס איך רייד — דאָס שטערט מיר אפילו ביי די כשרסטע ווערטער. עס קומט מיר עפּעס

אוים, אז איך רעד אזוי און נישט אנדערש, ווייל עמיצער הערט זיך צו. אָבער ווען דער עמיצער קאָן מיך נישט הערן, ווייס איך, אז איך רעד אָן פניות.״

„איז די נייגער צו צוהערן זיך נאָר ביי אייערע שכנים?״

„וואָס ווילט איר מיך מאכן צו רעדן שלעכטס,״ האָט ער געזאָגט מיט א שמייכל.

„פאַרקערט, עס וואָלט מיך געפרייט צו הערן, אז נאָר אייערע שכנים האָבן די דאָזיקע טבע.״

„לײדער װעל איך עס אייך נישט קאָנען זאָגן. איר האָט אונטן נאָכגעפרעגט, וואו איך וואוין, קאָן איך אייך פארזיכערן, אז אין אַלע דירות וויים מען שוין, אז איך האָב ביי זיך א גאסט פון אויסלאַנד, און אַלע ווילן טרעפן, וואָס אייער באַזוך באַדייט. וואָס וואָלטן זיי געגעבן, זיי זאָלן קאָנען הערן, וואָס מיר רעדן!״

„איר זייט א מיטגליד פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי?״

„ניין, נישט. אָבער אויך פאַרטיי־מיטגלידער באַהאַנדלען אייניגע די אַנדערע נאָך דעם כלל פון „כבדהו וחשדהו״ — האַלט ערלעך דיין שכן דעם פאַרטיי־מיטגליד, אָבער האָב אויף אים אַן אויג און לייג צו אַן אויער. איז אָט דער אַלטער טעפיך א גוטע סגולה, אין מיר קאָנען רעדן פריי, דער עיקר נאָך, ווען מיר ווען רעדן שטיל.״

„עפּעס — אָסטראָג־לעבן,״ האָט מיין פרוי ארויסגעזיפצט.

ער האָט זיך צולאַכט.

„נישט שרעקלעך, נאָר א פּאַראיבערגייענדיקע אומאַנגענעמלעכקייט.״

דאָס איז געווען א מיטליעריקער מענטש, הויך און דאַר, מיט אַן איינגעצויגענעם ענערגישן גלאַט־ראַזירטן פּנים. און כאָטש ער איז נישט געווען אין אַן אוניפאָרם, האָט ער געמאכט דעם איינדרוק פון איינעם אין דער ארמיי. מיר האָבן אים געבראַכט א גרוס פון זיינעם א ברודער אין פּוילן און

אויסגענוצט די געלעגנהייט פאנאנדערצופרעגן אים וועגן דעם ראטנפארבאנד.

ער איז אויפגעשטאנען, צוגעגאנגען צו דער ארויסגאנג־מיר, צוגעהערט זיך, אומגעקערט זיך, פארריגלט און פעסט ארויסגערעדט:

„מיר וועלן זיך באפרייען פון דעם, ווי מיר וועלן זיך באפרייען פון אט אזעלכע מיני דירות און נאך פא־שיידענע אומאנגענעמלעכקייטן. איז וואס־זשע ווילט איר פון מיר הערן? ווי לאנג, האט איר געזאגט, זייט איר דא? נישט לאנג אנגעקומען... איז הערט־זשע!"

ער האט זיך אוועקגעשטעלט פאר אונז און גענומען רעדן, ווי ער וואלט געהאלטן א לעקציע.

„די סאציאלע רעוואלוציע אין ראטנפארבאנד איז א גע־שעענער פאקט. דער סאציאליזם ווערט דא ווירקלעכקייט. די אפשאפונג פון פריוואט־אייגנטום אויף די מיטלען פון פראָ־דוקציע איז דורכגעפירט געווארן גאנצע הונדערט פראָצענט. עס האט זיך געדוכט, אז די סאציאליזירונג פון דער ערד איז אן אוממעגלעכקייט. מען וועט דא האבן צו טאן מיט אכציק פראצענט פון דער באפעלקערונג, מיט די פויערים, אין יועלכע עס איז פון דורות און דורות טיף איינגעווארצלט אן אנימא־לישע ליבע צו זייערע אייגענע נחלות. און זעט, וואס עס איז דערגרייכט געווארן אין עטלעכע יאר בלויז. דער פויער איז אזוי איינגעלעבט און איינגעליבט אין דעם קאלעקטיוו — איינגעליבט זאג איך אייך, — אז ער וויל שוין מער נישט טראכטן פון זיין אמאל. עס האט לחלוטין אויפגעהערט יע־דע פארם פון עקספלאאטאציע פון די ארבעטער..."

„נאר די מלוכה אליין..."

ער האט מיך נישט געלאזן ענדיקן.

„אומזין!" האט ער כעסדיק אויפגעשריען, אבער גלייך פארכאפט זיך און א קוק געטאן אויף דער פארהאנגענער טיר. ער האט א ווייל געשוויגן, אפגעכאפט דעם אטעם, בארואיקט זיך און ווידער אנגעהויבן אין נידעריקן קול:

„מיר לייענען דאָ נישט אייערע, דאָס הייסט אויסלענדי־שע, צייטונגען און זשורנאַלן און ביכער. מיר קריגן זיי נישט, זיי זיינען נישט דערלויבט, און מיר לייענען זיי נישט...״

עס האָט זיך געבעטן איבערצורייסן אים דאָ מיט אַ קרעכץ, אָבער איך האָב אים נישט איבערגעריסן, און ער האָט פאָרטגעזעצט:

„אָבער מיר ווייסן אַן ערך, וואָס מען רעדט און מען שרייבט ביי אייך וועגן אונז. אונזערע צייטונגען ציטירן אָפט מיינונגען און אָפּשאַצונגען. ווייסן מיר, אַז אייערע חכמים און נבונים שרייבן דאָרטן, אַז דאָס, וואָס קומט פאָר אין ראַטנפאַרבאַנד, איז שטאַט־קאַפּיטאַליזם און דער אַרבעטער ווערט ווידער עקספּלאָאַטירט, און סוף כל סוף מוז דעם אַר־בעטער זיין אַלץ איינס ווער עס עקספּלאָאַטירט אים, צי אַ באַלעבאָס צי דער שטאַט. דאָס האָט איר איצטער געוואָלט איבערחזרן, און דאָס איז אומזין. איך וועל זיך איצטער נישט אריינלאָזן אין שטאַט־קאַפּיטאַליזם, אין זיינע צילן און צוועקן. איינס איז זיכער, ווען אַ קאַפּיטאַליסטישע מלוכה האָט אי־בערגענומען די אייזנבאַנען אָדער פּאָטשט און טעלעגראַף, האָט זי עס נישט געטאָן, אום צו דערגרייכן אַ בעסער לעבן פאַר די אַרבעטער אין די דאָזיקע פאַכן. אונזער מלוכה אָבער האָט גאָר קיין אַנדער ציל נישט. זי פאַרוואַלט דאָס גאַנצע לאַנד פאַר די אינטערעסן פון די אַרבעטער. און ווער זיינען דאָס די פאַרוואַלטער? די אַרבעטער אַליין. ווי אַזוי קאָן מען גאָר אַרויסרעדן, דער אַרבעטער אין סאָוויעטרוסלאַנד ווערט עקס־פּלאָאַטירט! אונזער אַרבעטער ווייס, אַז ער איז דאָ באַלע־באָס. איך בין קיינמאָל נישט געווען קיין געשעפטסמענטש, אָבער איך שטעל מיר פאָר: ווי וואָלט אַוועק אַ געשעפט, ווען דער קרעמער וואָלט גלייך פון אָנהייב אַוועקגעשטעלט זיך אַ געהאַלט, נישט לויט וויפל דאָס געשעפט טראָגט, נאָר לויט וויפל ער דאַרף פאַרלעבן. דאָס וואָלט געווען אַן אָנזעץ גלייך פון אָנהייב. נאָר וואָס דען, ער וועט זיך נעמען געהאַלט לויט דעם גאַנג פון זיין געשעפט. וועט איר זאָגן, אַז ער עקספּלאָ־אַטירט זיך אַליין, ווען ער שטעלט זיך אַ געהאַלט, געגנוג קוים

א לעבן צו מאכן? דאָס איז די לאַגע פון די ארבעטער אין ראטנפארבאנד, וואָס זיינען גלייכצייטיק אויך די באַלעבאַטים. האָט איר שוין דאָ באזוכט א פאבריק? איר מוזט זי באזוכן. איר וועט דאָרטן אויסגעפינען, וואָס ארבעטער רעדן. אָט נעמט די היינטיקע נומער „פראוודא" — ער האָט פאַנאנדערגענומען די נומער „פראוודא", וועלכע איז געלעגן אויפן טיש — „זעט, ווי ארבעטער מאכן אויפמערקזאם אויף דעם גאנג און געשעפט פון זייערע פאבריקן. אָט האָט איר איין בריוו, א צווייטן, א דריטן, א פערטן — די גאנצע זייט איז פול מיט אזעלכע בריוו, און די אנדער זייט אויך. אזוי טוען ארבעטער, וואָס ווייסן, אז זיי זיינען באַלעבאַטים. איר וועט דאָ אויסגעפינען, אז די דירעקטאָרן און פירער פון די פאבריקן ווערן טאַקע נישט באַשטימט פון די ארבעטער אליין, אָבער די ארבעטער זיינען שטענדיק ביכולת אַראָפּצוזעצן זיי, אויב זיי פירן נישט גוט די פאבריק. פּריִאווּט אדרבא א זאָג טאָן אונזערע ארבעטער, אז זיי ווערן עקספּלאָאַטירט, וועלן זיי קודם כל נישט פארשטיין, וואָס איר מיינט. און אז זיי וועלן אייך פארשטיין, וועלן זיי אייך גלייך דערקלערן פאר א קאָנטררעוואָלוציאָנער און וועלן אייך באהאנדלען, ווי א קאָנטררעוואָלוציאָנער דאַרף באהאנדלט ווערן. קיינער וועט זיי נישט דארפן זאָגן, וואָס זיי זאָלן טאָן. זיי וועלן אליין וויסן."

ער האָט זיך צולאַכט, מיט די אויגן אָנגעשטעלט אין דער ווייט, ווי ער וואָלט געזען פאר זיך א בילד, ווי ארבעטער האָבן באהאנדלט איינעם, וועמען זיי האָבן דערקלערט פאר א קאָנטררעוואָלוציאָנער. א כאַפּ געטאָן זיך און פאָרטגעזעצט:

„איר זייט נאָר געציילטע טעג דאָ אין לאַנד, אָבער איר וועט שוין אויסגעפינען, אז איך זאָג אייך דעם אמת. מעגלעך, אז איר וועט זיך אָנשלאָגן אויף אומצופרידענע, וואָס באַקלאָגן זיך, אז זיי איז שווער אויסצוקומען מיט דער שכירות, וואָס זיי באַקומען, און די דירה איז שלעכט, און נישטאָ וואָס אָנצוטאָן. איך וואָלט זיך אויך געקאָנט באַקלאָגן. אזוי קאָן זיך אויך באַקלאָגן דער קרעמער, וואָס קאָן

נישט אויסקומען מיט דעם געהאַלט. וואָס ער גיט זיך אַליין, ביז זיין געשעפט וועט טראָגן אויף מער. נישט אַזוי? אָבער איר וועט דאָ פון אונז נישט הערן, אַז מיר ווערן עקספּלאָ־אַטירט, אַז די מלוכה באַצאָלט אונז שלעכט, ווייל אַזוי וויל זי! באַגרייפט דאָ איין זאַך: די אַרבעטער און די מלוכה זיינען איינס. די אַרבעטער זיינען די מלוכה. מוזן זיי אַריינ־נעמען אין די הוצאות פון דער מלוכה, דאָס הייסט אין זייערע אייגענע הוצאות, די אויסהאַלטונג פון אַ גרויסער אַרמיי אין די צוגרייטעניש צו אַ מלחמה, וועלכע שטייט פאַר דער טיר, און היינט ־ מאָרגן קאָן זי אויסברעכן. דאָס איז אַרויסגע־וואָרפן געלט, אומזיסטע און אומנישטע הוצאות. די מלוכה פון אַרבעטער און פּויערים וויל לעבן בשלום מיט אַלעמען. זי טראַכט נישט פון דעראָבערונגען, זי האָסט פאַרכאַפּונגען און האַלט מלחמה פאַר דער גרעסטער פּורעניות. אָבער אַנדערע ווילן יאָ מלחמה. מיר האָבן אַ גוטן שכן — היטלער, ימח שמו! מוזן מיר מאַכן די אומזיסטע און אומנישטע הוצאות און פאַרקלענערן ביי זיך אַליין דעם ביסן. איר פאַרשטייט? דאָס מוז געטאָן ווערן. פאַרקלענערן זיך דעם ביסן אָדער — פאַרגרעסערן די פּראָדוקציע. איז זעט, וואָס אונזערע אַרבע־טער אַליין האָבן אויפגעטאָן!"

ער האָט אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם, גוט פאַרצויגן זיך מיט דעם פּאַפּיראָס און טריאומפיש פאָרטגעזעצט:

„וואָס איז די סטאַכאַנאָווישע באַוועגונג? זי איז נישט באַפוילן געוואָרן פון אויבן, סטאַלין האָט זי נישט אויס־געטראַכט. זי איז געקומען פון די אַרבעטער אַליין. אַ באַווע־גונג אויף צו פּראָדוצירן וואָס מערער, כדי עס זאָל סטייען אויף אַלע הוצאות, אויך אויף די איבעריקע, די נישט גע־וואָלטע און גאַנץ אומנויטיקע, און דאָס לעבן זאָל דאָך ווערן גרויסער און אָנגענעמער. אַזוי טוען נאָר גוטע באַלעבאַטים. און אונזערע אַרבעטער זיינען די בעסטע באַלעבאַטים. רעדט דאָ נישט פון שטאַט־קאַפּיטאַליזם און עקספּלאָאַטאַציע. עס איז אומזין. עס איז אַ פאַרברעכן! די ערגסטע קאָנטררעוואָ־לוציע!"

## די פאָלקסבילדונג אין סאָוויעטרוסלאַנד

א פשוטער בירגער פון די פאראייניקטע סאָוויעטישע סאָציאליסטישע רעפובליקן האָט מיר און מיין פרוי געגעבן א פשוטע עצה:

„אויב איר ווילט אויסגעפינען, וואָס עס איז דאָ אויפגעטאָן געוואָרן, ווענדט זיך נישט צו גדולים מיט אויספרעגענישן. איר וועט דאָך סיי ווי נישט אלץ גלויבן. קיין שלעכטס וועלן זיי אייך מסתמא נישט דערציילן, און דאָס איבעריקע וועט איר טיילווייז אָננעמען פאר בארימעריי און ליגן און פראָפאַגאַנדע. אלע אָפיציעלע ענטפערס זיינען ארויסגעוואָרפן, ווען מען וויל נישט גלויבן. איר ווענדט זיך בעסער צו דער מאַסע, צו מענטשן פון פאָלק, צו דעם, וואָס איז מסיח לפי תומו, וועלכער ענטפערט אייך, ווי איר אליין מוזט איינזען, אָן פניות, אָן אויבערהמצאות און הינטערגעדאנקען. אים וועט איר מוזן גלויבן.”

מיר האָבן אים געדאנקט פאר דער עצה, וועלכע מיר האָבן נישט געדארפט, ווייל אזוי האָבן מיר זיך נוהג געווען פון דער ערשטער מינוט אין ראטנפארבאנד. א וואָרט פון א צימערמיידל אין האָטעל איז אונז מער ווערט געווען, ווי א לאנגע באלערונג פון א רעדאַקטאָר פון א צייטונג. אָט די טאַקטיק אונזערע האָט אונז אויך געבראכט צום דאָזיקן פשוטן בירגער, א פארקויפער אין א קניגמאַג, א בוכהאנדלונג, אין מינסק.

„זייט איר א גדול?" האָב איך אים א פרעג געטאָן.

„מיין געהאַלט איז אונטער פירהונדערט רובל א חודש, איך שטיי דאָ אויף די פיס גאַנצע זיבן שעה א טאָג, און קוקט זיך אין מיר איין און זאָגט אַליין, צי בין איך א גדול אָדער נישט."

מיר האָבן זיך אין אים איינגעקוקט. א דאַר איינגעצויגן געל געזיכט, איינגעפאַלענע אויגן, אן אָפּגעטראָגן רעקל איבער א רוסישן העמדל, וואָס איז געווען אָפּן ביים קראַגן—הויזן און שיך האָבן מיר נישט געקאָנט זען, ווייל ער איז געשטאַנען אויף דער אַנדער זייט פון דעם פאַרקויפטיש.

נאָך א ווײַלע באַטראַכטן אים, ווערליק ער האָט פאַרפּאַקט א פּעקל מיט ביכער, האָב איך אים געזאָגט:

„מיר האָבן דאָ נאָך נישט געזען קיין גדול און ווייסן נישט, ווי א גדול זעט ביי אייך אויס. ווילט איר זאָגן, אז א גדול קריגט א סך א העכערן געהאַלט, שטייט נישט אויף די פיס אין א געשעפט גאַנצע זיבן שעה א טאָג און האָט נישט קיין איינגעפאַלענע אויגן?"

„חס ושלום!" האָט ער פּראָטעסטירט. „דאָס האָב איך נישט געמיינט. דאָס וואָלט געווען לשון הרע און רכילות. איך האָב אייך געדאַרפט גלייך זאָגן, אז אויף מיין לשון הייסן גדולים די קאָמפּאַרטייער, די, וועלכע זיינען די אויבערשטע פון שטויסל, די פירער און אויפזעער איבערן לאַנד."

„איר מיינט עס איראָניש?"

ער האָט אויפגעצאַפּלט.

„מיט אזעלכע פראַגן קאָנט איר מיך ארויפברענגען אויפן פייער. איך מיין עס ערנסט. זיי זיינען עס."

„ווי אזוי האָבן מיר אין אייך געקאָנט דערקענען, אז איר זייט נישט קיין מיטגליד פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי?"

„מיין טעות. כ'האָב פאַרגעסן, אז איר זייט פרישינקע זעסט ביי אונז אין לאַנד. איר וועט אָפּזיין א ביסל לענגער, פאַרקערן מער מיט פּשוטע בירגער און קאָמפּאַרטייער, וועט איר באַפּן דעם שניט און אָנהייבן צו דערקענען. „אָבער," האָט

ער זיך געווענדט צו מיר, „פאַרוואָס האָט איר געפרעגט, צי בין איך אַ גדול?"

„ווייל אויב איר זייט נישט קיין גדול נאָר אַ פשוטער בירגער, וועט איר מיר ענטפערן אָן איבערהמצאות אויף דאָס, וואָס איך וויל אייך פרעגן."

„אָבער איר זעט, אַז איך בין איצטער פאַרנומען."

פאַרן פאַרקויפטיש זיינען געשטאַנען עטלעכע יינגלעך און מיידלעך, קויפער פון שולביכער צום אָנהייב פון דעם ווינטער־זמן. ער איז געווען גערעכט, אָבער זיין באַרופן זיך אויף פאַרנומענקייט האָט געקאָנט אויך זיין עפּעס אַנדערש.

„איז עס ביי אייך אַן אויסוווייך?"

מיין פרוי האָט פּראָטעסטירט קעגן מיין צודרינגלעכ־קייט. אָבער ער אַליין האָט שוין חרטה געקריגן אויף זיין פריערדיקן ענטפער.

ער האָט אָפּגעפּטרט אַ קליינטשיקן קונה און געווענדט זיך צו מיר:

„איך האָב עס אייך נישט געדאַרפט זאָגן. איך בין טאַקע פאַרנומען, דאָס קאָנט איר זען אַליין, אָבער איך וויל, איר זאָלט דאָ נאָך שטיין, פאַרווײלן אַ ביסל מער. וואָרום ווען וועל איך אייך זען נאָך אַ מאָל? איז איר פרעגט, און איך וועל שוין רעדן אַ וואָרט מיט אייך און אַ וואָרט מיט מיינע קונימלעך... איז וואָס האָט איר געוואָלט פרעגן?"

איך האָב אָבער איבערגעוואַרט, ביז ער איז אַ ביסל פרייער געוואָרן.

„נו, פרעגט אויף גיך," האָט ער האַרציק אַ זאָג געטאָן.

„איך וועל פרעגן אויף גיך, אָבער איר זאָלט מאַריך זיין," האָב איך זיך אויסבאַדונגען. „איז הערט אַלץ, וואָס די רעגירונג אין ראַטנפאַרבאַנד טוט, זאָגט מען, טוט זי נאָר אין די אינטערעסן פון די גרויסע מאַסן אַרבעטער און פויערים..."

„און איר צווייפלט אין דעם?"

„דערציילט מיר נאָר, וואָס האָט זי אַזוינס אויפגעטאָן?"

„אייך דערציילן? אייך דאַרף מען נישט דערציילן. איה דאַרפט אַליין זען."

„זאָגט מיר, וואָס זאָל איך זען."

„אויף שריט און טריט."

„דאָך?"

„שוין אויפן וואָקזאַל, ווי איר קומט אריין, קאָנט איר שוין זען."

איך האָב זיך געמוזט מודה זיין, אז איך האָב גאָרנישט באַמערקט אויפן וואָקזאַל. געראַיש, אייליקע באַוועגונג, שטור־פּעניש פון אַרויסגייענדיקע און אַריינקומענדיקע פּאַסאַזשירן, טרעגער האָבן געטראָגן געפּעק און אונטערגעשטעלט די האַנט, עמיצער האָט אָנגעזאָגט עמיצן, ער זאָל גוט אַכטונג געבן אויפן געפּעק, נישט אָפּטרעטן פון אָרט און היטן, ווייל עס זיינען פאַראַן א סך בעלנים — כנהוג, ווי עס פירט זיך אויף אַלע וואָקזאַלן אין די פאַרשיידענע לענדער.

„האָט איר באַמערקט דאָרטן אַן אויפשריפט „מוטער און קינד"?"

„דאַכט זיך, אז נישט."

„זאָלט איר זי באַמערקן. אויף אַלע וואָקזאַלן פון די פאַר־שיידענע לענדער וועט איר זי נישט געפינען."

„וואָס איז עס אזוינס?"

„איר וועט שוין אַליין אויסגעפינען. אָבער איך וועל אייך דערציילן עפּעס, אין וואָס איר וועט זיך מיט אייערע אויגן אַליין נישט קאָנען איבערצייגן און וועט מוזן אָנקומען צו פרעמדער אינפאָרמאַציע. איך וועל אייך דערציילן, וואָס די סאָוויעטישע רעגירונג האָט אויפגעטאָן פאַר דער בילדונג פון די גרויסע מאַסן אַרבעטער און פּויערים. אין דעם בין איך א שטיקל מומחה און איר קאָנט זיך אויף מיר פאַרלאָזן. איר וועט מיר נאָר אַנטשולדיקן אויף א מאָמענט. א שאָד, וואָס איך קאָן אייך נישט אָנבאָטן קיין שטולן."

ער האָט באַפרידיקט א פּאָר קונים, א פּאָר האָט ער אָפּ־געשיקט צו אַנדערע פאַרקויפער ביי די פאַרשיידענע פאַר־קויפטישן, און גענומען זיך צו געבן אונז אינפאָרמאַציע.

„איר האָט דאָך געוואוסט מסתמא דעם צושטאַנד פון פאָלקסבילדונג אין אַלטן צארישן רוסלאַנד מיט פערציק יאָר צוריק. וואָס איז ער געווען? גאָרנישט מיט גאָרנישט. דער גרעסטער טייל פון פאָלק איז ארומגעגאַנגען אין דער פינס־טערניש. נישט לייענען, נישט שרייבן. א פויער, אן ארבעטער האָט נאָר מיט נסים געקאָנט דערשלאָגן זיך צו עפּעס בילדונג... די באָלשעוויסטישע רעוואָלוציע האָט אָפּגעקראָגן א שלעכטע ירושה, וועלכע איז נאָך געוואָרן געפּאָלענער אין דער צייט פון דעם בירגערקריג. דאָס זיינען געווען יאָרן פון שרעקלעכער אָרעמקייט, פון ביטערסטער נויט און עלנט. אייננעפירט אַל־געמיינע פאָלקסבילדונג, אָבער קיין שולן זיינען נישט געווען. די צארישע רעגירונג האָט קיין שולן נישט געבויט, און די באָלשעוויסטישע רעגירונג האָט נישט געהאַט מיט וואָס צו בויען, און אפילו נישט געהאַט די מעגלעכקייט אויסצוהאַלטן די אַלטע שולן. נישט געווען מיט וואָס זיי צו באַהייצן: די קינדער האָבן געמוזט פרירן אין די שולן. און די לערער זיינען נישט באַצאָלט געוואָרן, נישט געווען פונוואַנען צו באַצאָלן זיי, און זיי האָבן געמוזט לערנען מיט די קינדער פאַרפראָרענע און הונגעריקע. דאָס איז געווען א צייט, זאָג איך אייך! קוים מיט דרייצן־פערצן יאָר צוריק... און אָט וואָס עס איז אויפגעטאָן געוואָרן פאַר די לעצטע דרייצן־פערצן יאָר: מיר האָבן איצטער אין די שולן זעקסאונצוואַנציק מיליאָן קינדער און אין די קינדערגאָרטנס זעקס מיליאָן!"

ער האָט עס ארויסגערעדט שווער און וויכטיק, א ווײַלע אָנגעקוקט אונז מיט דער שווערער וויכטיקייט און געבעטן אום אַנטשולדיקונג, ער וועט פאַרטיק ווערן מיט א פּאָר קוגימלעך.

„איר ליבט די שולע? איר ליבט?" האָט ער זיי הארציק געפרעגט.

„מיר ליבן," האָבן די קינדער געענטפערט.

„ווי דען אַנדערש!" האָט ער אויסגערופן. „אונזער שולע איז נישט נאָר א לערערין, נאָר אַן אמתער פריינט," האָט ער זיך ווידער געווענדט צו אונז. „זי לערנט אוים נישט נאָר לייענען און שרייבן און מאַכן א חיבור, נאָר זי פירט אריין

אין לעבן, דערציט צו פארשטיין, וואס עס קומט פאר אין אונ־זער מלוכה, און מאכט די קינדער פאר גוטע קעמפער. אט טוט א קוק א יידיש לערנבוך פון ליטעראטור פארן פינפטן קלאס!״

ער האט ארויסגענומען ביי א יינגל פון די הענט א ביכל, אויפגעעפנט עס און אנגעהויבן טייטלען אויף א געוויסן פלאץ.

„זעט גלייך אין די ערשטע שורות: די ראליע פון דער סאוויעטישער ליטעראטור.״ ער האט אנגעהויבן צו לייענען: „די סאוויעטישע ליטעראטור איז א מעכטיק געווער אינם קאמף פאר דערציען און איבערדערציען די ברייטע ארבעטנ־דיקע מאסן. די סאוויעטישע שרייבער פארטיידיקן אין זייערע ווערק די סאוויעטישע, ארבעטער־פויערשע מאכט און רופן צום קאמף פאר דער סאציאליסטישער בויאונג.״

איך האב ארויסגענומען דאס ביכל פון זיין האנט, אבער ער האט זיך אומגעקערט צוריק צו זיין אינפארמאציע:

„פארשטייט איר, וואס פאר אן אויפטו דאס איז! באַ־גרייפט איר, וויפל שולן מיר דארפן האבן פאר אזא ארמיי פון קינדער! און וואס עפעס פאר קינדער? אלע לערנען ביי אונז. אפילו גאנץ אלטע לייט. מען האט אויסגעווארצלט פון שורש דעם גאנצן אנאלפאבעטיזם. איז דערפאר טאקע ביי אונז אזא צרה מיט וואוינונגען. אז מען האט געדארפט אנ־בויען אזויפיל שולעס! נאטירלעך, פאבריקן אויך. פאבריקן נאך מער ווי שולן. פאבריקן מיינט נאך אויך די מאשינען אין די פאבריקן. איז שוין טאקע נישטא אויף וואוינהייזער. אבער איר פארשטייט, שולעס איבער שולעס! אנגעפילט דאס גאנצע לאנד מיט זיי. אין די ווייטסטע געגנטן, ביי די אפ־געשטאנענסטע פעלקער, ביי פעלקער און פעלקערלעך, וועלכע האבן גאר קיין אלף בית נישט געהאט. וואס דארפט איר מער: נעמט אונזערע בעלארוסן! וואס פאר א שפראך האבן זיי געהאט? ווער האט געוואוסט פון איר? ווער האט פון איר געהערט? און טוט א קוק: א האלבע קראם איז אנגעפאקט מיט ביכער אין דער בעלארוסישער שפראך. אלץ געשאפן גע־ווארן זינט די באלשעוויקעס זיינען געקומען צו דער מאכט.

אַט אין דעם יידישן לערבוך, וואָס איר האַלט, האָט איר אַן
אָפּטיילונג פון איבערזעצונגען פון דער בעלאָרוסישער ליטעראַטור.
מען לערנט בעלאָרוסיש, און מען שטודירט. אַ שפּראַך מיט
אַלע שפּראַכן צוגלייך. איר מוזט וויסן, ביי אונז איז קולטור־
אויטאָנאָמיע. יעדע קולטור איז אַ באַלעבאָסטע ביי זיך ביים
אייגענעם פאָלק, און אַלע שפּראַכן האָבן גלייכע רעכט, און
יעדעס קינד ווערט געלערנט אין זיין אייגענער מוטערשפּראַך.
איז דאָס אַן אויפטו אָדער נישט? איך קאָן אייך אָנדערציילן
וועגן ביכער און ביכער און אַלע מעגלעכע שפּראַכן.
אין מיליאָנען ווערן זיי אַרויסגעגעבן. די מלוכה גיט זיי
אַרויס, און גוט און ביליק. און מען לייענט! אי, לייענט מען
ביי אונז!"

איך האָב אים דערציילט, וואָס מיר האָבן באַמערקט.

ווי מיר האָבן נאָר אויפגעעפנט די אויגן אונזער ערשטן
פרימאָרגן אין ראַטנפאַרבאַנד, האָבן מיר צוגעאיילט צו די
פענסטער פון אונזער האָטעלצימער. פאַר אונזערע אויגן האָט
זיך געוויטערט אַ גרויסער פּלאַץ, טיילווייז פאַרנומען מיט
אַ פּאַרק, צו וועלכן עס האָבן אַרויפגעפירט עטלעכע טרעפּלעך.
פאַר די טרעפּלעך איז געשטאַנען אַ קיאָסק, ביי וועלכן עס
האָט זיך געשלענגלט אַ לאַנגע שורה פון מענטשן, איינער
הינטער דעם אַנדערן, אַ הונדערט אָדער מער אין צאָל. אַלע
אַרבעטער. אַ סך פון זיי האָבן געטראָגן מיט זיך זייער געצייג
אָדער זייערע עסקעסטעלעך. מיר האָבן זיך פאַרוואונדערט:
וואָס קאָן עס זיין? און מיר זעען, אַז ווייטער הינטן אויפן
פּלאַץ זיינען פאַראַן נאָך קיאָסקעס, און פאַר זיי שטייען אויך
לאַנגע שורות מיט אַרבעטער. מיר האָבן אַריינגערופן די
צימערמיידל און געבעטן, זי זאָל אונז דערקלערן.

די צימערמיידל, אַ זעכצניעריקע בעלאָרוסין, אַ שילערין
פון אַכטן קלאַס, וועלכע האָט מיך גערופן פעטער און מיין
פרוי מומע, האָט זיך צולאַכט איבער אונזער אומוויסנהייט:

„ווי הייסט, פעטער! דאָס זיינען דאָך אַלץ אַרבעטער,

וואָס גייען צו דער אַרבעט און וואַרטן דאָ אויף זייער ציי־טונג.״

דער פאַרקויפער האָט אויפגעלויכטן.

„זעט איר, וואָס פאַר אַ לייענהונגער מען האָט עס אַנט־וויקלט ביי מענטשן, וואָס זיינען אָט נישט לאַנג געווען אַנאַלפאַבעטן! און אונזערע צייטונגען האָבן נישט קיין שונד־ראָמאַנען, און האָבן נישט קיין אַרטיקלען וועגן ספּאָרט, און פיטשקען נישט דעם עולם מיט פּיקאַנטע נייס. ביי אונז שטודירט מען פּשוט! מען לייענט נישט, מען שטודירט!... יאָ,״ האָט ער זיך אַ כאַפּ געטאָן, „איך וויל אייך טאַקע נאָך צוגעבן וועגן שולן און שטודירן. איר דאַרפט וויסן, אַז ווען אַ פּעאיק קינד ענדיקט די שולע, צאָלט אים די רעגירונג, ער זאָל ווייטער שטודירן. דאָס הייסט, אַנשטאָט ער זאָל גיין אַרבעטן און פאַרדינען און אַרויסהעלפן די עלטערן, צאָלט די רעגירונג די עלטערן די שכירות, וואָס ער וואָלט פאַרדינט. וואָס זאָגט איר דערצו? איז דאָס אַן אויפטו?״

„געוויס, געוויס... אָבער פאַרוואָס דאַרפן די קינדער צאָלן פאַר די לערביכער?״

ער האָט מיך אָנגעקוקט, ווי איך וואָלט אים אָפּגעגאָסן מיט קאַלטן וואַסער.

„מוזט איר זוכן פּגימות?״ האָט ער פאַרדראָסיק אַרויס־גערעדט. „איז וויל איך אייך פרעגן: פונוואַנען זאָל זיך די רע־גירונג אָננעמען אויף די אַלע זאַכן?״

מיר האָבן אים באַדאַנקט פאַר דער אינפאָרמאַציע און צוזעגנט זיך מיט אים.

„איז געדענקט זשע,״ האָט ער געזאָגט מיט וואַרעמען האַנטדרוק: „מוטער און קינד. אויפן וואָקזאַל. אויף יעדן וואָק־זאַל. איר וועט שוין אויסגעפינען, וואָס דאָס איז.״

## מוטער און קינד

די אייזנבאנוואגאָנען אין ראטנפארבאנד, ווי אין גאנץ אייראָפּע, זיינען איינגעטיילט אין הארטע און ווייכע. הארטע מיינט, אז די זיץ זיינען הארט האָלץ, מיט גאָרנישט באדעקט און באצויגן; ווייכע מיינט, אז די זיץ זיינען ווייך באַלייגט און באקישנט. געהערן די ווייכע צום ערשטן און צווייטן קלאס, צו די, וואָס קאָנען זיך דערלויבן צו צאָלן מער, און די הארטע צום דריטן קלאס, צו די, וואָס קאָנען זיך נישט דערלויבן צו צאָלן מער. אָבער אלע וואגאָנען זיינען איינגעטיילט אין קופּעס — חדרימלעך פאר פיר (ערשטער קלאס), אָדער זעקס (צווייטער קלאס), אָדער אכט פּאסאזשירן (דריטער קלאס).

די זיץ זיינען באצייכנט מיט ציפערן, און על פּי דין האָט יעדער פּאסאזשיר געדארפט קריגן מיט זיין באנבילעט אויך די נומער פון זיין זיץ, צוליב דעם זיינען דאָך די פּלעצער באַציפערט. אָבער דאָס ווערט נישט געטאָן, און דערפאר גייט אָן א זיץ־כאפּעניש און אן אויסכאפּעניש. ווער עס קומט פריער, איז זוכה. קומסטו צו צו א קופּע, אין וועלכער עס זיצן שוין פּאסאזשירן, און פרעגסט זיך אָן, צי איז דאָ פאראן פרייער פּלאַץ, וועלן די געפרעגטע א ווײַלע מיישב זיין זיך מיט זיך, וואָס זיי זאָלן ענטפערן. זיי ווילן ענטפערן ניין. זיי ווילן האָבן וואָס ווייניקער פּאסאזשירן ביי זיך אין קופּע. עס איז גרוימער, לופטיקער, באקוועמער. מען קאָן זיך צומאָל אפילו אנִיסציען

אויף דער לאַנגער באַנק. ענטפערן זיי געוויינלעך מיט א „איך ווייס נישט", כאָטש דער פרייער פּלאַץ איז פאַרנומען מיט זייער אייגענעם באַגאַזש, אָדער מיט א ברום אונטער דער נאָז, פון וועלכן דו קאָנסט נישט אויסמאַכן יאָ אָדער ניין. באַשליסטו ענדלעך פאַר זיך אַליין און קלייבסט זיך אריין אין קופּע, קוקט מען דיך אָן אין די ערשטע מינוטן, ווי אַן אריינקריכער, א פאַרכאַפּער, א מענטש, וואָס שטופּט זיך אומעטום, וואו מען דאַרף אים נישט. אָבער שפּעטער א ווײַלע גייט אָפּ דער ברוגז, דיין אריינקריכעניש איז פאַרגעבן און מען דערוואַרט פון דיר, אַז ביי דער קומענדיקער סטאַנציע זאָלסטו נישט זיין קיין יאָלד און באַהאַנדלען אַן אָנקומענדיקן פּאַסאַזשיר פּונקט ווי דו ביזט באַהאַנדלט געוואָרן — און דו וועסט שוין אזוי טאָן...

מיר האָבן געהאַט איבערגענומען די דאָזיקע טאַקטיק, ווען מיר זיינען געזעסן אין די קופּעס פון די אייזנבאַנען אין פראַנקרייך, איטאַליע, שווייץ, עסטרייך אָדער פּוילן. עס האָט זיך געוואָלט מער גרוימקייט, שכנים האָבן נישט אינטערעסירט, נאָר ענג געמאַכט. אָבער אין סאָוויעטרוסלאַנד האָבן מיר זיך נישט אויסגעמאַכט פון גרוימקייט און באַקוועמלעכקייט. דאָרטן האָבן מיר געוואָלט וואָס מער שכנים. זיי האָבן אונז געגעבן א געלעגנהייט צוצופּאַסן זיך, פאַנאַדערצופרעגן, אָנצוטאַפּן אין וואָגן און אריינצוקוקן אין טאָפּ.

אָבער דאָך זיינען מיר שטאַרק איבערראַשט געוואָרן, ווען אויך אין דעם שלאָפקופּע זיינען מיר נישט געוועזן אַליין, נאָר מיט צוויי אַנדערע שכנים. מיר האָבן נישט געוואוסט דעם מנהג ראַטנפאַרבאַנד. אין גאַנץ אייראָפּאַ פירט זיך, אַז א פּאָרפאָלק קריגט א קופּע פאַר זיך, און בכלל מישט מען נישט די געשלעכטער. מען סאָרטירט איין מענער באַזונדער און פרויען באַזונדער. אין ראַטנפאַרבאַנד איז יעדע שלאָפקופּע איינגעטיילט פאַר פיר פּאַסאַזשירן — איך רעד פון צווייטן קלאַס. צוויי שלאָפן אויף די אונטערשטע בעטן, צוויי אויף די אויבערשטע, און מען קלייבט זיך נישט פאַנאַנדער אין זכר און נקבה.

אין דעם קופּע, אין וועלכן מיר האָבן געדראַפּט איבער־שלאָפן דעם וועג פון מינסק נאָך מאָסקווע, האָבן מיר געפונען אַ פרוי מיט אַ קינד און אַ מאַן. מיר האָבן אונזערע אויגן נישט געגלויבט, געטראַכט, אַז דאָס מוז עפּעס זיין אַ טעות. אָדער זיי אָדער מיר האָבן פאַרבלאָנדזשעט. אָבער די בעטן האָבן נומערן, און די נומערן האָבן געשטימט אויף אונזערע און זייערע בילעטן, און מיר זיינען באַלערנט געוואָרן, אַז אַזוי פירט זיך עס אין ראַטנפאַרבאַנד, און מען איז געוויינט דערצו, און קיינער זשעניערט זיך נישט. מען האָט שוין אויס־געאַרבעט אַ טעכניק פון אויסטאָן זיך. ווען אַ פרוי וויל זיך די ערשטע אויסטאָן און ליגן שלאָפן, זיינען די מענער גע־וויינלעך העפלעך און גייען אַרויס און וואַרטן אָפּ הינטער דער צוגעמאַכטער קופּע־טיר. די מענער אָבער ליגן זיך אַרויף אויף זייער געלעגער, דעקן זיך איבער און מאַכן זיך באַקוועם, ווי זיי קאָנען.

יעדער שלאָפּפּלאַץ איז אַ דירה פאַר זיך — צוויי דירות אונטן, צוויי דירות אויבן — און איינע גייט נישט אָן דער אַנדערער. דאָך איז אונז געוועזן אַ ביסל פריקרע צום ערשטן מאָל. אָבער מיר האָבן אַראָפּגעשלונגען די פריקרעקייט און באַשלאָסן אויסצונוצן די געלעגנהייט און פאַרפירן אַ געשפּרעך מיט אונזערע שכנים, וועלכע מיר האָבן אָנגענומען פאַר אַ פאָרפאָלק. דאָס איז געוועזן אַ טעות. דער מאַן און די פרוי זיינען אפילו נישט געוועזן באַקאַנט צווישן זיך. צוויי שלאָפּ־פּלאַץ־נומערן, וואָס דעם בילעט־פאַרקויפער האָט נישט אויס־געמאַכט, וועמען ער פאַרקויפט זיי. דער מאַן האָט געהאַט די נומער פון דעם אויבערשטן בעט, די פרוי מיטן קינד די נומער פון דעם אונטערשטן.

דער מאַן האָט זיך פרי אַרויפגעקליבן אויף זיין שלאָפּ־פּלאַץ. ער האָט זיך נישט אויסגעטאָן, נאָר אַראָפּגענומען פון זיך די שיך און אָוועקגעשטעלט זיי ביי זיך צופוסן. זיין בעט איז נישט געוועזן איבערגעדעקט מיט אַ ליילעך, אויף זיין קישן איז נישט געוועזן אָנגעצויגן קיין ווייס ציכל, און אויף אַ צודעק האָט ער געברויכט זיין אייגענעם מאַנטל. שפּעטער

א ווײַלע האָט ער אַראָפּגענומען פֿון זיך דעם רעקל און אויפֿגעקנעפּלט דעם קראַגן פֿון זײַן אויבערשטן העמד, און איז באַלד אײַנגעשלאָפֿן. מײַן פּאַרזוך אַרײַנצוציען אים אין אַ געשפּרעך איז מיר נישט געלונגען. ער איז געווען מיד און נישט אויפֿגעלייגט, און אַפֿילו מײַן אַמעריקע האָט אים נישט אינטערעסירט.

אָבער דערפֿאַר איז אונזער שכנה געווען גוט אויפֿגעלייגט און רעדעוודיק. זי האָט אַרויסגענומען פֿון איר געפּעק אַ לײַלעך און אַ ציבל, באַצויגן דאָס בעטגעוואַנט, אַוועקגעלייגט איר ייִנגעלע שלאָפֿן און אַליין אַוועקגעזעצט זיך בײַ זײַן צוקאָפּנס, פֿאַרשטעלנדיק אים פֿון דעם בלויען עלעקטרישן ליכט, וואָס האָט געברענט אויבן איבער דעם פֿענסטער, גרייט צו אַ גוטן געשפּרעך.

אויף אונזער פֿאַרוואונדערונג, פֿאַרוואָס זי האָט געברויכט איר אייגן בעטצײַג, האָבן מיר געקראָגן פֿון איר די אינפֿאָרמאַציע, אַז די אײַזנבאַן פֿאַרקויפֿט נאָר דעם שלאָפֿפּלאַץ, פֿאַר בעטצײַג מוז מען באַזונדערס צאָלן. אונזערע בעטן זײַנען באַצויגן, ווײַל פֿאַר אונדז האָט געוויס באַצאָלט דער אינטוריסט. דער פּרייז איז פֿינף רובל פֿאַר דעם געברויך פֿון צוויי לײַלעכער, אַ ציבל און אַ קאָלדרע. פֿירט מען מיט זיך אייגן בעטצײַג און מען שפּאָרט אײַן די פֿינף רובל. און עס מאַכט נישט אויס, אַז מען שלאָפֿט אַ נאַכט אָן בעטצײַג. קיין אחריות נישט. זי האָט אַ וואונק געטאָן אַרויף צום שלאָפֿנדיקן פּאַסאַזשיר.

באַלד האָבן מיר געוואוסט, אַז זי וואוינט אין קאַזאַן. דעם זומער האָט זי פֿאַרבראַכט בײַ אירע עלטערן אויף אַ דאַטשע לעבן מינסק, און איצטער פֿאָרט זי צוריק אַהיים צו איר מאַן אין קאַזאַן. אין מאָסקווע וועט זי שטיין בלויז פֿון צוג צו צוג, דאָס וועט זײַן אַ שעה ניין. דערווײַלע וועט זי זיך אָנזען מאָסקווע, אָנקויפֿן זיך אַ פּאָר זאַכן, וועלכע זי קאָן אין קאַזאַן נישט קריגן.

„און די גאַנצע ניין שעה אַרומטראָגן זיך מיטן קינד?" האָט מײַן פֿרוי געוואונדערט זיך.

„איך וועל נישט דארפן ארומטראָגן זיך מיט אים!"
האָט זי אָפּגעענטפערט מיט דערשטוינונג אויף מיין ווייבס פאַרוואונדערונג.

„וואָס דען וועט איר טאָן?"

„וואָס הייסט וואָס? אויף דערויף איז דאָך פאַראַן אויף יעדן וואָקזאַל „מוטער און קינד"! ווייסט איר עס נישט?"

אָ, יאָ, דעם נאָמען האָבן מיר שוין געהערט. פון אַ פּאַר־קויפער אין אַ מינסקער בוכהאַנדלונג. אָבער וואָס איז דאָס פאַר אַ מין אינסטיטוציע ווייסן מיר נישט.

„וועל איך אייך דערציילן!"

די יונגע יידישע פרוי האָט עס אויסגערופן מיט אַ מין אויפגעלעבטקייט, און אַזוי שטאָלץ דערציילט אונז וועגן עפּעס, וואָס איר סאָציאַליסטיש פאָטערלאַנד האָט אויפגעטאָן פאַר זיינע בירגער, און דאָס קאַפּיטאַליסטישע אויסלאַנד האָט עס נישט און ווייס אַפילו נישט פון דעם.

„אָט נעמט טאַקע מיין פאַל," האָט זי אָנגעהויבן. „איך בין געצוואונגען איבערצוּוואַרטן אין מאָסקווע ניין שעה. איז דאָך נאַטירלעך, אַז מיר זאָל זיך ווילן אויסנוצן די צייט אויף אָנצוקוקן מאָסקווע, וועלכע בייט זיך מיט יעדן יאָר, און טאַקע אָנקויפן עטלעכע זאַכן, וואָס איך קאָן נישט קריגן אין קאַזאַן, אָדער גיין אין אַ טעאַטער אָדער קינאָ. איז ווי קאָן איך זיך ארומטראָגן אַ גאַנצן טאָג מיט מיין ייִנגעלע? ער איז, ווי איר זעט, נישט אַזאַ גרינגינקער, און אַ צוויי־יאָריק קינד קאָן נישט לאַנג ארומלויפן אויף זיינע פיסלעך. איר קאָנט זיך אויך פאָרשטעלן ווי נערוועז און קאַפּריזנע ער וואָלט געוואָרן, ווען איך שלעפּ זיך מיט אים ארום אַ גאַנצן טאָג, און וואָס פון מיר וואָלט געוואָרן. עס וואָלט שוין גאָר קיין פאַרגניגן נישט געווען. און אַזעלכע פאַלן זיינען טאָג־טעגלעך אין די צענדליקער, און די הונדערטער. פאַרשיידענע פאַלן, דורכפאָר אָדער נישט דורכפאָר. מאָלע וואָס אַ פרוי מוז קומען אין דער גרויסער שטאָט און ברענגט מיט זיך אַ קינד און אַפילו צוויי, ווען זי האָט נישט אויף וועמען צו לאָזן זיי אינדערהיים. האָט אונזער רעגירונג — אַמאָל וואָלט איך

געזאָגט, ווי אַ גוטער מלאך — צוגעלייגט איך האַנט, געזונט זאָל זי זיין, און געבראַכט הילף. איר וועט געפינען אויף יעדן מאָסקעווער וואָקזאַל די אָפּטיילונג „מוטער און קינד”. איז ווי מיר וועלן אָנקומען אין מאָסקווע, וועל איך אַריינטראָגן אַהין מיין יינגעלע און איבערלאָזן אים אויף אַ גאַנצן טאָג. אָבער דאָס איז נישט אַלץ. קודם כל וועט ער קריגן אַ באָד. אונ־זערע אייזנבאַנען זיינען זייער שטויביק. די אַנשיטענישן, איבער וועלכע זיי גייען, זיינען ווייך און וואַרפן אויף אַ סך שטויב. איר קאָנט דאָך זען, ווי אַלץ איז דאָ פאַרשטויבט. וועט מען קודם כל אַראָפּוואַשן פון אים דעם שטויב פון וועג. דערנאָך וועט אים אונטערזוכן אַ דאָקטאָר — מאַלע ווי די רייזע האָט זיך געקאָנט אָפּרופן אויף אַ קליינעם קינד. מען וועט אים אָפּוועגן — דאָס איז שוין מסתמא גלאַט אַזוי פונמיינעטוועגן, איך זאָל וויסן זיין וואָג, — וועט אים געבן עסן און אוועק־לייגן שלאָפן. כאַפּט ער זיך אויף פון שלאָף, זיינען אָנגעגרייט פאַר אים אַלערליי שפּילצייג, און טאַקע באַלערנדיקע שפּיל־צייג — עלטערע קינדער, שולקינדער, קריגן אַ לערער, וועל־כער גייט מיט זיי דורך זייערע לעקציעס, זיי זאָלן נישט פאַר־לירן דעם טאָג, און קריגן ביכער צו לייענען, ווייל איך האָט דאָרטן אויך אַ גוטע ביבליאָטעק. פאַר דאָס אַלץ דאַרפט איר נישט באַצאָלן, בלויז פאַרן עסן — אַ רובל מיט פופציק קאָפּיקעס אַ מאָלצייט. און זאָל זיך מאַכן, אַז מיר זאָל זיך אָפּגלוסטן ארומצוגיין איבער די גאַסן אָדער די קראָמען, זיינען דאָרטן פאַראַן באַזונדערע צימערן, און איך קאָן מיר נעמען אַ צימער און באַצאָלן זייער ווייניק, און אויך נעמען אַ באָד און אונטערזוכט ווערן פון דעם דאָקטאָר און גוט אויסרוען זיך, ביז איך וועל דאַרפן נעמען מיין צוג... איז ביי אייך אין אַמעריקע נישטאָ גאָר אַזאַ זאַך?”

זי האָט שוין געוואוסט, אַז ביי אונז אין אַמעריקע איז נישטאָ אַזאַ זאַך, אָבער דאָס האָט זיך געריימט מיט אונז איר שטאָלץ מיט איר סאָציאַליסטישן פאָטערלאַנד. זי האָט אונז שעלמיש אַזוי אָנגעקוקט.

עטלעכע טעג שפּעטער האָבן מיר באַזוכט דידאָזיקע

אָפּטיילונג אויף איינעם פון די מאָסקווער וואָקזאַלן. אונזער פּאַסאַזשירין האָט ריכטיק איבערגעגעבן די פונקציעס פון „מוטער און קינד". זי האָט נאָר פאַרגעסן אָנצוגעבן, ווי ריין און לופטיק די צימערן זיינען.

אין דעמזעלביקן טאָג האָבן מיר זיך דערוואוסט נאָך איינצלהייטן וועגן דער באַציאונג פון דער סאָוויעטישער רע־גירונג צו מוטער און קינד.

א טראָגעדיקע אַרבעטערקע ווערט באַפרייט פון איר אַרבעט, מיט פולן געהאַלט, צוויי חדשים פאַרן האָבן און צוויי חדשים נאָך איר האָבן. אַבאָרט, קינד־אָפּטרייבעניש איז איצטער שטרענג פאַרבאָטן. די רעגירונג האָט אויסגעפונען, אַז די אָפּ־טרייבעניש רופט זיך אָפּ שלעכט אויפן געזונט פון דער פרוי, און זי וויל האָבן געזונטע פרויען. אָבער זי וויל אויך האָבן א גרעסערע באַפעלקערונג.

אין דעמזעלביקן דעקרעט, אין וועלכן עס איז פאַרבאָטן געוואָרן אָפּטרייבעניש, זיינען אַסיגנירט געוואָרן הונדערטער מיליאָנען רובלס אויף דעם אויפבוי פון געלעגן־ווערן־הייזער, קינדערהיימען און קינדערגאָרטנס. און צענדליקער און צענד־ליקער מיליאָנען אויף אונטערשטיצונג פון פילקינדערדיקע פאַמיליעס.

„אָט וועט עס זיין גוט, ווען איך וועל קריגן די אונטערשטי־צונג!" האָט אויסגערופן א מאַמע פון ניין קינדער, אַן אַר־בעטערקע אין א טאַבאַק־פאַבריק.

„וויפל רעכנט איר צו קריגן?"

„לכל הפּחות דרייטויזנט רובל. וואָס פאַר א ליכט עס וועט ווערן אין די אויגן! שיכלעך, זאָקן, קליידלעך, אָנציגלעך... זיי זיינען דאָך ביי מיר אָפּגעריסן, אַז עס איז א רחמנות א קוק צו טאָן. און טאַקע ביכלעך אויך... עס וועט זיין אַזא יום־טוב! אַזא יום־טוב!"

מיר האָבן איר צוגעוואונטשן, אַז זי זאָל קריגן וואָס גיכער און וואָס מער, ווייל עס איז טאַקע געווען א רחמנות א קוק צו טאָן אויף אירע דריי קלענסטע, וועלכע זי האָט אַרומגענומען מיט זיך אויף א שפּאַציר אין איר רוטאָג.

„איר קאָנט זיך שוין פאַרלאָזן אויף סטאַלינען," האָט זי אונז פאַרזיכערט. „איך וועל שוין קריגן, און עס וועט זיין גענוג אויף אַלץ און אַלעמען."

עס האָט פון איר אַרויסגערעדט אַ זיכערקייט, אַז פאַראַן אַן אויג, וואָס זעט, און אַ האַנט, וואָס פאַרשרייבט. און ערגעץ־וואו ווייס מען גענוי, וויפל קינדער זי האָט און וואָס זיי פעלט, און אַלץ וועט שוין באַזאָרגט ווערן. אַ זיכערקייט, וועלכע באַרואיקט און מאַכט לייכטער דאָס לעבן.

## וועגן פאַרקויף און קויף אין סאָוויעטרוסלאַנד

קראָמען, קראָמען, קראָמען... לאַנגע גאַסן פול מיט קראָמען אויףביידע זייטן.

עפּעס נישט דערוואַרט צו זען אַזויפיל קראָמען אין די גאַסן פון די שטעט פון דער סאָציאַליסטישער מלוכה. עס האָט זיך געדוכט, די גאַסן זעען דאָרטן אַנדערש אויס, מוזן אַנדערש אויסזען. די נייע אָרדנונג וואַרפט זיך גלייך אין די אויגן, און קראָמען פּאַסן זיך נישט אַריין אין דער נייער אָרדנונג.

איך האָב אַמאָל געוואוינט אין מאָסקווע און געדענק נאָך די גאַס קוזנעצקי מאָסט. די רייכסטע געשעפטסגאַס געוועזן, מאָסקווער פינפטע עוועניו. עקזיסטירט זי נאָך? איז זי נאָך די הויפּט־געשעפטסגאַס? אָדער האָט מען זי שוין לאַנג אַראָפּגעריסן און צושטערט, די גאַס פון בורזשואַזיש וואוילטיק און לוקסוס?

יאָ, זי עקזיסטירט נאָך. האָט נאָך אַפילו איר נאָמען נישט געביטן, כאָטש אַרום און אַרום האָבן אַלע גאַסן אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די נעמען פון די אַלטע צייטן און אָנגענומען רעוואָלוציאָנערע נעמען לכבוד פאָרגעננער און שאַפער פון נייעם רוסלאַנד. זי איז נאָך אַלץ די גאַס פון די גרעסטע

געשעפטן, נאָר האָט זי איר גלאַנץ פאַרלאָרן. זעט אויס אָפּ־געבליאַקעוועט, אָפּגעטראָגן, פאַראָרעמט. די גרויסע שוי־פענס־טער פון אירע קראָמען האָבן אַמאָל געפינקלט פון דעם אויס־געשטעלטן גלאַנץ פון די פאַרשיידענע סחורות. איצטער זיינען די גרויסע שויבן פאַרשטויבט, נישט געוואַשן, און הינטער זיי וואַלגערן זיך געשמאַקלאָז אַנגעוואָרפן פאַרשיידענע אַר־טיקלען, ווי אין אַ געשעפט, וואָס גייט ליקווידירט ווערן.

איך געדענק נאָך אויך דאָס גרויסע געשעפט פון מיור און מערעליז. אַ דעפּאַרטמענט סטאָר פון אַ פראַנצויזישער פירמע, דאָס רייכסטע געשעפט אין מאָסקווע. הינטער דעם דראַמאַטישן מאַלי טעאַטער און אַנטקעגן דער אָפּערע, דעם באָלשאָי טע־אַטער. וואָס איז פון אים געוואָרן? מסתמא צוגעמאַכט געוואָרן.

ניין, גייט נאָך אָן און אויף דעמזעלביקן אָרט און אויפן זעלביקן אופן. אַן אוניווערמאַג, אַן אוניווערסאַל - מאַגאַזין, אַ דעפּאַרטמענט סטאָר. נאָר דער פירמענאָמען איז אַראָפּ. דאָרטן, וואו עס איז געשטאַנען מיט גרויסע אותיות דער טיטל מיור און מערעליז, קוקט איצטער אַראָפּ אויפן טעאַטער־פּלאַץ אַ ריזיקער פּאָרטרעט פון סטאַלינען.

אָבער ווער פירט די אַלע קראָמען? וועמען געהערן זיי? ווער זיינען די באַלעבאַטים, די פאַרוואַלטער?

מיר וואָלטן געקאָנט נאָכזוכן אין ביכער, וואָס זיינען געשריבן געוואָרן איבער סאָוויעטרוסלאַנד און געפינען די אינ־פאָרמאַציע. אָבער מיר וועלן זיך בעסער נאָכפרעגן אין די קראָמען אַליין.

„ווער איז דאָ דער באַלעבאָס?" האָב איך געפרעגט אַ פאַר־קויפערין אין אַ פוטערוואַרג געשעפט.

זי האָט מיך אָנגעקוקט גאַנץ נשתומם.

„איר ווילט דעם פאַרוואַלטער?"

„ניין, איך וויל וויסן, ווער איז דער באַלעבאָס."

„מיר האָבן נישט קיין באַלעבאַטים," האָט זי אָנגערוקט אַרויסגערעדט.

אַ מאַן, וואָס איז געשטאַנען הינטער איר אויף יענער זייט פון פאַרקויפטיש, האָט זיך אַריינגעמישט:

„דער בירנער וויל געוויס וויסן דעם נאָמען פון דעם טראַסט.”

איך האָב נישט געוואוסט, אז איך וויל וויסן דעם נאָמען פון דעם טראַסט, ווייל איך האָב נישט געוואוסט פון קיין שום טראַסט. אָבער איך האָב פארשטאַנען, אז איך דאַרף עס וועלן וויסן און אָנגעכאַפּט זיך אָן דעם. נאָר איידער זיי האָבן מיר געגעבן אַן ענטפער, האָבן זיי געהאַט וואָס צו פרעגן. צי זיינען מיר אַמעריקאַנער, האָבן זיי געוואָלט וויסן, און פאַרוואָס רעדן מיר אַזוי גוט רוסיש. באַענטפערט, האָט דער מאַן אונז איינגעלאַדן אין אַ צימערל הינטער דעם פאַר־קויפטיש, געבעטן אונז זיצן און דערציילט אונז וועגן דער קרעמעריי אין ראַטנפאַרבאַנד.

די סאָציאַליסטישע מלוכה האָט עקספּראָפּריאירט די קרעמער, אַוועקגענומען ביי זיי די קראָמען און איז אַליין געוואָרן אַ קרעמערין. ווי דען האָט איר זיך פאַרגעשטעלט? זי האָט געדאַרפט פארמאַכן די קראָמען און פארטיק? און ווי וואָלטן אַלע זאַכן געקומען צו די קאָנסומענטן? מיר האָבן נאָך ווייניק קראָמען, מיר האָבן זיי געדאַרפט האָבן אַ סך מער, וואָלט נישט געווען אַזאַ ענגשאַפט און שטופּעניש. די באַ־פעלקערונג וואַקסט, און נישטאָ נישט קיין קויפער... איז די מלוכה די באַלעבאָסטע אויף אַלע פאַרקויף־פּלעצער, די קראָמען, ווי זי איז באַלעבאָסטע אויף אַלע פּראָדוציר־פּלעצער, די פאַבריקן. ווייסט איר דאָך מסתמא, ווי ביי אונז איז אָרגאַ־ניזירט די פּראָדוקציע. מיר האָבן פיר קאָמיסאַריאַטן: קאָמיסאַר־יאַט פאַר שווערער אינדוסטריע, קאָמיסאַריאַט פאַר האָלץ־אינ־דוסטריע, קאָמיסאַריאַט פאַר לייכטער אינדוסטריע און קאָמיסאַר־יאַט פאַר חיים־באַזאָרג. יעדער קאָמיסאַריאַט איז איינגעטיילט אין אַדמיניסטראַציעס. יעדע אַדמיניסטראַציע האָט די אויפזיכט אויף אַ באַשטימטן צווייג פון דער אינדוסטריע. יעדער צווייג פון דער אינדוסטריע איז איינגעטיילט אין פאַרשיידענע אונ־טערנעמונגען, וועלכע ווערן געפירט דורך טראַסטס — דאָס וואָרט איז אייך דאָך גוט באַקאַנט, אַן אַמעריקאַנער אינ־סטיטוציע. נאָר זיינען ביי אייך די טראַסטס גרויסקאַפּיטאַ־

ליסטישע מאָנאָפּאָליעס, וואָס שינדן די הויט פון דעם גע־
ברויכער, און ביי אונז זיינען זיי בלויז דעפּאַרטמענטס פון
דער אַדמיניסטראַציע. דער בעקערטראָסט, דער מעבלטראָסט,
דער לעדער־ און פוטערוואַרג־טראָסט און אַזוי ווייטער. אַלע
דעפּאַרטמענטס, אויף וועמען עס איז אַרויפגעלייגט געוואָרן
צו פּראָדוצירן פאַר אַ געוויסער געגנט אָדער אַפילו פאַרן גאַנצן
לאַנד די באַשטימטע געברויך־אַרטיקלען. און יעדער טראָסט
איז אויך דער פאַרקויפער פון זיינע פּראָדוקטן, איז זיין
אייגענער קרעמער. איר קאָנט עס אָראָפּלייענען פון אַלע
שילדן אויף אַלע קראָמען. עס ווערט אָנגעגעבן דער נאָמען
פון דעם טראָסט, דעם פּראָדוצירער און פאַרקויפער. גאַנץ
איינפאַך.

„פאַרוואָס־זשע איז דאָ אַלץ אַזוי טייער?" האָט מיין פרוי
געפרעגט.

„פאַר פינף־יאָרן איז אַלץ געווען נאָך טייערער," האָט
דער מאַן דערווידערט.

„פאַרוואָס־זשע איז דאָס?"

„ווייל די פּראָדוקציע קאָסט אונז נאָך זייער טייער. זייט
זיכער, אונזערע קאָמיסאַריאַטן און טראָסטס ווילן נישט שינדן
די הויט פון די קאָנסומענטן. זיי ווילן מאַכן וואָס ביליקער,
אָבער זיי קאָנען עס נאָך נישט דערוויייזן. איר ווייסט, מיר
האָבן איצטער די צווייטע פּיאַטילעטקע — איר ווייסט דאָך,
וואָס דאָס איז. פּלענער, אויסגעלייגט פאַר דעם ווירטשאַפט־
לעבן ווי אויך פאַר דעם קולטורלעבן פון די פאַראייניקטע
סאָוויעטישע סאָציאַליסטישע רעפּובליקן אויף פינף יאָר. די
ערשטע פּיאַטילעטקע איז געווען פון 1928 ביז 1932, די
צווייטע פּיאַטילעטקע איז פון 1932 ביז 1937. אין איר האָבן
די פּרייזן אויף די געברויכסאַרטיקלען געדאַרפט רעדוצירט
ווערן אויף 35 פּראָצענט, און עס ווערט רעדוצירט. היי־יאָר
איז שוין אַ סך ביליקער ווי פאַר דריי יאָרן, און איבער אַ יאָר
וועט זיין נאָך ביליקער. דערנאָך וועט קומען נאָך אַ פּיאַטי־
לעטקע מיט נייע רעדוצירונגען. דאָס לעבן וועט ווערן בי־
ליקער און פרייליכער."

„און ווי שטייט עס מיט דער קוואַליטעט?"

„אויך זי וועט וואַקסן. איר לייענט דאָך אונזערע צייטונגען. האָט איר געזען, וואָס עס טוט זיך קעגן בראַק?"

יאָ, איך האָב עס געזען. איין אַרטיקל נאָך דעם אַנדערן קעגן די טראַסטס, וואָס שיקן אַריין אין די קראָמען פאַבריקאַציעס, וואָס האָבן געדאַרפט פאַרבראַקירט ווערן און זיינען נישט פאַרבראַקירט געוואָרן. ווי קומט עס?

„מיר לעבן איצטער אין אַ געיעג. מיר ווילן אָניאָגן, אָניאָגן. שטעלט מען הויכע קוואָטעס און מען דערוואַרט, אַז די פאַבריקן וועלן נאָך איבעריאָגן די קוואָטעס. פּראָדוצירט מען אויף וואָס די וועלט שטייט און מען קוקט זיך נישט אום, ווי און וואָס. אומקוקן זיך הייסט פאַרלאַנגזאַמען, און ווען מען זאָל פאַרבראַקירן, וואָס דאַרף פאַרבראַקירט ווערן, וועט מען אַרונטערקומען אונטער דער קוואָטע, פון דערפון קומט נישט צו קיין געזונט, פאַרבראַקירט מען נישט, מאַכט מען זיך נישט וויסן, אַז די פאַבריקאַציעס טויגן נישט. מען שיקט זיי אַוועק אין די קראָמען. דער קאָנסומענט איז נישט קיין חזיר, ער וועט אַלץ אויפעסן און וועט שווייגן. אָט האָט די טעג דער מעבלטראַסט צוגעשטעלט דרייהונדערט שטולן, זיינען צווייהונדערט צופאַלן געוואָרן אויפן וועג פון דער פאַבריק ביז צום פּלאַץ, וואו זיי האָבן געדאַרפט צוגעשטעלט ווערן; און עס איז אַרויסגעקומען אַ סקאַנדאַל. וואָס מיינט עס? אַז עס זיינען פאַראַן באַאַמטע, דירעקטאָרן פון די טראַסטס, וואָס זיינען נאַכלעסיק, פאַרברעכעריש נאַכלעסיק און גאַנץ געוויסנלאָז. לייענט איר דאָך, ווי די „פּראַוודאַ" באַאַרבעט אַזעלכע חברה־לייט. זייט זיכער, זיי וועלן שוין מער קיין דירעקטאָרן נישט זיין."

„איז גוט, אַז די שטולן זיינען צופאַלן געוואָרן, אָבער..."

ער האָט פאַרשטאַנען, וואָס איך האָב געוואָלט פרעגן, און נישט געלאָזן מיך ענדיקן.

„די בראַק־פאַרשווייגעניש ווערט אויפגעדעקט אומעטום. אויב איר לייענט גוט די צייטונגען, קאָנט איר זען, אַז די אויפּרעקער פון די שלעכטע מעשים פון די געוויסנלאָזע די־

רעקטאָרן זיינען נישט די קאָנסומענטן, נאָר די אַרבעטער, וועלכע אַרבעטן אין די פאַבריקן אונטער דיזאַזיקע דירעק־טאָרן. זיי מאַכן אויפמערקזאַם, אַז ביי זיי גיט מען אַרויס בראַק־סחורה פאַר גוטע סחורה. זיי זיינען עס מחויב צו טאָן. זיי זיינען שותפים, זיי טראָגן מיטפאַראַנטוואָרטונג. ווען זיי זאָלן פאַרשווייגן, וועלן זיי זיין אומווירדיקע פּראָלעטאַריער, פּשוטע שעדיקער, ווי זייערע דירעקטאָרן. איר קאָנט טאַקע מערקן, אַז ווען אַרבעטער פון אַ פאַבריק האָבן פאַרשוויגן וועגן דעם בראַק, וואָס ווערט ביי זיי דורכגעלאָזן, האָט מען זיי טאַקע אין די צייטונגען גענומען אויפן צימבל."

מיר זיינען אַריין אין דעם פוטערוואַרג־געשעפט, איינעם פון די גרעסטע אין לאַנד, ווייל מיין פרוי האָט געוואָלט אויס־געפינען עטלעכע פּרייזן. רוסישע פוטערוואַרג איז באַקאַנט מיט איר גוטסקייט, און אויב דער פּרייז זאָל זיין צוגענגלעך, וואָלט זי געוועזן אַ בעלן צו קויפן אַ פּאָר זאַכן. איר אויג איז געפאַלן אויף אַ סייבל־קראַגן. אַ פיין שטיקל פוטערוואַרג. וויפל קאָסט עס?

פופצנטויזנט אַכטהונדערט רובל..

דרייטויזנט איינהונדערט און זעכציק דאָלאַר!

„ווער קאָן עס דאָ קויפן? ווער קאָן עס דאָ באַצאָלן?"

די פאַרקויפערין האָט אויפגעלאַכט.

„מ'קויפט און מ'באַצאָלט."

„ווער האָט אַזויפיל געלט?"

„מ'אַרבעט און מ'פאַרדינט."

זי האָט אומווילק געענטפערט, נישט געוואָלט מער געפרעגט ווערן.

מיין פרוי האָט אַריבערגעטראָגן איר אויפמערקזאַמקייט אויף אַ שטיקל קאַראַקול — אַ קליין שטיקל, קוים גענוג אויף אַ היטעלע. וויפל קאָסט עס?

הונדערט און ניינציק רובל.

מיר האָבן ווידער איבערגעלייגט אויף דאָלאַרס. אַכטאונ־דרייסיק דאָלאַר. אוממעגלעך טייער. אין דעם בעסטן געשעפט אין ניו יאָרק וועט עס קאָסטן העכסטנס צוואַנציק.

מיין פרוי האָט אוועקגעלייגט דאָס שטיקל קאַראַקול. אַן אַנדער פרויענהאַנט האָט עס אָנגענומען, באַטאַפּט. וויפל קאָסט עס? אַרויסגענומען געלט און באַצאָלט. דאָס איז געווען אַ יונגע פרוי, נישט באַזונדערס גוט און געשמאַקפול אָנגעטאָן. זיכער אַן אַרבעטערין.

די פאַרקויפערן האָט אונז אָנגעקוקט מיט אַ טריומפישן שמייכל.

יענעם טאָג זיינען מיר אַ סך אַרומגעגאַנגען איבער די קראָמען. באַזוכט עסנוואַרג־געשעפטן, וואו אָרעמקייט האָט זיך געשטופּט איינצוהאַנדלען פאַר אַ ביסל ביליקער די נויטיקייטן אויף צו דערהאַלטן די נשמה. און צירונג־געשעפטן, וואו עס איז גאָרנישט גרוים געווען ביי די וויטרינען, און מענער און פרויען האָבן געקויפט צירונג און געצאָלט גרויסע סומען.

אין האָטעל האָט די צימערמיידל באַוויזן מיין פרוי אַ פּאָר ווייסע לייוונטענע שיך, וועלכע זי האָט זיך היינט געקויפט פאַר הונדערט רובל.

מיר האָבן זיך פאַרוואונדערט, ווי אַזוי האָט זי זיך געקאָנט דערלויבן צו באַצאָלן אַזאַ גרויסע סומע.

„פאַרוואָס זאָל איך זיך ניט קאָנען דערלויבן?" האָט זי איבערגעפרעגט. „ווי־ווייניק איך פאַרדין קאָן איך אַלץ נאָך עפּעס אָפּשפּאָרן. איז צוליב וואָס דאַרף איך שפּאָרן? איך דאַרף נישט אָפּלייגן קיין געלט אויף אַ רעגנטאָג, און אויף עלטער, און אויף קרענק. איך בין שוין פאַרזען מיט אַלץ. פאַראָרגט און באַשיצט. וועל אַלץ קריגן אומזיסט. איז פאַרוואָס זאָל איך זיך נישט קויפן קיין פּאָר שיך פאַר הונדערט רובל?"

## ווידער וועגן קויף און פארקויף.

א גרויסע עסנווארג־קראם מיט פארקויפטישן פאר דין לאנגער הינטערוואנט און דיביידע א ביסל קירצערע זייטנ־וואנט. ביי די וואנט הינטער די טישן פאליצעס. די פאליצעס און די טישן זיינען אנגעשטעלט מיט קעסטלעך, קערבלעך, קאשיקעס, אין וועלכע עס ליגן די פארקויף־ארטיקלען. צווישן די טישן און די פאליצעס געפינען זיך פארקויפער און פאר־קויפערקעס, וועלכע רוען נישט קיין מאמענט. אבער אין דער אנגעפאקטער קראם ווערט נישט גרוימער. עס איז א באשטענדיקער ארויס און אריין, אן ארויסקוועטשעניש און אן ארײנקוועטשעניש. די, וואס קוועטשן זיך ארויס, זיינען באלאדן מיט פעקלעך, וועלכע זיי האלטן צוגעדריקט צו זיך מיט ביידע הענט. זיי גלייכן זיך אוים, עטעמען אויף. פווו! ענדלעך! די, וואס קוועטשן זיך ערשט אריין, קוקן אויף די ארויסגעטראגענע פעקלעך מיט קנאה און מורא: אפשר איז שוין פאר זיי גארנישט געבליבן אדער ווער וויים, וואס עס איז דארטן איבערגעבליבן!

איך און מיין פרוי האבן זיך אויך אריינגעשטופט. גע־וואלט קויפן עפל און צוגעשטופט זיך צו א זייט פון א פאר־קויפטיש, וואו עס זיינען געשטאנען קאשיקעס מיט עפל. ווען מיר האבן אנגעקוקט די סחורה, איז אונז פארגאנגען דער אפעטיט. איינגעדארטע, פארלעגענע, אונטערגעפוילטע. אוועק־

שטעלן זיך אויסצוקלייבן איז אוממעגלעך געווען. מיר זיינען שנעל אָפּגעשטופּט געוואָרן פון טיש, און די ניי צוגעקומענע האָבן נישט פאַרקרימט די נעזער און נישט געקליבן, נאָר גלייך געהייסן אָפּוועגן זיך אַזויפיל און אַזויפיל, און די פאַר־קויפערקע האָט אַרויפגעלייגט אויפן וואָג, וואָס זי האָט בלינ־דערהייט אַריינגענומען אין איר האַנט.

מיר האָבן זיך צוריק צוגעשטופּט צו דער טיר און דאָרטן געבליבן שטיין. צוקוקן און צוהערן זיך.

דער געדראַנג איז געווען אַ ווייבערשער. וואו נישט וואו האָט זיך אויך אַ מאַן געשטופּט צום פאַרקויפטיש. עטלעכע פרויען האָבן געהאַט מיט זיך קליינוואַרג, וועלכע האָבן גע־האַלפן דער מאַמען אַריין אָדער אַרויסשטופּן זיך.

אַנטקעגן אונז האָט זיך געהאַלטן אין אַרויסשטופּן אַן עלטערע פרוי. מיט יסורים, מיט קנייטשעניש און קרימעניש. איר פיין־געשליפן אינטעליגענט פּנים איז געווען אויפגערעגט און בלאַס. די באַקן האָבן זיך באַוועגט פון נערוועזע צייג־דריקעניש, די אויגן זיינען געווען פאַרלאָפן מיט טרערן. מיר האָבן איר געהאָלפן מאַכן זיך אַ וועג און אַרויסגעשטופּט זיך אין דרויסן מיט איר צוזאַמען.

„אָט אַ שטראָף!” האָט זי אַרויסגעקרעכצט און ביטערלעך געשאָקלט מיטן קאָפּ.

„שרעקלעך ענג,” האָט מיין פרוי מיטפילק געזאָגט.

מיר זיינען צוגעשטאַנען צו איר, מיטגעגאַנגען. זי האָט דערקענט אין אונז אויסלענדער, מיר האָבן איר דערציילט. אַז מיר זיינען ערשט נישט לאַנג אין לאַנד, און זי האָט אַ ביסל „פאַנאַנדערגעבונדן די צונג”.

עס איז געווען שלעכט אַמאָל, ווען מען האָט געדאַרפט שטיין מיט ברויטקאַרטלעך אין לאַנגע שורות און וואַרטן און וואַרטן. אָבער איצטער איז עס נאָך ערגער. יעדעסמאָל, ווען זי דאַרף גיין אין דער עסנוואַרג־קראָם, איז זי פּשוט פאַרצווייפלט. זי וואָלט שוין בעסער נישט געגעסן, בעסער פאַרהונגערט. ווען נאָר נישט דער מאַן און די קינדער. מען פאַרלירט עפּעס דעם מהות מענטש, מען ווערט אַ חיה. אַ מין

שטופעניש! א מין רייסעניש! אז מען איז געשטאַנען אין דער לאַנגער שורה, האָט מען געוואוסט, אַז מען דאַרף וואַרטן און וויפל אַן ערך עס וועט אויסקומען צו וואַרטן. אָבער איצטער ווייסטו גאָר גאָרנישט. איצטער דאַרפסטו נאָר האָבן כוח און זיין וואָס ברוטאַלער. ווער עס האָט מער כוח און קאָן וואוויל געברויכן זיינע עלנבויגנס, קומט צו דער ערשטער. איז דאָס נישט גענוג, האָט מען נאָך צו טאָן מיט די פאַרקויפער און פאַרקויפערקעס. דאָס איז אַ פאָלק! טייוואָלים פאַרשאָלטענע! זיי באַדינען, ווי זיי וואָלטן געטאָן אַ טובה. גיבן, וואָס זיי פאַלט איין, און טאָרסט גאָר קיין וואָרט נישט זאָגן. ווילסט נישט נעמען, זאָגסט עפּעס, גיסן זיי דיך אָפּ, ווי דו וואָלסט געוועזן די לעצטע פון די לעצטע. הייליקע ווילקיר! דו באַווייזט זיי, אַז זיי האָבן געגעבן צופוילטע, צוגעלעגענע, גוט אויף אַרויסצוואַרפן, נישט אין מויל צו נעמען, קוקן זיי דיך אַפילו נישט אָן, הערן דיך גאָר נישט...

„געשטופּט זיך און געשטופּט זיך, און מיט וואָס גיי איך אַהיים? אַ חרפּה בלויז, און וואָס צו עסן אין נישטאָ וואָס. אַ קללה, און נישט מער!"

„ווער איז אין דעם שולדיק?" האָב איך זי געפרעגט.

„ווער ווייס זיי, ווער איז אין דעם שולדיק!" האָט זי שאַרף אַרויסגערעדט. איז נערוועז געוואָרן, ווי זי וואָלט עפּעס געזאָגט, וואָס זי דאַרף נישט זאָגן, און פאַרשנעלערט אירע טריט, אַוועקגעאיילט פון אונז.

רעדלעך אין די גאַסן ביי די טראָטואַרן. מענטשנרעדלעך, קויף און פאַרקויף גייט אָן. דאַרף מען זיך צושטופּן און אַ קוק טאָן.

אַ געשטעל פון ברעטער ביים טראָטואַר, אויפן געשטעל אַ וואָג, ביים געשטעל קעסטלעך מיט עפּל. קליינינקע איינגעדאַרטע שפּיצבערגן־עפּעלעך, דריי רובל מיט אַכציק קאָפּיקעס אַ קילאָ. דאָס מוז זיין עפּעס אַ ווילדע מציאה, ווייל אַזויפיל קויפער אַרום דעם געשטעל און דעם פאַרקויפער, וועלכער יועגט די עפּל אַזוי צופרידנדיק און נעמט צו דאָס געלט נאָך צופרידנדיקער.

מיר אָבער האָבן געוואָלט וויסן, ווי קומט אריין אזא עפּל־פּארקויפער אין דער סאָציאַליסטישער אָרדנונג. איז ער אַן אָנגעשטעלטער אָדער זיין אייגענער באַלעבאָס. האָבן מיר געקויפט אַ קילאָ עפּל און אויסגעפרעגט. אויף דעם ענטפער זיינען געווען אַ סך בעלנים. עס איז אַ מצוה צו באַלערנען אַן אויסלענדער.

ווי הייסט, אַן אייגענער באַלעבאָס? אזא זאַך איז נישטאָ. וואָס איז, ער האָט אַן אייגענעם גאָרטן? און קויפן און איבערפארקויפן פאר ריווח, אזא זאַך גיט נישט מער. נאַטירלעך איז ער אַן אָנגעשטעלטער. ביים פּרוכטטראָסט. קריגט אַ שטענדיק געהאַלט — מען האָט אָנגערופן אַ ציפער, געקוקט אויף דעם פאַרקויפער, צי האָט מען ריכטיק אָנגעגעבן די ציפער, אָבער ער האָט זיך געמאַכט נישט הערנדיק. יאָ, ער קריגט אַ געהאַלט, הונדערטאונפופציק — צווייהונדערט רובל אַ חודש, און קריגט אויך אַ פּראָצענט פון דעם פאַרקויף. די צאָל פון די שעהן זיינען נישט אָנגעגעבן. ער ארבעט, וויפל שעה אַ טאָג ער וויל. וואָס לענגער אַלץ בעסער פאַר דעם פּראָצענט, וועלכן ער באַקומט.

אזוי ער, אזוי דער סעלצערוואַסער־פאַרקויפער, און דער אייזקרעם־פאַרקויפער, און דער בייגל־פאַרקויפער, וועלכע גייען ארום פון גאַס צו גאַס, פאַרק־איין פאַרק־אויס, אָדער טשוועקען זיך איין ערגעץ אויף אַ פּלאַץ, וואו עס גייען דורך אַ סך מענטשן. דאָס זיינען אַלץ אָנגעשטעלטע ביי אַ טראָסט, קריגן געהאַלט און אַ פּראָצענט.

אויף אַ הויז האָבן מיר דערזען אַ שילד: ב. איוואַנאָוו, מענער־שניידער. ווי קומט עפּעס אַ פּריוואַטער שניידער אין אַ סאָציאַליסטישער אָרדנונג? קוק איך זיך ארום, אז דער מאַנטל אויף מיר האָט שוין דורכגעמאַכט אַ סך נסיעות, און אַ פּרעסאייזן וועט נישט זיין קיין איבעריקע זאַך. זיינען מיר ארויפגעגאַנגען אַ טרעפּ און האָבן אָנגעקלונגען.

אַ באַבערדיקטער מאַן האָט אויפגעעפנט די טיר. ער אַליין ב. איוואַנאָוו, מענער־שניידער. ער האָט אונז אריינגע־

גומען אין א קליין צימערל, וואו עס איז געשטאנען א לאנגער שניידערטיש, א ניימאשין, א פאר שטולן און א בעט.

ער האט אנגעקוקט דעם מאנטל. אויסלאנד, נאטירלעך. אמעריקע. מען קאן גלייך דערקענען. ער האט אנגערופן, וואס פאר א שטאף דאס איז. ווען איך האב אים געזאגט, אז מיין מאנטל איז א רעגנמאנטל, איז ער איבערראשט געווארן, האט מיך אומגלויביק אנגעקוקט. באלד אבער געכאפט זיך. א, יא, ער ווייס. נאטירלעך. דער שטאף איז דורכגעגאנגען א געוויסן פראצעס, לאזט נישט דורך קיין וואסער. אין סאוויעט־רוס־לאנד האבן זיי נאך נישט אזוינס. אך, יא. עס פעלט דא נאך א סך. ער האט שוין לאנג קיין גוט שטיקל געוואנט אין די הענט נישט געהאלטן. וואס מען פאבריצירט דא, טויג אויף צרות. א נס, וואס עס צופאלט נישט ביים שניידער אונטער די הענט. נייט מען זיך טאקע נישט. ווארום ווער וועט עס גיין באצאלן דעם שניידער זעקסהונדערט רובל פאר אויפנייען א קאסטיום, און דער קאסטיום זאל באלד צורייסן זיך!

איך האב אים געפרעגט, וואס איך האב געוואלט וויסן: דערלויבט דען די רעגירונג צו האבן אן אייגענע מאסטערס־קאיא?

ער האט זיך צולאכט.

מאסטערסקאיא! יא, אזא מאסטערסקאיא דערלויבט די מלוכה. א מאסטערסקאיא אן ארבעטער. ער אליין איז די גאנצע מאסטערסקאיא. ארבעטער ווערן נישט דערלויבט. ער טאר נישט באשעפטיקן קיין ארבעטער, פארדינען פון פרעמ־דער ארבעט. אבער אליין מעג ער ארבעטן, וויפל ער וויל. וואלט נאר געווען ארבעט! נייע קאסטיומען און מאנטלען נייט מען זיך זעלטן, און לאטעס אוועקלייגן האט מען זיך אויסגע־לערנט אליין.

איז פארוואס גייט ער נישט אין א שניידער־פאבריק? די שניידערפאבריקן זוכן דאך ארבעטער.

א, ניין, ער וועט נישט גיין ארבעטן אין א פאבריק!

ער האט אמאל געהאט א גרויסע מאסטערסקאיא מיט א סך ארבעטער און א רייכער קונדשאפט. ער וועט נישט גיין

אין א פאבריק, ער זאָל אפילו הונגערן. ער האָט זיי שטענ־
דיק געהאסט, די פאבריקן. אז פארברענט האָבן זיי געמאָגט
ווערן, טאנדעטניקעס, וואָס פארמיאוסן די וועלט! און איצ־
טער איז אויך נישט בעסער. קאָן מען דען גאָר טראָגן, וואָס
זיי גיבן ארויס? ניין, ניין, די פאבריקן זיינען נישט פאר אים,
נישט פאר אן אמתן שניידער. ער וועט שוין בלייבן ביי זיין
אייגענעם ווארשטאט. ווי נישט מאכט ער אויס אזויפיל,
וויפל אן ארבעטער אין דער פאבריק. אז איינער קריגט אריין
א גוט שטיקל געוואנט, קומט מען צו אים, צום אמתן שניי־
דער, און מען צאָלט זעקס און זיבן און אמאָל אויך אכט־
הונדערט רובל. און זאָלן זיך די צייטן נאָך בעסערן...

גלויבט ער, אז די צייטן וועלן זיך בעסערן?

„געוויס, גאטירלעך, ווי דען אנדערש!" האָט ער ארויס־
געברומט פון אונטער זיינע געדיכטע וואָנצעס און גלייך צו־
געגעבן מיט ביטערקייט: „דאָס הייסט, מיינע גוטע צייטן
וועלן שוין קיינמאָל נישט קומען צוריק. האָב איך דען גע־
דארפט ארבעטן? געהאַט א גרויסע מאסטערסקאיא... נו, יאָ...
געוועזן און אוועקגעשוואומען..."

אָבער עס איז גוט איצטער צו לעבן אין רוסלאנד?

ער האָט גאָרנישט געענטפערט.

אין טעג ארום האָבן מיר זיך אָנגעשלאָגן אָן א ביידל, אין
וועלכן עס איז געזעסן א שווארצער יונגערמאַן „פון אַנגענעמען
אויסזען" און האָט פארקויפט טאָטערשע יארמולקעלעך. שיינע,
פילפארביקע, האנטגעמאכטע. מיר האָבן זיך צוגעשטעלט, אָנ־
געקוקט, געקויפט און, ביז ער האָט צוגענייט פרענזלעך צו
די איינגעהאנדלטע יארמולקעס, פארפירט א געשפרעך.

פארוואָס האָט ער גענומען ביי אונז אזוי טייער? מיר
ווייסן, אז מען האָט זיי געקויפט פאר א סך ביליקער.

„אמת, אמת," האָט ער גערעדט און גענייט. „מען האָט
זיי געקויפט פאר א סך ביליקער. אָבער דאָס איז געוועזן
פאראיאָרן. די פויערים, וואָס מאכן זיי, לעבט זיך היי־יאָר א
סך בעסער, זיי נויטיקן זיך ווייניקער אין געלט, ווילן זיי בע־
סערע פרייזן. פאראיאָרן און פאר צוויי־יאָרן האָבן נישט זיי

פּאַרקויפט, נאָר די גויט האָט פאַרקויפט. און גויט איז א ביליקער סוחר. זי נעמט, וואָס מען גיט."

וואָס פאַר א פויערים? איז ער נישט אליין דער בעל מלאכה?

„ניין, נאָר א פאַרטרעטער פון פויערים, וואָס מאַכן דיראַזיקע יאַרמולקעס אַלס א זייטיקן פאַרדינסט, א צוגאָב צו זייער אַרבעט אין די קאָלכאָזן. די מלוכה דערלויבט אַזעלכע זאַכן. אין אָנפאַנג אייגנטלעך איז עס נישט דערלויבט געווען. די מאַשין און די פאַבריק זיינען געוואָרן דער קערן, זיינען געוואָרן אַלץ, און אַלץ האָט געדאַרפט קומען פון דער מאַשין און דער פאַבריק. אינדוסטריאַליזאַציע. רוסלאַנד איז אַמאָל באַרימט געווען מיט אירע קוסטאַרעס. פויערים אין די דערפער און מיעשטשאַניעס אין די שטעטלעך פלעגן זיך אָפּגעבן מיט פאַרשיידענע האַנטאַרבעטן און זיינען געוואָרן קינסטלער אין זייערע פאַכן. אויסגעצייכנטע אויסנייער, טעפּער, שניצער, קוקלעס־ און שפּילצייג־מאַכער. א סך פון זיי האָבן זיך דערוואָרבן א נאָמען איבערן גאַנצן לאַנד, באַרימט געוואָרן. די דאָזיקע היים־קונסט פלעגט אַריבערגיין פון טאַטן צום זון, פון מוטער צו טאָכטער, איז געווען א ירושה־זאַך אויף דורות. נאָך דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע האָט לאַרין, דער קאָמיסאַר איבער דער נייער אויפקומענדיקער אינדוסטריע, געקוקט קרום אויף די קוסטאַרעס און באַלד געמאַכט א סוף צו זייער אַרבעט. זי איז פאַררעכנט געוואָרן פאַר אַן אומזיסטן צייט־פאַרטרייב, פאַר נישט פּאַסיק אין דער נייער אָרדנונג. שיר נישט פאַר קאָנטררעוואָלוציע. אוים מיט דער היימקונסט! אריין אַלע אין די פאַבריקן! ווערט מאַשינעס! אין די לעצטע פאָר יאָר איז געוואָרן אַנדערש. מען האָט זיך אַרומגעזען, אַז מיט די קוסטאַרעס איז געווען אינטערעסאַנטער. זיי זיינען אייגנטימלעך רוסיש. א ספּעציעלע רוסישע קונסט, אַרויס־געוואַקסן פון דעם רוסישן דאָרף און דעם רוסישן מענטש. אַן עבירה געווען צו פאַרטרייבן און אויסצומעקן זי. האָט מען זי ווידער אויפגעלעבט. אַרבעט, חברים, באַווייזט, וואָס איר קאָנט, און זאָל מען זען, אַז אין פּסס"ר גייט קיינער און

גאָרנישט נישט פאַרלאָרן. לײדער האָבן אַ סך און פון גאָר די בעסטע קוסטאַרעס נישט דערװאַרט זיך, ביז זײ װעלן װי־דער קומען צו כבוד און אָנערקענונג, און אױסגעצװיגן די פיס..."

ער האָט גערעדט אַ זאַפטיק רוסיש, אין בעסטן סטיל, שטרענג גראַמאַטיקאַליש, און מיט די אױסגעקליבנסטע װער־טער. מיר האָבן באַשלאָסן, אַז דאָס מוז געװיס זײַן אַן אַמאָ־ליקער רוסישער אינטעליגענט, װעלכער האָט געמוזט איצטער װערן אַ פּאַרקױפער און צופוצער פון טאַטערשע יאַרמולקעס. װאָס װעט ער ענטפערן, װען מיר פרעגן בײַ אים װעגן די צײַטן אין דער סאָװיעטישער רוסלאַנד?

פּלוצלונג גיט ער אַ פרעג:

„און איר זײַט פון אַמעריקע? פונװאַנען? פון ניו־יאָרק? איך האָב דאָרטן אַ פעטער. ער װױנט אין ברוקלין. ער מוז דאָרטן זײַן אױך צרות, װי מיליאָנען דאָרטן בײַ אײַך אין אַמעריקע. איך האָב אים געשריבן, ער זאָל זיך אײַנפּאַקן און קומען אַהער. אױך װאָס האָט ער דאָרטן װאָס צו האָפן?"

# די לאַגע פון די אַרבעטער

דעם צוויטן טאָג אין מאָסקווע, אינדערפרי, אין אונזער צימער אין דעם נייעם פּראַכטפולן האָטעל „מאָסקווא", וואָס דער דרום־ווינקל פון זיין מערב־זייט וועט זיין א „וואָלקנ־קראַצער" פון זעכצן שטאָק, איז מיט אונז געזעסן א פריינטס א ברודער, וועמען מיר האָבן געלאָזט וויסן, אז ער זאָל צו אונז קומען אָפּצונעמען א גרוס. דאָס איז געווען אַן אַרבע־טער אין די דרייסיקער, א בוכבינדער, וואָס האָט געאַרבעט אין איינער פון די גרעסטע בוכבינדערייען אין מאָסקווע און געהאַט היינט זיין רוטאָג — עס איז געווען דער דרייסיקס־טער אויגוסט, דער פינפטער רו־טאָג אין חודש. ער איז אריינ־געקומען מיט אומזיכערקייט, ווי איינער, וואָס טרעט אריין אין א פּאַסטקע. אָבער באַלד האָט ער זיך צעוואַרעמט, צו־רעדט, פאַרגעסן, קענטיק, די פּאַסטקע און נישט געאיילט אוועקצוגיין, אפילו ווען ער האָט שוין געהאַט אָפּגענומען זיין גרוס און געפרעגט און איבערגעפרעגט וועגן אַלע זיינע קרו־בים. ענדלעך האָב איך אים געפרעגט:

„אזויפיל צו זען אין מאָסקווע — פון וואָס הייבט מען אָן?"

„סיסטעם, חבר, סיסטעם!" האָט ער לעבעדיק אזוי גע־ענטפערט, צופרידן, ווייזט אויס, וואָס ער קאָן מיר מיט וואָס אָפּצאָלן פאַר דעם גרוס, וועלכן איך האָב זיך מטריח געווען

מיטצוברענגען. „זייט איר געקומען אהער אָנצוקוקן די גאַסן, די פּאַרקן, די בולוואַרן, צו באַזוכן די מוזייען, ווי מען טוט עס געוויינלעך אין די אַנדערע הויפּטשטעט פון אייראָפּע? זייט איר געקומען אָנצוזען זיך די אַרכיטעקטור פון די מאָסקווער נייע הייזער? — איבעריקנס, אונזער מעטראָ, אונזער אונ־טערגרונטבאַן, די מאָסקווער סאַבוויי, מוזט איר זיך אָנקוקן. די מוזט איר זען. פאַר פינפאונדרייסיק קאָפּיקעס, זיבעציק קאָפּיקעס פאַרביידן, קאָנט איר זיך דורכפאָרן, אָבער שטייגט אַרויס אויף אַלע סטאַנציעס און קוקט אָן יעדע סטאַנציע באַזונדער. יעדע סטאַנציע אַ מייסטערווערק פאַר זיך. איינע נישט ענלעך אויף דער אַנדערער, יעדע האָט זיך איר אייגענעם סטיל — אַ פּראַכט אָנצוקוקן. מ'האָט שוין מסתמא געפרעגט ביי אייך, ווי עס געפעלט אייך אונזער מעטראָ. מיר זיינען זייער שטאָלץ אויף איר. איר דאַרפט וויסן, מיר האָבן אַלע צוגעלייגט אַ האַנט. אַלע האָבן מיר זיך באַטייליקט אין אויס־גראָבן זי. איך מיין אַלע מאָסקוויטשעס, מאָסקווער איינוואוי־נער. אוועקגעגעבן אונזערע רוטעג, אונזערע שבתים. מיר האָבן אַזוי געהייסן שבתניקעס. ווי איר זעט מיך, האָב איך אויך געגראָבן, און מיט חשק. אַלע האָבן מיר געגראָבן מיט חשק. מען האָט אונז נישט געדאַרפט טרייבן און אונטערטרייבן. די מעטראָ איז ביי אונז געוועזן אַ נצחון־זאַך. מיר האָבן גע־וואָלט וויַיזן דער וועלט, וואָס מיר קאָנען אויפטאָן. לאָנדאָן, פּאַריז און דער עיקר טאַקע אייער ניו־יאָרק, וואָס טאַראַ־ראַמט מיט זיינע סאַבוויים. אונזער לאַזאַר מאָאָיסייעוויטש קאַגאַנאָוויטש האָט אונז אָנגעשטעקט מיט זיין ענערגיע, זיין ענטוזיאַזם און זיין וואונדערבאַרער אָרגאַניזאַציאָנסקונסט. האָבן מיר אויפגעבויט אַ מעטראָ אויף צו שטוינען. און אין איין יאָר צייט! דאָס איז דאָס וואונדערבאַרסטע. זי טראָגט קאַגאַנאָוויטשעס נאָמען. איר וועט זען איבער אַלע סטאַנציעס מיט גרויסע אותיות: מעטראָ אין נאָמען פון על עם קאַגאַ־נאָוויטש. ער האָט עס כשר פאַרדינט. איר מוזט זי זיך אָנזען, און איך וועל טאַקע וועלן הערן אייער מיינונג.“

מיר האָבן אים שוין לאַנג געקאָנט געבן אונזער מיי־

נונג. מיר האָבן אים נאָר נישט געוואָלט איבעררייסן אין זיין התפּעלות. מיר זיינען זיך אין איר דורכגעפאָרן און גוט זי אָנגעקוקט גלייך דעם ערשטן טאָג אונזערן אין מאָסקווע. זי איז טאַקע די שענסטע פון אַלע אונטערגרונטבאַנען, וועלכע מיר קענען, און די ריינסטע, נישט פּארמיאוסט דורך אפּישן און אַנאָנסן. אָבער...

„אָבער איר האָט דאָך אונז געוואָלט זאָגן, ווי מיר זאָלן זען מאָסקווע.”

„א, יע... וואָס האָב איך אייך געזאָגט? סיסטעם, חבר, סיסטעם! איר זייט דאָך נישט געקומען אהער באַקאַנט צו ווערן מיט דעם נאַכטלעבן, ווי אין פּאַריז...”

„ניין, מיר זיינען נישט געקומען צוליב דעם. האָט איר דען אַ נאַכטלעבן ווי אין פּאַריז?”

„ווי אין פּאַריז?!” האָט ער אויסגעשריען. „חס ושלום! מיר האָבן קאַפעס, וואו עס שפּילן דזשאַז־אָרקעסטערס און מען טאַנצט אייערע אַמעריקאַנער טענץ — איר דאַרפט וויסן, אַז מען טאַנצט נאָר אייערע אַמעריקאַנער טענץ. די אַמאָליקע רוסישע פּאָלקע, וואַלס, קאַדריל, אויס, מען טאַנצט זיי שוין נישט מער — איז אַזוי פאַרברענגט מען אַ שטיקל נאַכט. אויב עס איז פאַראַן דאָ עפּעס אַ־לאַ־פּאַריז, איז עס בגנבה, באַהאַלטענערהייט. איך האָב פון דעם קיינמאָל נישט געהערט. פּאַריזער נאַכטלעבן פּאַסט פאַר דער אָפּשטאַרבנדיקער בורזשואַזיע, אָבער נישט פאַר דעם אויפלעבנדיקן פּראָלעטאַריאַט. אָבער איצטער האָט איר מיך אַראָפּגעפירט פון וועג. איז וואָס האָב איך געוואָלט זאָגן? דאָ ביי אונז ווילט איר דאָך צוערשט וויסן אָדער מוזט איר וועלן צוערשט וויסן, ווי לעבן די אַרבעטער. איר זייט דאָך עפּעס אין לאַנד פון דער דיקטאַטור פון דעם פּראָלעטאַריאַט!...”

„ביי אונז הייסט עס, אין לאַנד פון דער דיקטאַטור פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי,” איז מיר איינגעפאַלן צו פּראָוואָצי... אים.

ער האָט אויפגעציטערט, אַ וואָרף געטאָן אַ שרעקבליק

אויף דער טיר, באטראכט מיט מורא די ווענט פון דעם צימער.

„דאָס הייסט פּשוט נישט וויסן, וואָס דאָ קומט פאָר!" האָט ער מיט האַרץ אַרויסגעפּליסטערט. „דאָס וואָלט מען געקאָנט זאָגן, ווען עפּעס וואָלט דאָ געטאָן געוואָרן קעגן די אינטערעסן פון דעם פּראָלעטאַריאַט! וואָס הייסט דיקטאַ־טור פון פּראָלעטאַריאַט? דאָס הייסט, אַז די אינטערעסן פון דעם פּראָלעטאַריאַט זיינען איבער די אינטערעסן פון אַלע אַנדערע קלאַסן, אַז די אינטערעסן פון דעם פּראָלעטאַר־יאַט זיינען איבערהויפּט די א י י נ צ י ק ע, וועלכע קומען אין אנבאַטראַכט. זיינע אינטערעסן הערשן, געוועלטיקן, באַלעבאַ־טעווען. דאָס איז דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט. די קאָמוניס־טישע פּאַרטיי גיט אַכטונג, אַז די דאָזיקע דיקטאַטור זאָל נישט געבראָכן ווערן. זי איז די פירערין אויף דעם וועג, וואָס ווערט אויסגעלייגט פאַר און דורך די אינטערעסן פון דעם פּראָלעטאַריאַט. וואו קומט דאָ אריין איר דיקטאַטור? טוט זי עפּעס קעגן די אינטערעסן פון דעם פּראָלעטאַריאַט און פאַר אירע אייגענע אינטערעסן? לעבערלעך! דערפאַר זאָג איך, איר זייט אין לאַנד פון דער דיקטאַטור פון דעם פּראָ־לעטאַריאַט, אין אַ לאַנד פון אַרבעטער פאַר אַרבעטער, דאַרפט איר קודם כל באַקאַנט ווערן, וואָס איז דאָ אויפגעטאָן גע־וואָרן פאַר די אַרבעטער. וואָלט איך אייך געראַטן: הייבט אָן מיט פאַבריקן. באַזוכט אַ פּאָר פאַבריקן. איך וואָלט טאַ־קע געוואָלט, איר זאָלט באַזוכן די בוכבינדעריי, אין וועלכער איך אַרבעט. וועט איר זען, וואָס עס איז אויפגעטאָן און דערגרייכט געוואָרן. אָ, יאָ, איך ווייס, אַז איך רעד מיט אַן אַמעריקאַנער, און אָט וועט איר מיר גלייך אריינזאָגן, אַז אייערע אַמעריקאַנער פאַבריקן זיינען לעילא ולעילא אין אַלע הינזיכטן, און אונזערע פאַבריקן קאָנען זיך געוויס נישט פאַר־גלייכן מיט זיי אין קיין שום פּרט. איז ערשטנס ווייס איך נישט, צי איז עס טאַקע אַזוי די מעשה. און צווייטנס דאַרף מען נעמען אין אנבאַטראַכט די צייט, די קורצע צייט פון אונזער אינדוסטריעלער אַנטוויקלונג. וואָס פאַר אַ פאַבריקן

האָבן מיר דאָ געהאַט נאָך מיט פופצן יאָר צוריק? אויך מיר פאַבריקן, אָן אָנהייב פון עפּעס. און זעט, וואָס מיר האָבן איצטער. אדרבא, באַזוכט אַ פּאָר פאַבריקן. איך וואָלט זייער שטאַרק געוואָלט, איר זאָלט באַזוכן די בוכבינדעריי, אין וועל־כער איך אַרבעט. פאַר דער רעוואָלוציע האָט מען אפילו נישט געחלומט פון אַזאַ בוכבינדעריי. אויף וואָס האָט מען זי געדאַרפט? האָט מען דעמאָלט דען אַרויסגעגעבן ביכער אין די מיליאָנען? וואָלט איר געזען, וואָס פאַר אַ געביידע, און וועלכע מאַשינען, און וויפל אַרבעטער! אדרבא קומט, און פאַרגלייכט טאַקע מיט אייער אַמעריקאַנער. אָבער גע־דענקט נאָך דערצו, ווי שווער זיי זיינען אונז אָנגעקומען. מיר האָבן געדאַרפט אָנהייבן פון נול אָן. מיר האָבן גאָרנישט געהאַט, אַלץ האָט געדאַרפט אויסגעשריבן ווערן, געקויפט ווערן אין אויסלאַנד. די מאַשינעס, און די מענטשן ביי די מאַשינעס, און די פאַבריקבויער, די אינזשיניערן און די טעכ־ניקער, אַלץ און אַלץ. אָבער מיר זיינען געווען גוטע תלמי־דים, און איצטער טוען מיר אַלץ אַליין."

„און נאָכדעם ווי מיר וועלן באַזוכן די פאַבריקן, וואָס ווייטער?" האָב איך אים אומגעקערט צו מיין ערשטער פראַגע.

„אַ יע!" האָט ער זיך אַ כאַפּ געטאָן. „פון דער פאַבריק אַרויס, זאָלט איר נאָכגיין נאָך די אַרבעטער אין זייערע רו־הייזער, רו־פּאַרקס, קלובן, ביבליאָטעקן, מוזייען, בילדער־גאַלעריי־עס. קוקט דאָרטן נישט אויף די ווענט, קוקט נאָר אויף די אַר־בעטער־באַזוכער. קוקט זיך צו, ווי מען פירט זיי אַרויס פון דער פינסטערניש פון אומוויסנהייט און עם־הארצות צו דער ליכטיקייט פון בילדונג און וויסן, ווי מען עפנט זיי אויף די אויגן אויף מענטש און וועלט, אויף הימל און ערד..."

„און ווי איז וועגן זייערע אייגענע היימען? איך וואָלט טאַקע געוואָלט וויסן, ווי וואוינען זיי, וואָס רעדן זיי, און נאָך מער, וואָס דענקען זיי. דאָס איז מסתמא גאַנץ אוממעג־לעך אָן פרייהייט."

אָבער איצטער האָט ער נישט אַ וואָרט געטאָן קיין דער־

שראָקענעם בליק אויף טיר און ווענט, נאָר היציק ארויסגע־שריען:

„אומזין!"

„ווי הייסט, איר האָט דאָ רעדע־פרייהייט, פּרעסע־פריי־הייט?"

„וואָס דען נישט? נאָר די אונטערגראָבער און פאַררעטער האָבן זיי נישט. זאָלן ביי אייך אין אַמעריקע זיין אַזויפיל אונ־טערגראָבער און פאררעטער, וועט איר דאָרטן אויך אָפּנעמען ביי זיי דעם לשון. איר האָט דאַכט זיך ביי אייך אַ פּונקט אין דער קאָנסטיטוציע קעגן די, וואָס גראָבן זיך אונטער איר אונטער. דער רוסישער פּראָלעטאַריאַט פילט נישט, אַז ער האָט נישט קיין רעדע אָדער פּרעסע־פרייהייט. די פאַרבאָטן זיינען נישט פאַר אים, נאָר פאַר די, וואָס פּלאַנעווען קעגן אים. ער דענקט זיינע געדאַנקען און דריקט זיי אויס מינדלעך און שריפטלעך פראַנק און פריי, ווייל זיינע געדאַנקען זיינען די געדאַנקען פון דער מלוכה, פון דער פּראָלעטאַרישער סאָציאַ־ליסטישער מלוכה. אויב איר האָט נאָר די מעגלעכקייט, אדרבא, הערט זיך צו, וואָס אַרבעטער רעדן, וועט איר שוין אויך וויסן, וואָס זיי דענקען. וואָס דאַרפט איר ווייטער זוכן? אָט רעדט מיט אייך איצטער אַן אַרבעטער, אַ געוויינלעכער אַרבעטער. איך קאָן אייך פאַרזיכערן, אַז איך רעד, וואָס איך דענק. לייענט אונזערע צייטונגען — אין יעדן נומער וועט איר געפינען בריוו פון אַרבעטער, באַריכטן פון פאַרזאַמלונגען אין פאַבריקן און זאַוואָדן, וועט איר זען, אַז זיי דענקען און וויסן, ווי און וואָס צו דענקען. און איך בעט אייך צו גע־דענקען, אַז דער רוסישער פּראָלעטאַריאַט האָט קיינמאָל נישט געוואוסט פון אייערע דעמאָקראַטישע פרייהייטן און ער פילט זיך איצטער אַזוי פריי, ווי ער האָט זיך קיינמאָל נישט גע־פילט, און ער איז פריי, ווי ער איז עס קיינמאָל נישט געוועזן..."

„ווי איז עס מיט דעם רעכט צו שטרייקן?"

„שטרייקן?!" האָט ער זיך פאַרוואונדערט. „קעגן וועמען שטרייקן? קעגן זיך אַליין? האָט איר געהערט, אַז אַ באַלעבאָס

זאָל זיך אויסבאַדינגען דאָס רעכט צו שטרייקן? אַלע פאַבריקן און מינעס זיינען דער מלוכהס, דאָס הייסט דעם פּראָלעטאַר־יאַטס. אַלץ איז צוגעשניטן אַזוי, אַז די אַרבעטער זאָלן האָבן וואָס בעסער און וואָס שענער און וואָס געזינטער. וועט איר זיך אָנכאַפּן אָן דעם לוין — דער לוין איז קליין, איז נישט גענוג. ווייסן אונזערע אַרבעטער, אַז זיי ווערן פון קיינעם נישט עקספּלאָאַטירט, אַז דער צוועק פון דער סאָוויעטיש־סאָ־ציאַליסטישער מלוכה איז, אַז זיי זאָלן זיין וואָס זאַטער, און וואָס בעסער געקליידט, און וואוינען אין גרוימערע דירות. אָבער פאָרלויפיק מוז מען זען אויסקומען מיט ווייניקער, ווייל אויף מער און בעסער איז נאָך נישטאָ. איז קעגן וועמען זאָלן זיי שטרייקן? זיי קריגן נישט קיין בעסערן לוין, ווייל עמיצער וויל זיך אריינלייגן דעם מערווערט אין דער אייגענער קעשענע? לעבערלעך! און אגב ווייסן מיר, אז דער לוין האַלט אין איין שטייגן. איך האָב נישט ביי מיר אונטער דער האַנט די ציפערן, אָבער איך וואָלט אייך געקאָנט באַווייזן, ווי הויך דער לוין איז אָנגעשטיגן פאַר די לעצטע יאָרן, און אָן שטרייקן.״

„איר זייט דאָך אָרגאַניזירט אין יוניאָנס?״

„געוויס. נאָך ווי! אָבער נישט ווי אייערע אין אַמעריקע אין פאַך־יוניאָנס, נאָר אין אינדוסטריעלע יוניאָנס. אויב איך מאַך קיין טעות נישט, האָבן מיר עפּעס אָן ערך פון הונ־דערט און פינפאונזיבעציק אַזעלכע אינדוסטריעלע יוניאָנס. קאָנט איר מיר זאָגן, וויפל צאָלט ביי אייך אַן אַרבעטער שטייער אין דער יוניאָן? ביי אונז העכסטנס איין פּראָצענט פון זיין לוין. מיר האָבן איינגעפירט אַ זיבנשעהדיקן אַר־בעטסטאָג, אָבער מיר אַרבעטן בלויז פינף טעג, דער זעקסטער טאָג איז אַ רוטאָג. מיר קריגן יעדעס יאָר וואַקאַציע פון צוויי ביז פיר וואָכן מיט פולן לוין. מיר האָבן איינגעפירט אַ סאָ־ציאַלע פאַרזיכערונג אויף צייטן פון קראַנקהייט און אַרבעטס־אומפעאיקייט, און מיר גיבן פּענסיעס. מיט זעכציק יאָר קריגט מען שוין אַ פּענסיע, פון פופציק ביז זעכציק פּראָצענט פון די פריערדיקע שכירות. אונזער דירה־געלט באַטרעפט נישט

מער ווי צען פּראָצענט פון אונזער שכירות און אַמאָל נאָך ווייניקער."

„אויב די אַרבעטער זיינען אַליין די מלוכה, די באַ־לעבאַטים, איז אויף וואָס דאַרפן זיי זיין אָרגאַניזירט אין יוניאָנס?"

„איר פרעגט עס גלאַט אַזוי אום צו פרעגן אָדער אום צו רייצן זיך?" האָט ער זיך באַליידיקט. „די מלוכה האָט אַ סך דעפּאַרטמענטס, פאַרשיידענע קאָמיסאַריאַטן. די יוניאָנס זיינען אַזאַ דעפּאַרטמענט פון דער מלוכה. מיר האָבן נישט קיין אַרבעט־קאָמיסאַריאַט, די יוניאָנס זיינען דער דאָזיקער קאָ־מיסאַריאַט. זיי גיבן אַכט אויף דער אַרבעט און די אַרבעטער. זיי האָבן די פולע קאָנטראָל איבער אַלץ, וואָס איז נוגע אַר־בעטער־שוץ. די אינספּעקטאָרן, וואָס די יוניאָנס האָבן פון זיך באַשטימט, האָבן די גאַנצע דעה. אַז זיי שרייבן עפּעס פאָר, מוז די פאַרוואַלטונג פון דער פאַבריק פאָלגן און אויס־פירן. איר האָט דאָך געלאַכט, ווען איך האָב געזאָגט, אַז די אַרבעטער זיינען באַלעבאַטים, אָבער עס איז דאָך אמת. זיי באַטראַכטן די פאַבריקן אַלס זייערס, באַציען זיך צו זיי ווי צו זייער אייגנס און האַנדלען ווי גוטע באַלעבאַטים דאַרפן האַנדלען. זיי זיינען שטאַרק פאַראינטערעסירט אין דער אַנטוויקלונג פון דער אינדוסטריע און אין דעם, אַז די פאַבריקן זאָלן גיין וואָס בעסער, אַרויסגעבן וואָס מער. אָט אַזוי איז אַרויסגעקומען סטאַכאַנאָוו און דער סטאַכאַנאָוויזם. אָבער פריער נאָך. מיליאָנען דערפינדונגען און פאַרבעסערונגען קומען יערלעך פון אַרבעטער אַליין. מיר האָבן אין פסס"ר אַ יוניאָן פון דערפינדער, וועלכע ציילט איבער אַ מיליאָן מיטגלידער, אַלץ אַרבעטער. פאַרשטייט איר שוין? אדרבא רעדט מיט וואָס פאַר אַן אַרבעטער איר ווילט, איר וועט פון אים הערן דאָסזעלביקע, וואָס איך האָב אייך געזאָגט. און ווילט איר וויכן סאָוועטרוסלאַנד, גייט נאָר צום אַרבעטער, צום פשוטסטן, צו דעם, וואָס האָט זיך ערשט אויסגעלערנט לייענען און שרייבן, און צו דעם געבילדעטסטן. איר וועט פון אַלעמען הערן איין לשון."

און עס איז געווען אזויפיל איבערצייגונג אין זיין טאָן, אזא ווילן, מיר זאָלן אים גלויבן... אן איינפאַכער ארבעטער פון א מאָסקווער בוכבינדעריי.

# די אַרבעטער אין די פאַבריקן

מיר זיינען געווען אַ גרופּע אַמעריקאַנער און ענגלענדער אין אַ טאַבאַק־פאַבריק, אין איינער פון די זעקס טאַבאַק־פאַבריקן אין מאָסקווע. אַן אָנגעשטעלטע פון דער פאַבריק האָט אונז אַרומגעפירט, באַוויזן, דערציילט, דערקלערט. זי האָט גערעדט אין גוטן רוסיש, און אַן אינטוריסט־איבער־זעצערין האָט איבערגעזעצט אין שלעכטן ענגליש.

גלייך פון אָנהויב האָט אונז די פאַבריק־אָנגעשטעלטע אָנגעזאָגט, מיר זאָלן זיין וויסן, אַז אַלץ, וואָס מיר זעען דאָ, איז ניי. מיט יאָרן צוריק איז די פאַבריק געווען קליין און אומבאַדייטנדיק. ווי אין דער גרויס פון דער פּראָדוקציע אַזוי אין דער צאָל פון אירע אַרבעטער. איצטער איז די צאָל פון די אַרבעטער פאַרהונדערטפאַכט און די גרויס פון דער פּראָדוקציע פאַרטויזנטפאַכט. וואָס עס איז אַמאָל געטאָן געוואָרן מיט די הענט, ווערט איצטער געשאַפן מיט מאַשינען.

זי האָט אונז אַריינגעבראַכט אין דעם גילזן־זאַל. אַ ריזן־זאַל, אָנגעשטעלט מיט לאַנגע שורות מאַשינען, וועלכע גיבן פון זיך אַרויס פּאַרטיקע גילזן און לייגן זיי איין טויזנטווייז אין הילצערנע אויפנעמער. אַרום די מאַשינען זיינען אַרומגע־גאַנגען פרויען, וואו נישט וואו אַ פּאָר מענער. די אַרומפירערין האָט דערקלערט: נאָרמאַל איז איין אַרבעטערין אויף איין אָדער צוויי מאַשינעס, אָבער עס זיינען שוין פאַראַן סטאַ־

באַנאַוואָקעס. בעריעס, וועלכע נעמען אויף זיך פיר און זעקס און אַפילו אַכט מאַשינעס. זי האָט אויך פאָרגעשטעלט פאַר די געסט אַ פּאָר פון די סטאַכאַנאָוואָקעס.

איך און מיין פרוי האָבן זיך נישט געדאַרפט צוהערן צו דער איבערזעצערין. ווערליק זי האָט איבערגעזעצט פאַר די אַמעריקאַנער און ענגלענדער, וואָס די אַרומפירערין האָט געזאָגט, האָבן מיר דערוויילע געזען אַריינכאַפּן אַ שמועס מיט די אַרבעטערקעס. מער ווי די מאַשינען, האָבן אונז אינטערעסירט די מענטשן ביי די מאַשינען. וואָס פאַר אַ באַציאונגען צווישן די לאַנגזאַמע און די שנעלע? איז נישטאָ קיין קנאה און פיינטשאַפט צווישן זיי? מער מאַשינען מיינט מער געלט, גרעסערער לוין, און גרעסערע פּראָדוקטיוויטעט מיינט גרעסערע געטריישאַפט צו סטאַלינען און דער נייער אָרדנונג. ווי נעמען עס אויף די לאַנגזאַמע?

די סטאַכאַנאָוואָקעס, האָבן מיר געזען, זיינען נישט דווקא אַלע יונגע. צווישן זיי זיינען געוועזן עלטערע מיטליעריקע פרויען און איינע אַ גאַנץ דיקע מיט לאַנגזאַמע באַוועגונגען. דער סוד פון דער שנעלקייט ליגט, הייסט עס, נישט אין יונגט און אין גרעסערער באַוועגלעכקייט, נאָר אין קענען קאָנצענטרירן זיך און אין קענען אַזוי גוט די מאַשינען, אַז די קלענסטע שטערונג זאָל גלייך באַמערקט ווערן. אַ טאַלאַנט צו די מאַשינען. אויף טאַלאַנט האָט מען קיין פאַריבל נישט. טאַלאַנט רופט נישט אַרויס קיין פיינטשאַפט און פּראָטעסט. די אַנדערע וואָלטן זיכער געווען אין כעס און בייז, ווען די שנעלע וואָלטן אַרויסגעזעצט פון זיך די נשמה, וואָלטן אַליין געוואָרן יאַגנדיקע מאַשינעס, וועלכע מוזן באַלד צוזאַמענברעכן. דער מאָטיוו געטריישאַפט צו סטאַלינען און צום נייעם רעזשים וואָלט געווען אַ בייטש. מען וואָלט געמוזט אָנשטרענגען זיך איבער די כוחות און נאָכיאָגן זיך נאָך די שנעלע. און דאָס וואָלט געהייסן אָוועקהרגענען זיך. אָבער ווען די סטאַכאַנאָוואָקעס האָבן פשוט אַ באַזונדער חוש פאַר דער אַרבעט ביי די מאַשינען, איז עס זייער גליק, און די אַנדערע זיינען באַפרייט פון נאָכיאָגן זיך נאָך זיי. איז נישטאָ

קיין קנאה און קיין פיינטשאפט. דערציילן די לאנגזאמע מיט גאווה וועגן די אויפטואונגען פון די טטאכאנאָווקעס. זיי זיינען שטאָלץ אויף זיי, אויף די געבענטשטע מיט טאלאנט און איינע א קליינע, א דארע, פון די לאנגזאמע, האָט אונז אָנגעוויזן בארימעריש אויף א סטאכאנאָווקע:

„אָט א טייוול אַן ארבעטערקע! בין זיבער, איר האָט נישט אזא אין אייער אמעריקע!"

דאָס איז געווען א יונגע, שלאנקע ארבעטערין, מיט א לענגלעכן שווארצחנעוודיקן און זייער ענערגישן געזיכט, און זייער קלוגע גרויע אויגן. די פאפּיראָסקע אין לינקן ווינקל פון איר מויל האָט ארויסגעשטעקט פון צווישן די דינע ליפּן ווי א טייטל פון איר קאָנצענטרירטקייט און אָנגעצויגענע נערוון.

„אייער פריינדין האָט אייך שטארק געלויבט." האָב איך איר געזאָגט.

זי האָט נישט אוועקגענומען די אויגן פון די מאשינעס, האָט צורעכטגעלייגט עטלעכע גילזן, וועלכע האָבן זיך אוועק־געלייגט אין דער קרים פון דעם אויפנעמער, און קוים ארויסגערעדט:

„איז זאָל זי."

„ווי פילט מען זיך עפּעס אַלס סטאכאנאָווקע?"

„וואָס איז דען?"

„נישט אַלע קאָנען עס דאָך זיין."

„ווער עס קאָן, קאָן."

אזוי וואָרטקורץ. אָבער אין איר טאָן, מיט וועלכן זי האָט ארויסגערעדט די איינצעלנע ווערטער, איז געלעגן דער כּוח פון דער אידעע, פון דער טרייבקראפט אין אַלע פאב־ריקן און אונטערנעמונגען אין ראטנפארבאנד.

אין דער אָפּטיילונג, וואו די ליידיקע גילזן זיינען אָנ־געשטאָפּט געוואָרן מיט טאבאק, האָט די ארומפירערין גע־האלטן א גאנצע לעקציע. אָט די ארבעט איז אמאָל געטאָן געוואָרן מיט די הענט. ארבעטער און ארבעטערקעס, אפט גאנץ יונגע קינדער, פלעגן זיצן ביי דער דאָזיקער ארבעט

לאנגע שעהן, און לאנגזאם פארסמען זיך, און ביסלעכווייז אריינארבעטן זיך אין דער שווינדזוכט. איצטער, ווי איר זעט, טוען עס מאשינען. די ארבעטער גיבן בלויז אכטונג אויף די מאשינען. אויך דא זיינען פאראן סטאכאנאָוויקעס. אלע ארבעטן בלויז זיבן שעה און ווערן אפט אונטערזוכט פון א דאקטאר און אלע מיטלען ווערן פארגענומען, אז די ארבעט ביים טאבאק זאל זיך נישט אָפּרופן שלעכט אויף די מענטשן.

ביי עטלעכע מאשינען האט די ארומפירערין אויפמערק־זאם געמאכט, אז זיי זיינען צוערשט אריינגעבראכט געוואָרן פון דייטשלאנד, אָבער איצטער מאכט מען זיי שוין אין סאוויעטרוסלאנד אליין. רוסישע דערפינדער האבן געמאכט ענדערונגען און פארבעסערונגען און — „אט זעט, ווי גוט זיי ארבעטן!" זי האט דערביי ארויסגעלייגט אויף זיי איר האנט פול לאסקע, און די טויטע מאשינען זיינען אויף א מאָ־מענט געוואָרן לעבעדיקע נפשות, וועלכע דו האסט געקאָנט צערטלען און ליבן.

ווען די איבערזעצערין האט איבערגעגעבן אלץ, וואס די פירערין האט געזאגט, האבן די אמעריקאנער איראניש געשמייכלט. א, זיי ווערן פון גארנישט נתפעל. זיי ווייסן, אז אין ריטשמאָנד, ווירדזשיניא, זיינען פאראן א סך, א סך גרעסערע טאבאק־פאבריקן, וואו די מאשינען האבן שוין לאנג אויפגעהערט צו זיין א וואונדער, און קיינער לייגט שוין מער נישט ארויף אויף זיי אן אנטציקטע לאסקע־האנט. די צו־פרידענע דערקלערונגען פון דער פירערין האבן זיי אויפגע־נומען, ווי די קעלבערנע התפעלות פון אייגער, וואס האט זיך ערשט אויסגעלערנט צו לייענען און שרייבן און צולאָזט זיך פאר אלטע תלמידי חכמים וועגן דעם גרויסן וואונדער פון קאָנען לייענען און שרייבן.

אָבער די רוסישע פאבריק האט געהאט עפעס, וואס די אמעריקאנער האבן אין זייערע פאבריקן קיינמאל נישט געזען.

לאנגע פלאקאטן האבן זיך געצויגן איבער דער גאנצער לענג פון די ווענט, זאל־איין זאל־אויס, און אויף זיי אויס־

לערערישע אויפשריפטן, פראפאגאנדע-לאזונגען, וואס די אר־בעטער פון דער פאבריק האבן זיך אליין אויסגעשריבן, זיי זאלן שטיין פאר זייערע אויגן, רויט אויף ווייס, יעדע שעה פון זייער ארבעטסטאג און דערמאנען זיי אן דער רעוואָ־לוציע, וועלכע איז פארגעקומען אין זייער לעבן, און אן זייערע פליכטן צום סאציאליסטישן פאטערלאנד.

דאס זיינען געוועזן די טעג נאך דעם פראצעס פון די זעכצן, און איין אויפשריפט האט געווארנט מיט גרויסע רויטע אותיות אלע פאררעטער, זיי זאלן זיך היטן. דער רוסישער פראלעטאריאט וועט אומברחמנותדיק דערדריקן די העסלעכע שלאנג פון פארראט.

א צווייטע אויפשריפט האט געווארנט דעם פיינטלעכן אויסלאנד. די רוסישע סאוויעטישע פעדעראטיווע סאציאליס־טישע רעפובליקן ווילן שלום, אבער זיי זיינען פולשטענדיק צוגעגרייט צו געבן איבער די הענט אלע די, וואס ווילן מאכן א פארזוך אפצורייסן פון זיי כאטש דעם קלענסטן טייל.

א דריטע אויפשריפט האט באלערנט די לייענער, אז די וועלט קאן נאר זיין גליקלעך, ווען זי וועט אוועקגיין אין דעם וועג, וואס מארקס-ענגעלס-לענין-סטאלין האבן אויסגעלייגט פאר איר.

א פערטע האט איבערגעחזרט סטאלינס פרייִלעכע בשורה: „לעבן איז געווארן בעסער, לעבן איז געווארן פרייִלעכער!“ — א בשורה, וועלכע מען האט געקאנט אראפלייענען פון פלא־קאטן אויף פארשיידענע ווענט אין פארשיידענע שטעט פון גאנצן לאנד.

אבער אונטער די גרויסע פלאקאטן אויף די ווענט פון דער פאבריק זיינען געוועזן פול און פיל קליינע אויפקלער־נגען. היגיענישע ווענדונגען צו די ארבעטער, דער עיקר צו די אר־בעטערקעס, צווישן וועלכע עס געפינען זיך א סך יונגע זויג־מוטערס. עס ווערט זיי אנגעגעבן איןווארט און בילד, ווי זיי דארפן זיך רייניקן די הענט, איידער זיי רירן זיך צו צום קינד, און ווי זיי דארפן זיך וואשן די בריסט, איידער זיי טראגן זיי אונטער דעם זויגלינג. אויב זייער אייגענער געזונט

און דער געזונט פון די קינדער שפּילן ביי זיי אַ סנאָפּע ראַליע, דערמאָנט מען זיי נאָך, אַז דאָס סאָציאַליסטישע פאָ־טערלאַנד וויל האָבן געזונטע ארבעטער און ארבעטערקעס, און געזונטע קינדער, אַ פרישן און קרעפטיקן נייעם דור. היט אָפּ אייער געזונט, ווייל אייער סאָציאַליסטיש פאָטערלאַנד דאַרף אייך, און ווייל איר ליבט אייער סאָציאַליסטיש פאָטערלאַנד און ווילט אים ערלעך און לאַנגיעריק דינען.

און ווידער אַ מאָל: „לעבן איז געוואָרן בעסער, לעבן איז געוואָרן פרייליכער!״

אין דעם פאַבריק־רעסטאָראַן, וואו די ארבעטער עסן זייערע מאָלצייטן גוט און ביליק, האָט דער ראַדיאָ פונאַנדער־געטראָגן די וויכטיקסטע נייעס פון טאָג, די באַדייטנדסטע דערגרייכונגען אין לאַנד, אויפטואונגען, וואָס זיינען אַ כבוד פאַר דעם סאָציאַליסטישן פאָטערלאַנד. אַ לופטפליער האָט גע־שלאָגן דעם וועלטרעקאָרד מיט אויפהויבן זיך זייער הויך מיט אַ גרויסער משא. אַ שאַכשפּילער האָט געוואונען אין דעם שאַכטורניר אין ענגלאַנד דעם ערשטן פּרייז. זעט, ווי גרויס און שטאַרק אונזער סאָציאַליסטיש פאָטערלאַנד איז! אומעטום קומען מיר אַרויס די ערשטע! אומעטום זיינען מיר די שטאַרקסטע און די זיגער. דאָס איז, ווייל מיר ליבן אַזוי אונזער פאָטערלאַנד און אונזער גרויסן פירער סטאַלין! לעבן איז געוואָרן פרייליכער!

ווען איך בין פאַר פיר־יאָרן געקומען פון ארץ ישראל, האָב איך דערציילט, ווי אַ גייסטיק־קולטורעלן וואונדער, וואָס אויף די טויערן פון אַ גרויסער יידישער פאַבריק אין חיפה האָב איך געפונען מודעות וועגן ביכער, וואָס די ארבעטער זאָלן לייענען און דיסקוטירן. דעמזעלביקן וואונדער האָבן מיר אַנט־דעקט אויף די טויערן פון דער טאַבאַק־פאַבריק אין מאָסקווע. נייע ביכער זיינען אָנגעזאָגט געוואָרן. מען קאָן זיי קריגן אין דער פאַבריק־ביבליאָטעק.

אין איין אָפּטיילונג זיינען געזעסן פרויען און האָבן אַרויפגעלייגט גרויסע טאַבאַקבלעטער אויף אַ קאָנווייער, וועל־כער האָט אַוועקגעטראָגן און אָפּגעלאָדן די בלעטער אין אַ רער, וואו זיי האָבן זיך אָראָפּגעגליטשט אין אַן אונטערשטן

עטאזש. זיינען דאָ פֿאַראַן סטאַכאַנאָוועס? ניין, דאָ זיינען סטאַכאַנאָוועס אוממעגלעך. זיי קאָנען נישט אַרבעטן שנעלער, ווי דער קאָנווייער באַוועגט זיך, און ער, ווי איר זעט, איז נישט פון די איילנדיקע. קאָן מען דאָ, הייסט עס, געמיטלעכער דורכשמועסן זיך? אויב איר ווילט...

„ווער האָט אויסגעקליבן די פּאַרוואַלטער פון דער פאַבריק?"

„קיינער נישט."

„זיי ווערן נישט אויסגעקליבן פון די אַרבעטער?"

„ניין."

„ווער־זשע באַשטימט זיי?"

„דער טרעסט. דער טאַבאַק־טרעסט."

„און ביי די אַרבעטער פרעגט מען זיך גאָרנישט אָן?"

„ניין."

„האָבן די אַרבעטער גאָר קיין דעה נישט..."

די ענטפערין, אַן עלטערע פרוי, האָט איבערגעריסן די פראַגע און שנעל געגעבן דעם ענטפער:

„ווען אונז געפעלט נישט וואָס אין דער פּאַרוואַלטונג, האַלטן מיר אָפּ אַ פאַרזאַמלונג און באַשליסן, אַז עס געפעלט אונז נישט. דעמאָלט וועט מען זיך צו אונז צוהערן. מיר קאָנען באַשליסן, אַז עס געפעלט אונז נישט דער דירעקטאָר, אָדער אויפמערקזאַם מאַכן, וואָס עס איז שלעכט אין זיין פירונג, און איר קאָנט זיכער זיין, אַז ער וועט אַראָפּ אָדער מוזן בעסערן זיך. נו, האָבן די אַרבעטער אַ דעה?"

אויגן האָבן אויפגעלויכטן, אַ טריאומף־שמייכל האָט פאַרריסן די אויבערשטע ליפּ. אַ שמייכל, וועלכער האָט געזאָגט מער ווי די לענגסטע רעדע, ווי זעלבסטבאַוואוסט דער רוסישער אַרבעטער איז און ווי זיכער ער פילט זיך אין דער ראַליע, וואָס איז אויף אים אַרויפגעלייגט געוואָרן.

דאָס, וואָס מיר האָבן געפונען אין דער טאַבאַקפאַבריק, האָבן מיר אַ צווייטן טאָג ווידער אַ מאָל געפונען אין אַ גרויסער בעקעריי, אַ ברויט־פאַבריק. אַ נייע געביידע, נייע מאַשינען, נייע איינריכטונגען און — נייע מענטשן. די אַלטע

מענטשן האָבן זיך געמוזט באַנייען מיט דער נייקייט פון דעם לעבן אַרום זיי, מיט דעם וואונדער פון דעם לעבן אַרום זיי.

אַן אַלטער בעקער האָט מיט גדלות אָנגעוויזן אויף די נייע מאַשינען, אויף דער מעכאַניזירונג פון אַזאַ זאַך ווי ברויטבאַקן. פון זיין געזיכט איז נאָך נישט פאַרשוואונדן די התפּעלות איבער די נייע חידושים. ער פלעגט עסן זיין ברויט מיט דעם שווייס פון זיין אָנגעזיכט, אָבער אויך אַריינ־קנעטן זיין שווייס אין דעם טייג, וועלכן ער האָט געקנאָטן. איצטער קנעט דעם טייג אַ מאַשינע! אין אַ גרויסן קעסל באַוועגן זיך אייזערנע אָרעמס און קנעטן און קנעטן!... ער האָט זיך נאָך נישט צוגעוואוינט צו זיי, זיי זיינען פאַר אים נאָך אַלץ דער גרויסער חידוש, און ער האָט געוואָלט, אַז אויך מיר זאָלן זיך וואונדערן און קריגן התפּעלות.

האָט די בעקעריי סטאַכאַנאָוועקעס? נאָך ווי! שטאָלצע טעכטער פון ראַטנפאַרבאַנד, וועלכע גיבן אייך קורצע און צום פּונקט שאַרפע ענטפערס אויף די פראַגן, וועלכע איר שטעלט זיי, און איינע פון זיי זאָגט אונז מיט פייער אין די אויגן:

„זיי שרייבן דאָרטן אין היטלער־לאַנד, אַז מען הונגערט דאָ אין סאָוויעטרוסלאַנד. איר זעט, ווי מען הונגערט ביי אונז? זיי וואָלטן דאָרטן געווען גליקלעך, ווען זיי האָבן די ברעק־לעך, וואָס פאַלן ביי אונז אַראָפּ.”

## וועגן עטוואָס, וואָס איז פאַרשוואונדן פון דער רוסישער גאַס.

איינמאָל גייענדיק איבער מאָסקווער גאַסן, האָב איך געוואָלט זאָגן מיין פרוי: „ווייסט, מיר זיינען שוין אַזויפיל טעג אין מאָסקווע און האָבן נאָך קיין איין שכור נישט געזען!" אָבער די ווערטער זיינען מיר געבליבן שטעקן אין האַלז. איך האָב פּלוצלונג דערזען אַ שיכור אויסגעצויגן אויפן טראָטואַר לעבן דער רינע. געלעגן טויט־שיכור, אין שווערן שלאָף, צו־שויבערט און צודראָפּעט. האָב איך גלייך איבערגעביטן עט־לעכע ווערטער פון די, וואָס זיינען מיר געבליבן שטעקן אין האַלז און געזאָגט צו מיין פרוי:

„ווייסט, מיר זיינען שוין אַזויפיל טעג אין מאָסקווע און מיר זעען ערשט דעם ערשטן שיכור!"

שפּעטער מיט טעג האָבן מיר געזען אַ שיכורן מאַטראָס, אַרום וועלכן עס האָט זיך צונויפגעקליבן אַ גרויס רעדל. חברים האָבן אים געוואָלט אויפהייבן פון טראָטואַר און אָפּפירן אַהיים, אָבער ער האָט זיך נישט געלאָזן, געראַנגלט זיך מיט זיי און געשריען, וואָס דאַרף ער אַ היים, אַז עס איז אים גוט, וואו ער איז.

און נאָך איינעם, און נאָך איינעם. עטלעכע אין צאָל אין אַלע שטעט, וועלכע מיר האָבן באַזוכט, אין מינסק, מאָסקווע,

בארקאוו, סעוואסטאפאל, סימפעראפאל, אדעס, קיעוו, לעני־נ־גראד ..

שיכרות איז פארשוואונדן פון די גאסן פון די רוסישע שטעט. די, וואס ליבן דעם טרונק און שעמען זיך נישט צו באטרינקען זיך, שיכורן אין די היימען, אין פריוואטע צימערן פון די האטעלן און רעסטאראנען, אין דער אפגעשלאסענער געזעלשאפט פון אייגענע מענטשן, אבער דערוועגן זיך נישט ארויס אין גאס. מען האט מורא פאר דער אייגענער צונג, וועלכע קאן ארויסגעבן וואס אויף דער לונג. שיכורערהייט קאן מען אמאל ארויסזאגן אין דער עפענטלעכקייט א ווארט, וואס קאן איינעם קאסטן זיין פרייהייט אויף א לאנגער צייט.

אין א מאסקווער אויטאבוס איז אריין א מאן, אין וועלכן מען האט לייכט געקאנט דערקענען אן אמאליקן מאסקווער קופיעץ. הויך און דיק, מיט א צוגעשארענעם ברייטן רויטן באַרד, אין א ביסל מלא. שטארק נאך אויף די פיס, אבער שוואך שוין אויף דער צונג, און אויגן און אטעם האבן פאר־ראטן דעם שנאפס. אריין, אוועקגעזעצט זיך, און גענומען ארומקוקן זיך, מיט א געלעכטער איבער זיין ווייט פונאנדער־געעפנטן באבארדטן מויל, ווי ער וואלט געזוכט עמיצן, וועמען צו דערציילן עפעס א פריילעכס. א קוק געטאן רעכטס, א קוק געטאן לינקס, איינגעגעסן זיך מיט די אויגן אין צוויי יונגע־לייט, וואס זיינען געזעסן אנטקעגן אים, און צורעדט זיך:

„ירושלימער בירגער געוועזן און געבליבן... איינמאל א בירגער פון ירושלים, וועסטו שוין אזוי בלייבן. דא וועט קיין שום רעוואלוציע נישט העלפן. וועסט מיט פייער נישט אויס־ברענען און מיט וואסער נישט דערטרינקען... אזוי האב איך זיי געזאגט." און זיי זאגן מיר: „האלט בעסער די צונג!" און איך זאג זיי: „פארוואס זאל איך האלטן די צונג, אז איר זייט פארט ירושלימער בירגער?" זאגן זיי, זיי וועלן מיך לאזן ארעסטירן. זאג איך זיי: „פארוואס זאלט איר מיך לאזן ארעסטירן, אז איר זייט ירושלימער בירגער געוועזן און געבליבן?... איז עס דען נישט אזוי?" האהאהא... „און איר וואס וועט זאגן?" האט ער זיך געווענדט צו די צוויי אנט־

סענן אים. „איז עס דען נישט אזוי? ירושלימער בירגער געוועזן און געבליבן..."

די צוויי וויזאוויס האָבן גאָרנישט געענטפערט, נאָר גוט־מוטיק געשמייכלט, אַמוזירט פון דעם מאָנאָלאָג פון אַ שיכור. און ער האָט פאָרטגעזעצט:

„מער האָב איך זיי גאָרנישט געזאָגט. אַלץ זיי געשפּאָרט אין האַלז אַריין „ירושלימער בירגער". „פאַרוואָס, זאָג איך, קאָנט איר נישט טרינקען? ווייל איר זייט ירושלימער בירגער... אויסגעטרונקען אַ גלעזל און פאָרטיק, ירושלימער בירגער!... וואָס איז צו מאַכן, אַז מען איז פאָרט אַ ירושלימער בירגער, העהעהע... אָט אַזוי האָב איך זיי געפּאָרעט... וואָס זייט איר פאַר אַ פאָלק, אַז איר קאָנט נישט טרינקען, ירושלימער בירגער וואָס איר זייט! אָט האָט מען אייך אויסגעגלייכט מיט אַלעמען, און טרינקען קאָנט איר פאָרט נישט... ירושלימער בירגער געוועזן און געבליבן... אָט אַזוי האָב איך זיי, אָט אַזוי..."

ער איז דאַכט זיך שיכורער געוואָרן פון באַגייסטערונג פאַר דער שאַרפקייט פון זיינע אייגענע ווערטער, מיט וועלכע ער האָט „געפּאָרעט" זיינע יידישע מיטטרינקער, און האָט זיך צולאַכט, פאַרגאַנגען זיך אין אַ געלעכטער.

דער אויטאָבוס איז אַרויף אויף לוביאַנקע, דערנענטערט זיך צו דער באַרימטער, שרעקאָנוואָרפנדיקער געביידע פון דער געפּעאו, וועלכע טראָגט איצטער די ראשי תיבות ענקאַוועדע (נאַראָדני קאָמיסאַריאַט וונוטרעניך דיעל). די צוויי יונגעלייט, צו וועלכע דער שיכור האָט די גאַנצע צייט גערעדט, זיינען אויפגעשטאַנען און האָבן זיך געווענדט צו אים:

„בירגער, איר וועט זיך מטריח זיין מיט אונז!"

ער האָט אויפגעהויבן אויף זיי פרעג־אויגן, נישט פאַרשטייענדיק, וואָס זיי מיינען. פּלוצלונג זיינען זיינע אויגן געוואָרן גרויס און ברייט און אָנגעפילט מיט שרעק. ער האָט דערזען אויף זייערע לאַצן אָן אָפּצייכן, וואָס האָט אים אויפגעדעקט, ווער זיי זיינען. ער האָט זיך מיט אַ מאָל אויסגענִיכטערט.

„ווי־זשע?... וואָס־זשע?..." האָט ער אָנגעהויבן צו שטאַמ־לען. „איך האָב דאָך נאָר געשפּאַסט... אַזוי זיך... איך האָב גאָרנישט אַזוינס... איך האָב נאָר צופיל אויסגעטרונקען..."

און די יונגעלייט: „איר וועט זיך מטריח זיין און קומען מיט אונז!"

ער האָט אויסגעשטרעקט צו זיי די הענט, געזוכט אָנ־צורירן זיך אָן זיי און רירן זייערע הערצער, שיר נישט גע־שטעלט זיך פאַר זיי אויף די קני:

„איך האָב דאָך נאָר גלאַט אַזוי... געשפּאַסט... זיי האָבן דאָך גאָרנישט... זיי האָבן זיך נישט באַליידיקט... זיי האָבן עס אָנגענומען ווי אַ שפּאַס... גוטע פריינט, אַלטע באַ־קאַנטע..."

עס האָט אים נישט געהאָלפן. זיי האָבן אים אַראָפּגע־נומען פון אויטאָבוס און אַוועק מיט אים צו דער געביידע, וואָס די אַריינקומער אין איר, קומען שוין נישט אַזוי שנעל אַרויס. די איבערגעבליבענע פּאַסאַזשירן האָבן אים נאָכגעשיקט זיין אורטייל.

„נו, אַריינגעפּרעסן זיך!"

„שוטה! אָנגעטרונקען זיך און פּלוידערט!"

ציטערט די רוסישע גאַס פאַר אָנשיכורן זיך, ווייל מען קאָן זיך חס ושלום צופּלוידערן...

איז פאַרשוואונדן שיכרות פון די גאַסן!

איך האָב דערציילט אַ מאָסקווער באַקאַנטן מיין באַ־אָבאַכטונג. ער האָט אָפּגעשמייכלט און געזאָגט:

„און נאָר דאָס איז פאַרשוואונדן? וואָס נאָך האָט איר נישט געזען מער אויף די גאַסן פון מאָסקווע?"

איך האָב זיך אָנגעשטרענגט צו דערמאָנען, אָבער ער האָט זיך נישט דערוואַרט און אַרויסגעהאָלפן מיר:

„פּראָסטיטוטקעס! האָט איר געזען פּראָסטיטוטקעס אויף די גאַסן פון מאָסקווע? און איר וועט זיי אין ערגעץ נישט זען. זיי זיינען פאַרשוואונדן פון די גאַסן פון מאָסקווע און פון אַלע שטעט פון אונזער געבענטשטן לאַנד. שיכרות וועט איר נאָך זען, פּראָסטיטוטקעס אָבער קיינמאָל נישט. איר זייט

דאָך אַן אַלטער מאָסקוויטש, איר מוזט דאָך געדענקען. האָט מען געקאָנט דורכגיין די טווערסקאַיאַ גאַס, איצטער גאָרקים גאַס, און נישט אָפּגעשטעלט ווערן אויף טריט און שריט? איז נישט דער טווערסקאָי בולוואַר, וואו עס געפינט זיך דער פּוש־קין־דענקמאָל, נישט געוועזן ווי אַ בירזשע פון פּראָסטיטוטקעס? און פּאַרוואָס נאָר דער טווערסקאָי בולוואַר? אַלע בולוואַרן, אַלע פּאַרקן... וואו נאָר אַ בוים און אַ באַנק... און די הייז־לעך־גאַסן געדענקט איר? איר זייט אין אייער מאָסקווער צייט געוועזן נאָך אַ יונגער ייִנגל, ווייסט איר מסתמא נישט, אָבער איר האָט זיך געמוזט געניט אָנהערן. גאַנצע קוואַרטאַלן מיט גאַסן, אַרום סוכאַרעווער באַשניע און דעם טאָלקוטשי רינאָק, די גאַנצע צפון־מערבדיקע זייט פון דער הייליקער שטאָט מיט אירע פערציק מאָל פערציק קלויסטערס — שמאָלע גאַסן, ענג באַבויטע, וואו יעדעס הויז איז געוועזן אַ הייזל אָנגעשטאָפּט מיט פּראָסטיטוטקעס. דאָס אַלץ איז נישטאָ מער. גאַנצע קוואַרטאַלן אַראָפּגעטראָגן געוואָרן. גאַסן און הייזער — אַראָפּ. איר וועט די געגנט מער נישט דערקענען, אויב איר האָט זי אַ מאָל געקענט. ברייטע בולוואַרגאַסן געוואָרן, און נייע געביידעס, הערלעכע סאָוויעט־אינסטיטוציעס. און פון די פּראָסטיטוטקעס קיין שפּור נישט. ווי אין די איבעריקע טיילן פון שטאָט. ווילט איר דאָך וויסן, וואָס איז געוואָרן פון דער גרויסער פּראָסטיטוטקעס־אַרמיי? מען האָט זיי חס ושלום נישט אויסגעהרגעט און נישט פאַרשיקט אין קאָנצענטראַציע־לאַגערן, און זיי לעבן אויך נישט אין באַהעלטענישן. מען האָט זיי נאָר איבערדערצויגן און געמאַכט פאַר גוטע אַרבעטערקעס. מען האָט זיי קודם כל אַריינגענומען אין ספּעציעלע, פאַר זיי באַשטימטע הייזער, וואו זיי האָבן געקראָגן מעדיצינישע באַ־האַנדלונג. מען האָט געזונט געמאַכט זייערע קערפּער, און גלייכצייטיק האָט מען זיך גענומען געזונט צו מאַכן זייער גייסט. די סאָוויעט־רעגירונג איז צוגעטראָטן צו זיי פון דעם שטאַנדפּונקט, אַז זיי זיינען געקומען צו זייער באַשעפטיקונג געטריבן דורך נויט, ווייל זיי האָבן קיין אַנדער באַשעפטיקונג נישט געקאָנט קריגן און ווייל זיי האָבן קיין אַנדער באַשעפּ־

טיקונג אויך נישט געהאט. זיינען די הייזער, אין וועלכע מען האט זיי אויפגענומען, געוואָרן אינסטיטוטן און שולן, וואו מען האט זיי געגעבן קורסן אין פארשיידענע לימודים און אויסגעלערנט אן ארבעט. יעדע איינע האט זיך געקאָנט אויס־קלייבן די ארבעט און די באשעפטיקונג, צו וועלכער זי האט זיך געפילט אמפעאיקסטן. איצטער וועט איר זיי געפינען אין די פארשיידנסטע פאבריקן און אינסטיטוציעס, און אפילו אויף הויכע פאראנטוואָרטלעכע שטעלעס. נאָך דער וואונדערלעכער סאָוויעטישער מאָראל וועט קיינער זיי קיינמאָל נישט דער־מאָנען, וואס זיי זיינען געווען. סיידן זיי אליין וועלן צומאָל ארויסזיפצן יענע צייט ווי א וויסטן בייזן חלום. איז אין אנהויב זיינען אין מאָסקווע געווען א סך אזעלכע אינסטיטוטן און שולן פאר געוועזענע פראָסטיטוטקעס. איצטער איז געבליבן איין אינסטיטוט אזא און נישט מער, און דער וועט זיך מסתמא אויך באלד צומאכן, ווייל עס זיינען נישטאָ מער קיין פראָסטיטוטקעס. אויסגערייניקט גאסן און הייזלעך — איר האט עס טאקע באמת נישט באמערקט? עס מוז זיך דאָך ווארפן אין די אויגן...״

פארן אוועקפאָרן פון רוסלאנד זיינען מיר געזעסן אין א לענינגראדער האָטעל מיט א גרופע ארומוואנדערער איבער רוסישע שטעט און דערפער און האָבן צונויפגערעדט זיך, אז נאָך עפעס איז פארשוואונדן פון די רוסישע גאסן, וואס האט זיך געדארפט ווארפן אין — די אויערן.

דאָס רוסישע פאָלק האט פון פארצייטן אָן באשמוצט זיין שפראך מיט א פאָרנאָגראפישער, ניבול־פהאישער קללה, וועלכע האט גראָב באליידיקט מוטער. זי האט אפילו אויפ־געהערט צו זיין א קללה, וועלכע מען האט ארויסגעשריען אין א מאָמענט פון כעס און בייזקייט, נאָר איז געוואָרן גלאט אזוי א ווערטל, אָן וועלכן א רוסישער מענטש האט זיך נישט געקאָנט באגיין אין דער פריינטלעכסטער אפילו גוטמוטיקייט. געוואָרן א געוויינהייטסווערטל, א רעדנסארט. יידן, ביי וועמען די צונג האט זיך גאָר נישט איבערגעקערט אין מויל אויף ארויסצורעדן דאָס דאָזיקע ווערטל, האָבן עס הומאָריסטיש־

סימבאָליש באַצייכנט אַלס אַ „מי שברך” און געמוזט זיך פילן מאָראַליש ווייט איבער דעם רוסישן פאָלק, וואָס זיין אינ־טעליגענציע אפילו האָט זיך נישט געשעמט ארומצואווארפן מיט דער אוממעגלעך ציניש־גראָבער באַליידיקונג פון אַ מוטער. די רוסישע לופט איז געווען פול מיט דער דאָזיקער געמיין־שמוציקער קללה. עס איז געווען אוממעגלעך צו רעדן מיט אַ רוס, אַז מען זאָל עס נישט באַקומען צו הערן גלאַט אַזוי זיך אין גוטן מוט.

און איצטער איז עס פאַרשוואונדן. מיר זיינען געזעסן און אָפּגעגעבן זיך חשבון, ווי לאַנג יעדער איינער פון אונז האָט פאַרבראַכט אין ראַטנפאַרבאַנד, און אַלע האָבן מיר גע־קאָנט פעסטשטעלן, אַז קיין איינער פון אונז האָט עס אפילו קיין איין מאָל נישט געהערט.

און ווען מיר האָבן זיך עס פעסטגעשטעלט, איז אונז קלאָר געוואָרן מער ווי אַלעמאָל, וואָס פאַר אַ וואונדערלעכע איבערקערעניש די סאָציאַלע רעוואָלוציע האָט געמאַכט אין דער פּסיכיק פון דעם רוסישן פאָלק.

אַ לענינגראַדער שוללערער, וואָס איז געזעסן מיט אונז, האָט דערויף געזאָגט:

„איר האָט ריכטיק באַמערקט. די סאָציאַלע איבערקער־רעניש און ווידערגעבורט איז אויך געווען אַ מאָראַלישע אי־בערקערעניש און ווידערגעבורט. עס איז אַרויסגעפאַלן פון דער רוסישער נשמה די פאַרביטערטקייט, דער אונטערדריקטער פּראָטעסט, די אייביק באַהאַלטענע ציינקריצעניש. דאָס גאַנצע לעבן איז געווען איין לאַנגע קייט פון פאַרגוואַלטיקנדיקער ברוטאַליטעט, און דאָס דאָזיקע שמוציקע ווערטל איז געווען איר אָפּקלאַנג. איצטער איז די ברוטאַליטעט פאַרשוואונדן, און מיט איר איז פאַרשוואונדן אויך איר אָפּקלאַנג. אָבער איר דאַרפט אויך נעמען אין באַטראַכט, וויפל פיינקייט און איידלקייט די סאָוויעטישע רעגירונג האָט אריינגעטראָגן אין דער נשמה פון די פעלקער אין ראַטנפאַרבאַנד דורך דער־ציאונג צו קונסט און שיינקייט. טעאַטער, אָפּערע, מוזייען, בילדערגאַלערייען, דער ערמיטאַזש, די קונסט־אוצרות אין די

צארישע פאלאצן — אלץ איז אפן פאר די פאלקסמאסן, אלץ און אלע זיינען פארוואנדלט געווארן אין דערציאונגס־אנשטאלטן. מען האט באגאסן די פאלקסמאסן מיט דעם אפרייניקונג־רעגן פון בילדונג און אויפקלערונג, איז די גאס אפ־געוואשן געווארן פון א סך שמוץ און אומווירדיקייט. דאס האט דאך געמוזט געשען. נישט אזוי, וואס? איר האט דאך באזוכט אונזערע מוזייען, גאלערייען, אדרבא דערציילט, וואס איר האט דארטן געזען. איך מיין, נישט די בילדער און אנ־דערע קונסטזאכן, נאר דאס פאלק, דאס פאלק... ווי פאלקס־מאסן ווערן דערצויגן, דערהויבן, אויסגעלייטערט, אויפגעהעלט. דערציילט עס, אדרבא. איר האט עס דאך געווים געזען. דאס זיינען דאך טעגלעכע דערשיינונגען...״

# מיט די מאַסן אין אַ בילדערגאַלעריע

מאָסקווע האָט איר טרעטיאַקאָווסקאַיאַ גאַלעריע — די בילדער־גאַלעריע, וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן אין פֿאָריקן יאָרהונדערט פֿון די רייכע ברידער טרעטיאַקאָוו און איז דער זאַמלפּלאַץ פֿאַר די ווערק פֿון רוסישע קינסטלער פֿון דעם אָנהויב פֿון דער רוסישער קונסט אין 18־טן יאָרהונדערט ביז אויף אונזער צייט. איצטער הייסט זי די מלוכהשע טרעטיאַקאָווער גאַלעריע.

אָבער לענינגראַד האָט דעם ערמיטאַזש, וועלכער פֿאַרנעמט אַ טייל פֿון דעם געוועזענעם צאַרישן ווינטער־פּאַלאַץ און איז איינער פֿון די גרעסטע קונסטמוזייען אין דער וועלט, אַ זאַמלפּלאַץ פֿאַר קונסטווערק און קינסטלער פֿון אַלע פֿעלקער און אַלע צייטן. עגיפּטישע מומיעס און סטאַטועס פֿון גריכנלאַנד און רוים, אָריענטאַלע געצן און כינעזיש העלפֿאַנטביין. די גרעסטע קאָלעקציע פֿון רעמבראַנדטס ווערק און אַ סך פֿון די בעסטע ווערק פֿון באָטיטשעלי, ראַפֿאַעל, לעאָנאַרדאָ דאַ ווינטשי, טיציאַן, רובענס, וואַן־דיק און נאָך און נאָך. לענינגראַד האָט נאָך אויך דעם רוסישן מוזייאום, אַ זאַמלפּלאַץ פֿאַר דער רוסישער קונסט, ווי די טרעטיאַקאָווער גאַלעריע אין מאָסקווע.

איז פֿאַראַן אַ סך צו זען און צו באַוואונדערן אין די דאָזיקע קונסטטעמפּלען. אַפֿילו ווען איינער האָט זיך אָנגע־

קוקט און אָנגעזען אין די בארימטע קונסטטעמפּלען פון פּאריז, לאָנדאָן, ווין, איטאַליע און דייטשלאַנד.

אָבער דאָס גרעסטע קונסטווערק אין די קונסט־טעמפּלען פון ראַטנפאַרבאַנד איז דאָס פאָלק. דאָס אַמאָל געוועזענע „שוואַרצע" פאָלק, ווי דאָס ווערט איצטער מאָדעלירט, געקנאָטן, געפורמט און געפאָרמט.

ווען איר זאָלט נישט אַריינקומען אין אַ רוסישן מוזיי, וועט איר דאָרטן געפינען גרופּן פון אָט דעם „שוואַרצן" פאָלק, אַרבעטער, פּויערים, רויטע אַרמייער, אונטער דער פירערשאַפט פון אַ באַלערער, וועלכער דערקלערט זיי, וואָס זיי זעען און ווי זיי דאַרפן עס זען. איר וועט גלייך דערקענען אין די דאָזיקע גרופּן אַרבעטער און פּויערים און רויטע אַרמייער, וואָס זיינען קיינמאָל נישט געוועזן אין אַ מוזיי, קיינמאָל נישט געשטאַנען פאַר אַ קונסטבילד, און ווערן איצטער אויפגעוועקט צו קונסט און שיינקייט און — היסטאָרישקייט.

איר ווערט פאַראינטערעסירט אין דעם דאָזיקן קונסט־ווערק מער, ווי אין די בילדער אויף די ווענט און די סקולפּטורן אויף די דילן אָדער טישן. איר שטייט צו צו אַ גרופּע, מישט זיך אַריין צווישן זיי, קוקט אין די אויגן, וואָס זיינען אָנגעשטעלט אויף דעם בילד פאַר זיי, איר שטודירט דעם אויסדרוק אויף די געזיכטער, די אינטענסיווע אויפמערקזאַמקייט, מיט וועלכער מען הערט זיך צו צו די רייד פון דעם באַלערער — און זיי ווערן פאַר אייך אַ גרויסע איבערלעבעניש.

פאַר יעדן בילד אַ לעקציע. יעדער קינסטלער האָט זיין ביאָגראַפיע, יעדעס בילד האָט זיין געשיכטע. די געשיכטע פון דעם בילד איז פאַרבונדן מיט דער געשיכטע פון לאַנד און פאָלק און קלאַס.

מיר זיינען אין דער טרעטיאַקאָווער גאַלעריע. מיר הויבן אָן פון אָנהייב פון דער רוסישער קונסט. רוסלאַנד האָט פאַר־שפּעטיקט. געקומען שפּעט צו קונסט. ווי צו דיכטונג און ליטעראַטור. אין אַכצנטן יאָרהונדערט טאַפּט זי נאָך דעם וועג. אין

ניינצנטן געפינט זי אים שוין און גייט אוועק מיט זיכערע טריט.

אָט איז באַריקאָווסקיס בילד „די קינדער פון די דעמידאָווס", געמאָלט אין 1813. אַן אויסגעצייכנטע ארבעט, אַן אויפשטייג אין דער רוסישער מאַלעריי. און דער באַלערער דערציילט, ווער איז געווען באַריקאָווסקי, אָבער אויך, ווער זיינען געווען די דעמידאָווס. אַריסטאָקראַטן, קלאַסנפיינט, אָבער מיר נעמען זייערעביידע קינדער דאָ אויף דעם בילד ווי עפּעס, וואָס האָט געדינט אַלס טעמע פאַר אַ גרויסן קינסטלער.

אָט איז דער זייער פיינער פּאָרטרעט פון דעם גרעסטן רוסישן דיכטער פּושקין, געמאָלט פון איינעם טראָפּינין. און דער באַלערער דערציילט: טראָפּינין איז געווען אַ לייבאייגענער פּויער, אַ שקלאַף. זעט, וויפל פאַרשטענדניש ער האָט געהאַט פאַר דער גרויסער נשמה פון פּושקינען! ווי פיין ער האָט אַרויסגעבראַכט דעם דיכטערס וואונדערבאַרע מענטשלעכקייט! די הערשנדיקע קלאַסן אָבער האָבן פּושקינען נישט פאַרשטאַנען. זיי האָבן אים פאַרפאָלגט און ענדלעך אויך אומגעבראַכט פאַר דער צייט.

מיר דערזעען איוואַנאָווס מאָנומענטאַל בילד „די דערשיינונג קריסטוסעס". וועט דער באַלערער אָפּשטעלן זיין גרופּע פאַר אים? וועט ער נישט פאַרבייגיין פאַרביי אים, ווייל דאָס איז רעליגיע? ניין, ער איז שטיין געבליבן, ווי פריער פאַר דעם פּאָרטרעט פון דעמידאָווס קינדער. עס איז קונסט. דער קינסטלער, דערציילט ער, האָט געאַרבעט אויף דעם בילד גאַנצע צוויי‏און‏צוואַנציק יאָר, געקעמפט מיט זיין מאַטעריאַל, מיט ליכט און פאַרבן, און נישט אין גאַנצן בייגעקומען. איך האָב געשטודירט די צוהערער. ווי קוקן זיי אויף יעזוסן? יאָ, ער איז נישט געווען מער גאָט, ער איז געווען די טעמע פון אַ קינסטלער, וועלכער האָט געקעמפט מיט ליכט און פאַרבן.

ווערעשטשאַגינס מלחמה־בילדער זיינען וועלט־באַקאַנט. מען נעמט זיי אָן אַלס מלחמה־אָפּשרעק, מלחמה־פּראָטעסט. דער באַלערער איז געווען אומצופרידן מיט זיי. ער האָט געהאַלטן

א לעקציע קעגן מלחמה, וועלכע איז שטענדיק געווען פאַר־ברעכערישער פאַרכאַפּ־הונגער פון דעם קאַפּיטאַליסטישן קלאַס. ווערעשטשאַגין האָט זיך דערצו נישט דערגרונטעוועט. דער מלחמה־שרעק איז פאַר אים געווען בלויז מאַלעריי — ליכט און פאַרבן, אָבער נישט פּראָטעסט, נישט אויפגעשריי, נישט אויפטרייסלונג.

איליאַ יעפימאָוויטש רעפּין, דער זון פון א געוועזענעם סאָלדאַט, א לייבאייגענעם פויער, איז געווען דער גרעסטער רוסישער מאָלער. נאָך דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע אין 1917 האָט ער פאַרלאָזן רוסלאַנד און מער זיך נישט אומגע־קערט אהינצו. אין 1930 איז ער געשטאָרבן אין דעם גלות, אין וועלכן ער איז פרייוויליק אוועק. איז די רעוואָלוציע אויך געווען ברוגז מיט אים, און יאָרנלאַנג איז זיין נאָמען כמעט נישט דערמאָנט געוואָרן. אָבער איצטער האָט סאָוויעטרוסלאַנד שלום געמאַכט מיט אַלע קינסטלער פון דער רוסישער פאַרגאַנ־גענהייט און אויפגעעפנט פאַר זיי טיר און טויער פון אירע פאַרלאַגן, בוכהאַנדלונגען און קונסטהאַנדלונגען, פון אירע ביב־ליאָטעקן און מוזייען. און דער טויטער רעפּין האָט געפונען צוריק זיין פאָטערלאַנד. דער אַלטער באַרימטער פּראָפעסאָר פון קונסט איז געוואָרן ווידער דער גרויסער לערער. „אין קאַמף פון אונזער סאָוויעטישער קונסט פאַר סאָציאַליסטישן רע־אַליזם איז פון ריזיקער באַדייטונג די שאַפונג פון דעם קינסט־לער רעפּין, וועלכער איז געווען דער העלסטער פאַרטרעטער פון דער רעאַליסטישער קונסט אין רוסלאַנד פון פאַר דער רע־וואָלוציע," האָבן איצטער דערקלערט די באַלערער.

אין חודש סעפּטעמבער איז פאָרגעקומען אין דער טרעטיאַקאָווער גאַלעריע אַן אויסשטעלונג פון רעפּינס ווערק, און אין טויזנטער איבער טויזנטער האָט דאָס פאָלק געשטראָמט אָנצוזען די שאַפונגען פון דעם גרויסן מייסטער. די לעקציעס פאַר זיינע בילדער זיינען געווען די באַלערנדיקסטע, וואָרעם און ליבפול.

צוערשט זיין ביאָגראַפיע, זיין אַנטוויקלונג, די יאָרן אין דער פּעטערבורגער אַקאַדעמיע, די יאָרן אין אויסלאַנד, דער

איינפלוס פון די איטאַליענער, דער איינפלוס פון דער פּאַרי־זער אימפּרעסיאָניסטישער שולע, די וואַנדלונגען אין דעם קינסטלער. זיין גרעסטער אויפשטייג איז געווען אין די זיבע־ציקער און אַכציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט. אין יענע יאָרן איז ער געווען אידעאיש פאַרבונדן מיט די ראַדיקאַלע קרייזן פון דער רוסישער געזעלשאַפט, איז געשטאַנען נאָענט צו דער אונטערערדישער רעוואָלוציאָנערער אָרגאַניזאַציע „נאַ־ראָדנאַיאַ וואָליאַ", און האָט קינסטלעריש אַרויסגעשריען פון זיך דעם פּראָטעסט קעגן דער רעאַקציע און דער צאַרישער אונטערדריקונג אין אַ רייע פון געניאַלע בילדער, אין וועלכע ער האָט געשילדערט דעם העלדנקאַמף פון די רוסישע רעוואָ־לוציאָנערן מיט דער זעלבסטהערשאַפט און די טראַגיק פון די אַרבעטנדיקע מאַסן. אין די דאָזיקע בילדער דערגרייכט ער זיין גרעסטע קינסטלערישע הויך, און דער פּראָטעסט אין אים איז געווען די טרייבנדיקע קראַפט. ווען אין די ניינציקער יאָרן האָט דער רוסישער פּראָלעטאַריאַט איבערגענומען די פירער־שאַפט אין דעם קאַמף פון דער רוסישער רעוואָלוציע, האָט זיך די רוסישע בורזשואַזיע אַוועקגעשטעלט אינגאַנצן אויף דער זייט פון דער רעאַקציע, און רעפּין איז אַוועק מיט איר. ער האָט אָנגעהויבן צו זוכן זיינע טעמען אין דער געשיכטע און אין דער רעליגיע און צווישן דער הויכער געזעלשאַפט, און געפּרעדיקט קונסט פאַר קונסט. ער איז נישט געוואָרן קיין קלענערער קינסטלער, אָבער ער האָט אויפגעהערט צו שטייגן כאָטש ער איז נאָך געווען אין זיינע בעסטע יאָרן. עס האָט אים געפעלט די אידעאישע טרייבקראַפט. און ווען ער האָט פאַרלאָזן רוסלאַנד נאָך דער רעוואָלוציע, האָט ער מער גאָר־נישט געשאַפן פון באַדייטונג. און נישט ווייל ער איז שוין דעמאָלט געווען אַ זקן פון איבער זיבעציק יאָר. נאָר ער האָט פאַרלאָזן זיין פאָלק, און די קונסט האָט אים פאַרלאָזן. דער אַנטלויף פון דעם זיגנדיקן פּראָלעטאַריאַט האָט נקמה גענומען פון דעם אַנטלויפער.

„איצטער וועלן מיר זיך צואַווענדן צו זיינע איינצלנע ווערק..."

„בורלאקי״ — די שיפשלעפער, איינס פון זיינע ערשטע און באַרימטסטע ווערק. דער באַלערער האָט זיך צורעדט מיט באַגייסטערונג: „אין דעם דאָזיקן ווערק איז רעפּין, באַפליגלט פון אַ טיפער לעבנסאידעע, צום ערשטן מאָל אַרויסגעטראָטן אַלס קינסטלער־רעאַליסט. דאָס דאָזיקע בילד איז אַ פּראָטעסט קעגן די שרעקאַנוואָרפנדיקע פאָרמען פון עקספּלאָאַטאַציע און פון שקלאַפּישער אויפרייבנדיקער אַרבעט. דאָס איז אַ געשריי פון דעם פאָלקס ליידן און טרויער...״ מיט נישט ווייניקער באַגייסטערונג האָט דער באַלערער דערנאָך אַנאַליזירט דעם קינסטלערישן ווערט פון דעם בילד און אויך אַרויסגערופן ביי זיינע צוהערער אַ שמייכל, ווען ער האָט דערציילט, ווי די בורלאַקעס האָבן זיך נישט געוואָלט לאָזן מאָלן, דער עיקר דער פאָרנסטער פון לינקס, וועלכער האָט בשום אופן נישט געוואָלט אויפהויבן דעם קאָפּ און באַווייזן דאָס פּנים.

אָט דאָס נישט ווייניקער באַרימטע בילד „איוואַן דער שרעקלעכער און זיין זון איוואַן״. דער באַלערער האָט צוערשט אַנאַליזירט די גרויסע קונסט פון דעם ווערק און דערנאָך צוגעגעבן אַ שטיקל געשיכטע: „מאַכנדיק פון דער הייליקער פּערזאָן פון דעם צאַר אַ פּשוטן זונמערדער, האָט רעפּין גע־געבן דער אידעע פון מאָנאַרכיזם אַ קלאַפּ, וועלכער האָט זיך געלאָזט פילן. די רוסישע רעגירונג האָט עס פאַרשטאַנען. אויף דער איניציאַטיווע פון דעם פינסטערלינג פּאָבעדאָנאָסצעוו איז פאַרבאָטן געוואָרן די עפנטלעכע אויסשטעלונג פון דעם מייסטערווערק...״

ביים בילד „נישט דערוואַרט״, וואָס שטעלט פאָר אַ פּאָ־ליטיש פאַרשיקטן, וועלכער קומט צוריק אַהיים אומגעריכטער־הייט, האָט דער באַלערער געמאַכט אַ פאַרגלייך צווישן אים און דעם דערבייאיקן בילד „איוואַן דער שרעקלעכער״. ווערליק אין „נישט דערוואַרט״ האָט רעפּין זיך באַנוצט מיט די מאָ־לערישע דערגרייכונגען פון דער פּאַריזער אימפּרעסיאָניסטישער שולע, איז ער אין „איוואַן דער שרעקלעכער״ גענויאַלער אויפ־גענומען פון די קינסטלערישע מעטאָדן פון די איטאַליענער טיציאַן, וועראָנעזע און טינטאָרעטאָ. ער האָט אַרויסגערעדט

די דאָזיקע נעמען מיט אַזאַ באַטאָנונג, אַז אויב זיינע צוהערער האָבן זיי נאָך נישט געקענט, וועלן זיי שוין וועלן באַקאַנט ווערן. זיי וועלן אַוועקטראָגן מיט זיך די דאָזיקע נעמען אין אַנדערע מוזייען, וואו עס הענגען די בילדער פון די גרויסע מייסטער פון דער אַלוועלטלעכער קונסט, און דאָרטן וועלן זיי ווידער זען גאָר אַ סך און הערן נאָך מער. וועגן די קינסטלער און זייערע לענדער און דער געשיכטע פון זייער שאַפן און זייער צייט, באַלויכטן און דערקלערט פון דער מאַרקסיסטישער געשיכטס־אויפפאַסונג.

„איז עס נישט אינטערעסאַנט, חבר?"

און דער חבר, אַ מאַן אין די דרייסיקער, מיט אַ צוקנייטשטן געזיכט אונטער אַ קליינעם בלאָנדן בערדל און אין אַן אַלטן צוקנייטשטן אַנצוג, אַ לייבלעכער קרוב פון רעפּינס „בורלאַק", ענטפערט, מיט דעם גאַנצן וואונדערלעכן איינדרוק פון דעם געזעענעם און געהערטן אין זיינע בלויע אויגן און אויף זיין צוקנייטשטן שטערן:

„יאָ, אינטערעסאַנט! אַט אַזוי דערווייסט מען זיך אַ סך..."

און סאָוויעטרוסלאַנד שפּאָרט נישט קיין געלט, די מאַסן זאָלן זיך דערוויסן אַ סך.

די רוסישע טעאַטער־קונסט איז שטענדיק געשטאַנען זייער הויך. סטאַניסלאַווסקי, מייערהאָלד, טאַאיראָוו זיינען געווען וועלטבאַרימט נאָך פאַר דער רעוואָלוציע. אָבער איצטער זייען פאַראַן זייער אַ סך טעאַטערס, וועלכע שטייען אויף אַ זייער גרויסער הויך. די סאָוויעטישע רעגירונג קאַרגט נישט קיין געלט, זיי זאָלן זיין וואָס בעסער און וואָס שענער. 120 מיליאָן רובל אַ יאָר אויף טעאַטער!

אָבער מיך האָט נאָך מער אינטערעסירט דער עולם אין דעם טעאַטער. אָרעם און אָרעם אַרבעטער, פּויערים, סאָלדאַטן. די פּיעסע אויף דער בינע איז נישט פון די לייכטע. פאַרשטייען זיי, וואָס זיי זעען און הערן? אָבער איך דאַרף עס ביי זיי נישט פרעגן, איך דאַרף זיך אַפילו נישט אומקוקן אויף זיי. איך פיל די אינטענסיוויטעט פון זייער אויפמערקזאַמקייט. זיי זיצן אומבאַוועגלעך, גאַנץ אויג און אויער. ווען עס ווערט

ליכטיק, זע איך פאַר מיר געזיכטער, וועלכע שיינען פאַר נחת רוח. יאָ, זיי האָבן פאַרשטאַנען. סאָוויעטרוסלאַנד האָט נישט ארויסגעוואָרפן די 120 מיליאָן רובל!

דאַרף מען זיך איצטער אָנזען א מאָווי. געקויפט בילעטן און ארויף. די טירן צום זאַל זיינען אָבער געווען פאַרמאַכט. מען לאָזט נישט אריין, ווען דער פילם ווערט באַוויזן. ווען ער וועט זיך ענדיקן און דער עולם וועט ארויס, וועט מען אריינלאָזן נייעם עולם. וואָס טוט מען דערווייליע? וואו טוט מען זיך אהין? קוקט זיך ארום, און איר וועט געפינען, וואָס צו טאָן.

איר שטייט פאַר דער טיר פון דעם טעאַטער און איר געפינט זיך אין א זאַל, וועלכער איז אָנגעשטעלט מיט שטולן־שורות פאַר א פּלאַטפאָרם, אויף וועלכער אַן אָרקעסטער פּילט אויס אייער ווארטצייט מיט קלאַסישער מוזיק.. זעצט זיך צו און הערט און האָט הנאה, ביז די טעאַטער־טיר וועט זיך עפענען, און איר וועט אַוועק צו דער מאָווי

אָבער אויב איר זייט נישט אויפגעלייגט צו מוזיק, וועט איר זיך מטריח זיין אין דעם דערבייאיקן צימער. דאָרטן וועט איר געפינען א ביבליאָטעק, וואו איר קאָנט זיך אויסבאָרגן א בוך אָדער לייענען א צייטונג. עס שטייען אויך טישלעך מיט שאַכברעטער, מיט דאַמקעס, מיט דאָמינאָס. פאַרברענגט אייער צייט, ווי איר ווילט. איר זייט אין א רו־אָרט, אין אייער רו־שעה. איר דאַרפט נישט זיין אומגעדולדיק, ביז דאָס טעאַטער וועט זיך עפענען. איר דאַרפט נישט אָנהייבן צו קוקן פון מיטן און א לאַנגע צייט נישט וויסן, וואָס איר זעט. די סאָוויעטישע רעגירונג וויל נאָר, אַז איר זאָלט דער־ווייליע עפּעס לערנען, עפּעס דערוויסן...

דער פילם אַליין איז געווען פאַר אונז א זייער אומאַנ־גענעמע איבערראשונג. די רוסישע פילמס זיינען שוין לאַנג וועלט־באַוואונדערונג. אָבער דער איז עפּעס געווען א ביליק־האָליוואודישע קאָמעדיע. אַן פּראָפּאַגאַנדע, אָבער אויך אַן זין.

און מיר הערן, ווי אונזער שכנה, א יונגע ארבעטערין, זאָגט צו איר בחור, א יונגן ארבעטער:

„אַט אַן אומזין! אַן אמתע באַליידיקונג! ווי גיט מען נאָר אזא זאַך!"

און דער בחור ענטפערט איר:

„מוזן מיר דאָס שטענדיק זיין ערנסט? פאַרוואָס נישט אזוי גוט א לאַך טאָן?"

## ווי די מאסן ווערן אויפגעקלערט

דער מאנאסטיר קיעווא־פעטשערסקאיא לאווראַ איז געװעזן בארימט מיט זיין הייליקייט איבערן גאנצן צארישן רוסלאנד, און פון אלע עקן פון דעם ריזנלאנד האָבן זיך געצויגן אַהין מחנות עולי־רגלניקעס — ביז איבער צוויי־הונדערט טויזנט פרומע תפילה־טוער אַ יאָר. ווער אוים פשוטער, אָן־פניותדיקער פרומקייט, און ווער אום אויסצובעטן דאָרטן געזונט און פרנסה. וואָרום אין די היילן אונטער דעם מאָ־נאסטיר האָבן זיך געפונען די הייליקע רעליקוויען, די טויטע גופים פון הונדערטאונפינפאונצוואנציק קדושים און צדיקים, פון די הייליקסטע אין דער רוסישער קירך, גאָטמענטשן און וואונדערטוער איינער אין איינעם. געלעגן דאָרטן אין גלע־זערנע קאסטנס מיט אָפענעם געזיכט און באקליידטן קער־פער, וואונדערטוער אויך נאָך דעם טויט: נאָר גוט תפילה טאָן צו זיי און נישט צו פארגעסן אריינצואווארפן אַ שיינע נדבה אין דער צדקה־פושקע, וועלכע געפינט זיך ביי יעדן קאסטן...

אויך איצטער ווערט די לאווראַ באזוכט פון גרויסע מאסן רוסישע האָרעפּאַשניקעס, און דער אינטוריסט האָט זי אין זיין טעגלעכן פּראָגראַם פאר אויסלענדער, וועלכע באזוכן קיעוו.

אין דעם גרויסן הויף פון דעם מאָנאסטיר, וועלכער איז ארומגערינגלט מיט אַ פעסטונגוואנט, זיינען געשטאנען דאָ

און דאָרט רעדלעך פון אַרבעטער און רויטע אַרמייער. זיי זיינען געקומען אָנצוקוקן זיך דאָס, וואָס איז אַמאָל זייער הייליק געווען אין דעם לעבן פון זייערע עלטערן, און אפשר נאָך אויך אין זייער אייגענעם לעבן. מיט יעדער גרופּע איז געווען אַ באַלערער, אַ דערקלערער. איידער מען האָט אָנגעהויבן דעם אַרומגאַנג, האָבן די באַלערער דערציילט די געשיכטע פון דער לאַווראַ: אין וועלכן יאָרהונדערט זי איז געגרינדעט געוואָרן און ווער איז געווען איר באַגרינדער. און וועלכע ראָליע זי האָט געשפּילט אין די ליידן און אין דער פאַרפינסטערונג און פאַרדומונג פון די פיל אָנגעליטענע רוסישע האָרעפּאַשנע מאַסן.

איין גרופּע איז באַשטאַנען דורכאויס פון מענער, אַלטע און יונגע, אָנגעטאָן אין בלויע העמדלעך און אַרומגעבונדן מיט ווייסע פאַרטיכער. ווער זיינען זיי? אָ, דאָס זיינען אייזנבאַנטרעגער. היינט איז זייער רוטאָג, זיינען זיי געקומען אַ גאַנצע קאָמפּאַניע צוזאַמען. אינטערעסאַנט, וואָס און ווי עס רעדט צו זיי דער באַלערער, און איך האָב זיך צוגעשטעלט און געהערט:

מען מוז אויפּאַסערן, אויפרייסן די ערד, איידער מען פאַרזייט. מען מוז צוערשט אַרויסרייסן פון איר אַלץ, וואָס וועט באַשטימט שטערן דעם וואוקס פון דער זריעה. איידער מען טוט אָן אַ נייעם בגד, מוז מען אויסטאָן דעם אַלטן. דאָך זעלבסטפאַרשטענדלעך. און אַזוי האָט געטאָן די סאָוויעטישע רעגירונג. די רוסישע האָרעפּאַשנע מאַסן, די פּויערים אין די דערפער און די אַרבעטער אין די שטעט, זיינען געלעגן שטאַרק אין די לאַפּעס פון דער קירך און אירע דינער, די גלחים, די היטער פון דער רעליגיע, וועלכע איז אָפּיום פאַרן פאָלק. מען האָט זיי געדאַרפט באַפרייען פון די דאָזיקע שוידערלעכע לאַפּעס, פון דעם דאָזיקן אָפּטײַטנדיקן איינפלוס. נאַטירלעך האָט מען געדאַרפט אין זיי פאַרזייען וויסן און אויפקלערונג, אַריינגעמען אין חדר און אויסלערנען די שוואַרצע פּינטעלעך. אָבער ווי האָט מען עס געקאָנט טאָן, ווען זייערע קעפּ זיינען אָנגעשטאָפּט געווען מיט דעם מיסט פון די גלחים. האָט מען

געדאַרפט אויסרייניקן דעם מיסט, און די סאָוויעטישע רע־גירונג האָט געוואוסט, ווי צו טאָן עס שנעל און גרינדלעך. זי האָט אויפגעעפנט פאַר די מאַסן אַלע פעסטונגען פון דער רעליגיע: גייט און זעט, ווי איר זייט באַשווינדלט געוואָרן, איר און אייערע עלטערן און אייערע זיידעס הונדערטער מיט יאָרן..."

דער גאַנג צווישן די הייל[ן] פון דער לאַווראַ איז אַזאַ אויפדעקונגסוועג.

לאַנגע, געדרייטע אונטערערדישע קאָרידאָרן, אַ שמאָ־לער לאַבירינט טיף אונטער דער לאַווראַ. אין די ווענט פון ביידע זייטן אויסגראָבונגען, הייל[ן], אין וועלכע עס שטייען די גלעזערנע קאַסטנס מיט די הייליקע רעליקוויען. סאָוויעט־רוסלאַנד האָט אויפגעעפנט די קאַסטנס און אויפגעדעקט דעם שווינדל. די הייליקע רעליקוויען זיינען גאָר געוועזן אומהייליקע שמאַטעס, וועלכע מען האָט געגעבן די פאָרם פון אַ קערפּער און צוגעדעקט מיט די רייכע, גאָלד־און־זילבער־פאַרצירטע קירכנקליידער. זי האָט אין די שמאָלע קאָרידאָרן אויפגעעפנט טירן, הינטער וועלכע עס זיינען אַנטפּלעקט געוואָרן אונטערערדישע פאַבריקן, וואו די שמאַטעס זיינען גע־פאָרמט געוואָרן אין קערפּער און וואו עס זיינען פאַבריצירט געוואָרן די פאַרשיידענע בעמישע שטאָפן, וועלכע זיינען נויטיק געוועזן פאַר וואונדערטועריי און פאַלקנאַרעריי. די פרומע עולי־רגלניקעס, וואָס פלעגן קומען אַהער תפילה טאָן, פלעגן בלייבן פאַרציטערט, ווען אויף דעם שטערן פון אַ לאַנג שוין טויטן הייליקן פלעגט זיך באַווייזן אַ שווייס אָדער אין זיינע אויגן פלעגן אויפפינקלען טרערן. אַזאַ פאַרציטערטער עולם איז געוועזן וואַקס אין די הענט פון די גלחים; דאָס געזעענע וואונדער האָט אים באַקרעפטיקט אין זיין גלויבן און שטאַר־קער צוגעשמידט צו דער שווערער טאַטשקע פון זיינע באַ־דריקער. די סאָוויעטישע רעגירונג האָט אויפגעדעקט דעם קונץ, מיט וועלכן די גלחים פלעגן אַרויסקריגן דעם שווייס און די טרערן, באַוויזן אים פאַר די באַשווינדלטע. די לאַווראַ ווערט איצטער באַזוכט נישט ווייניקער ווי פריער, אָבער

שוין נישט פון פרומע גאָטבעטער, נאָר פון אַרבעטער און פויערים, וועלכע שטוינען איבער דעם שווינדל, וואָס האָט דורות־לאַנג געהאַלטן זיי אין מורא און קנעכטשאַפט.

די שמאָלע אונטערערדישע קאָרידאָרן, וועלכע זיינען אַמאָל אָנגעפילט געווען מיט פרומען געזאַנג און תשובהדיקן געוויין, זיינען איצטער אָנגעפילט געווען מיט געלעכטער. עס האָבן געלאַכט די רויטע אַרמייער, עס האָבן געלאַכט די אייזנבאַנטרעגער, עס האָט געלאַכט די גאַנצע אויפגעהעלטע „פינסטערע" מאַסע. זיי האָבן געלאַכט דעם געלעכטער פון מענטשן, וואָס באַפרייען זיך פון אַן אומזיסטן שרעק.

„אָט ווי עס איז געווען!... און אומעטום פּושקעס... וואַרף זיי געלט... שווינדלער... אומזיסטפרעסער... הייליקע שמאַטעס!..."

אַן אַלט פויעריש פּאָר־פאָלק האָט זיך נאָכגעשלעפּט נאָך אונז, מיט ווייט פאַרנאַנדערגעריסענע אויגן, מיט כעס און בייזקייט אויף די פּנימער.

„מיר זיינען שוין דאָ אַ סך מאָל געווען," האָט די אַלטע פויערטע געזאָגט, „און יעדעס מאָל רעגט עס אונז אויף. קאָנען בשום אופן נישט באַרואיקן זיך. וויפל מאָל זיינען מיר געשטאַנען דאָ אויף די קני? געבוקט זיך פאַר שמאַטעס... פאַרשאָלטענע! און געוויינט, געוויינט, אַז איך שעם זיך איצטער... און געקושט, געקושט די פּאַסקודסטווע, אַז איצטער ווערט מיר איבל... און אָפּט דעם לעצטן גראָשן אוועקגעגעבן... אָט ווי מ'איז געווען נאַריש!..."

ביי איין קליינעם גלעזערנעם קעסטל האָט דער באַלערער דערקלערט:

„דאָס איז כלומרשט דער קבר פון אַ הייליקן ייִנגעלע, וואָס די ייִדן האָבן פאַרפּייניקט און אומגעבראַכט, צו געברויכן זיין בלוט פאַר זייערע מצות. אויבן אויפן קאַסטן, זעט איר, ליגט אַביינדעלע. דאָס איז כלומרשט אַ ביינדל פון זיינעם אַ פינגער, וועלכן די ייִדן האָבן צובראָכן. די גלחים פלעגן עס דערציילן דעם פינסטערן המון, און אָפּט פלעגט דער המון אַרויסשטורמען פון דאַנען און באַפאַלן די ייִדן. די ייִדן האָט

די מעשה געקאָסט אַ סך בלוט. ווען די סאָוויעטישע רעגירונג האָט אויפגעעפנט דאָס קעסטעלע, האָט זי אין אים גאָרנישט געפונען. אַפילו קיין שמאַטקע אויך נישט. הנילער שווינדל און בלוטדורשטיקער אויפרייץ צו מאָרד!"

און די צוהערער האָבן אַרויסגעציִשט:

„טייוואָלים!"

פיר אַזעלכע „לאַווּרעס", מאָנאַסטירן פון ערשטן ראַנג, זיינען געוועזן אין רוסלאַנד. גרויסע הייליקייטן, צו וועלכע דאָס רוסישע פאָלק פלעגט עולה־רגל זיין, אָפט מיט די לעצטע אָפּשפּאָרענישן פאַר די פּושקעס. זיי זיינען נישט הייליק מער. זיי שטייען אָפן פאַרן גאַנצן פאָלק, ווי די אומרייִנסטע פאַבריקן פון שווינדל און ליגן.

און ווי די קלויסטערס, אַזוי זיינען אויפגעעפנט געוואָרן פאַר די האָרעפּאַשנע מאַסן פון די אַרבעטער און פּויערים די צאַרישע פּאַלאַצן, וועלכע זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין מוזייען, אין וועלכע גאָרנישט איז נישט גערירט געוואָרן.

פאַרוואָס אַזאַ נישט אָנרירן? און דער באַלערער דער־קלערט:

„מיר ווילן וויסן און פאַרשטיין די שווערע, טרויעריקע פאַר־גאַנגענהייט פון אונזער לאַנד, ווי זי לאָזט זיך אַרויסזען אין די ראָמאַנאָווישע פּאַלאַצן, וועלכע זיינען די בעסטע דאָקומענטן פון דעם לעבן פון די צאַרס. פון זייער ריזיקער רייכקייט, זייער שיינקייט און קינסטלערישקייט שרייען אַרויס די בי־טערע יסורים פון די פּאַריאַגטע האָרעפּאַשנע מאַסן. גרויסע אַרכיטעקטן און מאָלער האָבן געאַרבעט איבער זיי, אָבער אויפ־געבויט געוואָרן זיינען זיי דורך שקלאַפּנאַרבעט פון טויזנטער פּויערים און אַרבעטער."

פון אַלע אַזעלכע פּאַלאַצן — היסטאָרישע דאָקומענטן איז דער אינטערעסאַנטסטער דער אַלעקסאַנדער פּאַלאַץ אין דעטס־קאָיע, געוועזענער צאַרסקאָיע, סעלאָ, די לעצטע דירה פון דעם לעצטן ראָמאַנאָוו.

צאַרסקאָיע סעלאָ איז געוועזן די זומער־רעזידענץ פון אַלע צאַרן. דער ווינטער־פּאַלאַץ אין לענינגראַד איז געוועזן זייער

שטענדיקע רעזידענץ. נאָך דעם בלוטיקן זונטיק אין יאַנואַר 1905, ווען פאַרן ווינטער־פּאַלאַץ זיינען דערשאָסן געוואָרן אומבאַוואָפנטע אַרבעטער, וועלכע זיינען געגאַנגען צום קייסער מיט אַ פּעטיציע וועגן זייער ביטערער לאַגע, האָט ניקאָלאַי נישט געפילט זיך מער זיכער אין פּעטערבורג און אַריבער־געקליבן זיך מיט זיין פאַמיליע אין דעם אַלעקסאַנדער פּאַלאַץ אין צאַרסקאָיע סעלאָ. דאָרטן האָט ער אָפּגעוואוינט ביז דעם לעצטן טאָג אין יולי 1917, ווען ער און זיין פאַמיליע זיינען צוגענומען געוואָרן פון דאָרטן און אוועקגעשיקט געוואָרן אין טאָבאָלסק, אין סיביר.

איבער אַ האַלבן מיליאָן מענטשן באַזוכן איצטער יערלעך דעם אַלעקסאַנדער פּאַלאַץ און ווערן באַקאַנט מיט דעם לעבן און כאַראַקטער פון אַ פּאָר זייער באַגרענעצטע מענטשן, וועל־כע האָבן געהערשט און געדריקט אויף זיי. גאָרנישט איז נישט אָנגערירט געוואָרן אין די חדרים, אַלץ איז געבליבן, ווי אין דעם לעצטן טאָג פון די לעצטע באַוואוינער. אויף דעם אָפּ־רייס־קאַלענדאַר אויף דעם צאַרס שרייבטיש אין זיין אַרבעטס־קאַבינעט הענגט נאָך דאָס בלעטל מיט דעם יולי־דאַטום.

אין איין צימער זיינען אויסגעהאַנגען — די צאַריצע אַליין האָט זיי אויסגעהאַנגען — פּאָרטרעטן פון פאַרשיידענע „גאָטס מענטשן", אָפּשפּרעכער, היילער, וואונדערטוער, וועלכע האָבן געדאַרפט ברענגען אַ רפואה דעם קראַנקן, מיט בלוט אָפּגייענדיקן צאַרעוויטש. דער פּאָפּולערסטער פון זיי אַלעמען איז געוואָרן דער סיבירער מאָנאַך גריגאָרי ראַספּוטין. גאַנצע ווענט זיינען פאַרהאַנגען מיט זיינע בילדער, און אומעטום געפינט מען צייכנס פון דער פאַרגעטערונג, מיט וועלכער די צארישע פאַמיליע האָט זיך צו אים באַצויגן.

זיינען געשטאַנען מענטשן פון פאָלק, רויטע אַרמייער, אַרבעטער און פּויערים, האָבן געקוקט אויף ראַספּוטינס ביל־דער, געוואונדערט זיך און געדריקט מיט די פּלייצעס. דער צאַריצעס באַציאונג צום סיבירער מאָנאַך האָט אויך געקאָנט זיין בלויז די באַציאונג פון אַ זייער ליבנדיקער מוטער, וועלכע איז אים דאַנקבאַר געוועזן פאַר דאָס, וואָס ער האָט שוין גע־

טאָן פאַר איר קראַנקן קינד, און געגלויבט, אַז ער וועט נאָך מער טאָן, ביז ער וועט אינגאַנצן געזונט מאַכן אים. אָבער א רויטאַרמייער צושויער האָט אַ זאָג געטאָן:

„אַ געזונטער מאַנסביל געוועזן, נו, איז אָט...״

דאָס שלאָפצימער פון דעם קייזערלעכן פּאָר האָט אויסגעזען ווי אַ קלויסטער. אַרום זיבנהונדערט איקאָנעס און הייליקע בילדלעך זיינען אויסגעהאַנגען געוועזן איבער די בעטן און אויף די ווענט פון דעם אַלקער. דער עולם האָט געקוקט און געלאַכט:

„פונדעסטוועגן האָבן זיי אים נישט געראַטעוועט!״

אויף איין בילד זיינען אויסגעמאָלט געוועזן ניקאָלאַי און אַלעקסאַנדראַ שטייענדיק פאַר יעזוסן, און אַן אַרבעטער האָט אַ זאָג געטאָן:

„אָט, אַ מערזאַוועץ! ווען יענער וואָלט געלעבט, וואָלט ער אים דאָך נישט צוגעלאָזן צו זיך און וואָלט אים געלאָזן דערשיסן אין דעם בלוטיקן זונטיק צוזאַמען מיט די אַנדערע אַרבעטער...״

אין דעם קאָנצערט־צימער, וואו די צאַרישע פאַמיליע פלעגט זיך פאַרקלייבן אין אָוונט, האָט אַ באַלערערין דערציילט:

„דאָ פלעגט שאַליאַפּין אָפט זינגען פאַר זיי...״ און האָט גלייך צוגעגעבן: „פאַר זיי האָט ער געזונגען, פאַר אונז וויל ער נישט זינגען.״

און די צוהערער האָבן אַרויסגעזיפצט:

„אַ שאָד!״

אַן אַרבעטער אָבער האָט פשוט אַרויסגערעדט:

„הייסט עס, אַז ער פאַרשטייט נישט. ווען ער וואָלט איצטער דאָ געוועזן, וואָלט ער פאַרשטאַנען.״

און אַן אַנדערער האָט אים אָפּגעענטפערט:

„נו, איז זאָל ער!...״

זיי האָבן גערעדט, ווי זיי האָבן שוין אַלץ פאַרשטאַנען. זייערע אויגן זיינען אויפגעעפנט געוואָרן.

און ווען מען איז אַרויס פון דעם קייזערלעכן פּאַלאַץ

אויף דער פרייער לופט, האָט מען טיף אויפגעאָטעמט. דאָס־זעלביקע אויפאָטעמען, ווי ווען מען איז אַרויס פון דעם אונ־טערערדישן לאַבירינט פון דער קיעווער־פּעטשערסקער לאַווראַ.

יאָ, „די סאָוויעטישע רעגירונג האָט געוואוסט, ווי צו טאָן עס". אַ באַזוך אין די לאַווראַס און אין די פּאַלאַצן פון די אַלטע הערשער און פאָלקסבאַדריקער איז אַ וואונדערלעכער רייניקונגסמיטל. אַ טיפע אויפאָטעמונג, און לייכט און פריידיק גייט זיך דער וועג צו די נייע פּאַלאַצן, צו די „פּאַלאַצן פון קולטור" און וויסן.

# פּאַלאַצן פון קולטור און אָפּרו

„פּאַלאַצן פון קולטור" — ווי דער נאָמען, אַזוי זיינען זיי. פּאַלאַצן פון קולטור, פּאַרקן פון קולטור אין אַלע אַרבעטער־דיסטריקטן אין אַלע שטעט. פון קולטור און אָפּרו פאַר דעם האָרעפּאַשניק.

פּרעכטיקע געביידעס, אויסערלעך און אינווייניק. פון־ווייטן שוין וואַרפן זיי זיך אין די אויגן מיט זייער גרויס און אַנדערשקייט. די אַרכיטעקטאָרן האָבן געשטרעבט, אַז זייערע בנינים זאָלן זיין דער אויסדרוק פון דער נייער סאָציאַליס־טישער קולטור, וועלכע וויל אַ סך ליכט און לופט פאַר דעם אַרבעטנדיקן מענטש.

און אינווייניק גרויסע, גרוימיקע זאַלן, העלע, ליכטיקע פאַר אָפּרו און שטודירן און ווייטערע אַנטוויקלונג. לייענצימער, שטודירצימער, לאַבאָראַטאָריען, שפּילצימער, גימנאַסטיק־צימער, טאַנצזאַלן, אַ טעאַטער...

און אַלע זאַלן און צימערן זיינען פול מיט עולם, ווייל יעדער טאָג איז אַן אָפּרוטאָג פאַר גרויסע מאַסן אַרבעטער, און זיי ליבן זייערע פּאַלאַצן און פּאַרקן פון קולטור און אָפּרו. די דאָזיקע פּאַלאַצן זיינען אינגאַנצן דער אויפטו פון דער רעוואָלוציע. פאַר איר זיינען זיי נישט געווען, האָבן זיך אַפילו נישט געחלומט די רוסישע אַרבעטער, פּויערים און סאָלדאַטן. און ווען זיי האָבן זיך עמיצן געחלומט, זיינען זיי

געווען אַ שטרענג פאַרבאָטענער, שווער באַשטראָפטער חלום. שטאָלצירט מען שטאַרק מיט זיי, און מען פרעגט נייגעריק דעם אויסלענדער: „האָט איר שוין באַזוכט אונזערע פּאַלאַצן און פּאַרקן פון קולטור און אָפּרו?"

אויך די אינטוריסטקע איז געווען שטאָלץ אויף זיי. איר שוואַרצביינעוודיק געזיכט האָט געשיינט, ווען זי האָט אַרומגעפירט די אַמעריקאַנער פון צימער צו צימער, פון שטאָק צו שטאָק. זי איז נישט געווען מער אָנגעשטעלטע פון דעם אינטוריסט, וועלכע טוט איר באַצאָלטע פליכט, נאָר בירגערין פון דער ערשטער סאָציאַליסטישער מלוכה, שטאָלץ אויף די דערגרייכונגען און אויפטואונגען פאַר די אַרבעטנדיקע מאַסן. זי האָט זיך נישט געאײַלט, איז געבליבן שטיין אין יעדן צימער מער ווי עס איז נויטיק געווען אויף בלויז אַ קוק צו טאָן, האָט געגעבן צייט אָנצונעמען זיך מיט דער אַטמאָספערע, וואָרעם גערעדט, פאַרטייטשט און דערקלערט, אפילו וואו די דערקלערונג איז געווען איבעריק, און אָנגעקוואָלן, וואָס אַלע צימערן זיינען געווען פול פון די, פאַר וועמען זיי זיינען געבויט געוואָרן.

אָבער די אַרומגעפירטע אַמעריקאַנער זיינען נישט געווען נתפּעל.

„ווי אונזערע „ווייז" אין אונזערע שטעט און ווי אונזערע קאָמיוניטי סענטערס," האָט געזאָגט איינע פון דער גריפּע.

די אויגן פון דער אינטוריסטקע האָבן אויפגעבליצט, אירע ברייטע באַקנקנאָכן זיינען באַדעקט געוואָרן מיט בעס. איינגנטלעך טאָרן די אינטוריסט־אָנגעשטעלטע נישט אַריינלאָזן זיך אין פּאָלעמיק מיט זייערע געסט, אָבער די האָט נישט אויסגעהאַלטן און אפילו נישט געפּרואווט צו פאַרמאַסקירן איר אויפגערעגטקייט.

„אייערע „ווייז"!" האָט זי שאַרף אַרויסגערעדט. „איך קען אייערע „ווייז". וואָס באַצוועקן זיי? וואָס דערגרייכן זיי? וואָס טוען זיי אויף? איך מיין, וואָס טוען זיי אויף פאַר קולטור — פאַר קולטור, ווי מיר פאַרשטייען זי? האָבן זיי ווען אַן אומווויסנדיקן ווויסנדיק געמאַכט? האָבן זיי אַן אומדער־

צויגענעם דערצווינגן? זיי האָבן דאָך אַפילו די פּאַלנדיקע אָפּ־געשוואַכטע רעליגיע נישט פאַרשטאַרקט און באַפעסטיקט. זיי זיינען פאַרווײלונגספּלעצער מיט דעם אָפּשיין פון קולטור, און נישט מער. אייער יוגנט קומט זיך צונויף צו אַמוזירן זיך. און בלויז אייער יוגנט, ווי דער נאָמען צייגט אָן. און אויסער־דעם, האָט איר דאָרטן „ווייז" פאַר קריסטן באַזונדער און פאַר יידן באַזונדער, פאַר מענער באַזונדער און פאַר פרויען באַזונדער, פאַר ווייסע באַזונדער און פאַר שוואַרצע באַזונ־דער... איז דאָס קולטור? אונזערע קולטור־פּאַלאַצן זיינען טאַקע פּאַלאַצן פאַר אמתער קולטור. מען אַמוזירט זיך טאַקע א סך אין זיי, אָבער מען לערנט נאָך מער. מען לערנט אַמוזירנדיק זיך, און מען לערנט א סך. די באַזוכער, און הונדערטער טויזנטער טעגלעך — איר זעט דאָך, ווי עס איז געפּאַקט — קומען אַרוים ווי ניי געבאָרן. קומען אָרעמע און גייען אַוועק באַרייכערטע. האָבן אַזויפיל געלערנט... און אונזערע פּאַלאַצן זיינען פאַר אַלעמען. פאַר אַלע עלטער, פאַר אַלע פאַרבן, פאַר אַלע ראַסן און אַלע רעליגיעס, אויף וויפל מיר האָבן זיי נאָך אין סאָוויעטרוסלאַנד. פאַר אַלעמען שטייען די טירן אָפן. אַלע דאַרפן קומען און געניסן זייער אָפּרו און לערנען און באַ־רייכערן זיך מיט נייעם וויסן... דאָס אָט זיינען אונזערע „פּאַלאַצן פון קולטור"!..."

מאָסקווע האָט קולטורפּאַלאַצן אין פאַרשיידענע אַרבעטער־דיסטריקטן און א „פּאַרק פאַר קולטור און אָפּרו". דאָס ריזנ־ראָד, וואָס געפינט זיך אין דעם פּאַרק און לאָזט זיך ווייט זען, דערמאָנט אָן לונא־פּאַרק. די אַמעריקאַנער אין דעם אויטאָבוס זיינען געוועזן זיכער, אַז מען פירט זיי צו א נאָכמאַ־כונג פון דער פאַרוויילונג אויף קוני איילענד. אָבער זיי האָבן איינגעזען זייער טעות, ווען זיי זיינען אַריינגעקומען אין א מיט שיינע אַלייען אויסגעלייגטן, באַבוימטן און באַבלומטן פּאַרק. און באַלד האָבן זיי זיך שוין שטאַרק געחידושט און גע־וואונדערט.

אין איינעם פון די פּאַלאַצן אין דעם פּאַרק זיינען פאַראַן אָפּטיילונגען פאַר קינדער, פאַר קליינע און גרעסערע. עס

קומט א פאמיליע, לאָזט מען איבער די קליינע אין זייער אָפּ־טיילונג, וואו געשולטע אויפזעערינס גיבן זיך מיט זיי אָפּ, דערציילן זיי מעשיות, שפּילן מיט זיי פאַרשיידענע שפּילן. די עלטערע קינדער גייען אַוועק אין זייער אָפּטיילונג, וואו זיי וועלן זיך פאַרווײַלן אויף פאַרשיידענע אופנים, וואָס זיינען צוגעקלערט געוואָרן פאַר זיי פון סאָוויעטישע פּעדאַגאָגן. די עלטערן וועלן איצטער פריי און אומגעשטערט האָבן זייער אָפּרו. און זייער „פּאָרציע" קולטור.

אין פאַרשיידענע זייטן פון פּאַרק שטייען טישלעך אינ־מיטן פון די אַלייען. ביי די טישלעך לעקטאָרן און געדיכטער עולם.

אויף איין טיש בעמישע אַפּאַראַטן, און א פרוי האָט געמאַכט עקספּערימענטן, אויפגעדעקט פאַר אירע צושויער די וואונדער פון דער כעמיע. א פאַרוואונדערטע אויסלענדערין האָט ביי איר געפרעגט, פאַרוואָס טוט זי עס, וואָס עפּעס פּלוצלונג כעמישע עקספּערימענטן אין אַן עפנטלעכן פאַרווײַ־לונגספּלאַץ. די פרוי האָט געענטפערט:

„אונזער לאַנד נויטיקט זיך אין כעמיקער. מיר האָבן זיי א סך מער, ווי מיר האָבן זיי ווען עס איז געהאַט, אָבער מיר האָבן זיי נאָך נישט גענוג. ווילן מיר פאַראינטערעסירן אונ־זערע בירגער, זיי זאָלן זיך נעמען שטודירן כעמיע... און בכלל, פאַרוואָס נישט? די עקספּערימענטן זיינען אינטערעסאַנט, אַמוזירן דעם עולם. אַמוזירט מען זיך און מען לערנט עטוואָס..."

ביי א צווייטן טיש האָט א דאָקטאָר גערעדט וועגן קערפּער־פּלעגע. באַלערנט, ווי דער קערפּער דאַרף צוגעזען ווערן, אַנטפּלעקט פאַר זיינע צוהערער די געפאַרן פון שמוץ און אומריינקייט און די נויטיקייט פון ריינלעכקייט.

אויף א טיש האָבן אַרומגעפּויזעט פאַרשיידענע אינזעקטן, און א באַלערערין האָט דערציילט מעשיות פון זייער לעבן, געשילדערט די קאַמפן, וועלכע זיי פירן... און ווייטער א ביסל האָט איינער געהאַלטן א לעקציע איבער בוימער און בלומען.

אָבער ביי איין טיש, אַרומגעשטעלט מיט ערנסט אויס־זעענדיקע מענער און פרויען, האָט איינער אָנגעפירט א דיס־

קוסיע וועגן דער סטאַלינשער קאָנסטיטוציע, אַרויסגעזאָגט מייד נונגען און אויסגעהערט מיינונגען.

„דערלויבט, חבר,” האָט זיך געווענדט צו אים אַן עלד טערער אַרבעטער, „און איך אָט וועגן דעם אַרטיקל 120 פון דער נייער קאָנסטיטוציע...”

דער באַלערער האָט אויפגעמישט דעם אָנגערופענעם אַרטיקל, און דער אַרבעטער האָט ווייטער גערעדט:

„עס איז וועגן דעם רעכט פון די בירגער אויף מאַטער־יעלער פאַרזאָרגונג אויף דער עלטער און אין פאַל פון נישט קאָנען מער אַרבעטן... איז עס נישט אַזוי, חבר? נו, און איך מיין, אַז קינדער, וואָס אַרבעטן און פאַרדינען, זיינען מחויב אויסצוהעלפן זייערע אַלטע עלטערן... דאָס איז שטענדיק גע־ווען אַזוי, און דאָס איז גוט אַזוי... קינדער דאַרפן וויסן, אַז עלטערן זיינען עלטערן... די עלטערן האָבן פאַר זיי געטאָן, ווען זיי זיינען געוועזן קליין, און זיי דאַרפן טאָן פאַר די עלטערן, ווען די עלטערן זיינען אַלט. דאָס דאַרף זיין אין אונזער אָט קאָנסטיטוציע...”

די אויסלענדער האָבן נישט פאַרשטאַנען די שפּראַך פון דער דיסקוסיע און די לעקציעס. זיי זיינען אויך נישט געקומען אויסצוהערן און צו פאַרשטיין אַ לעקציע איבער וואָס עס איז פאַר אַ פראַגע. זיי זיינען נאָר געוועזן פאַרחידושט, וואָס אַזעלכע לעקציעס קומען בכלל פאָר אין דעם געמיינטן לונאַ פּאַרק, און וואָס אַזאַ גרויסער יום־טובדיקער עולם הערט זיי אויס מיט אַזאַ אויפמערקזאַמקייט, אַזאַ גיריקייט.

אַ באַלערערין האָט געענטפערט אויף דער דאָזיקער פאַר־וואונדערונג מיט אַ לאַקאָנישער פראַגע:

„איז נישט וויסנשאַפט די בעסטע פאַרווײַלונג?”

אין לענינגראַד איז פאַראַן אַ מוזיי פאַר אונטערהאַל־טנדיקע, פאַרווײַלערישע וויסנשאַפטן. די געביידע, אין וועלכער ער געפינט זיך, איז אַמאָל געוועזן דער פּאַלאַץ פון די פירשטן שערעמעטיעוו, איצטער איז זי פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אינסטיטוט, אין וועלכן מען מאַכט באַקאַנט דעם פשוטן אומ־וויסנדיקן עולם מיט פאַרשיידענע וויסנשאַפטן שפּילנדיקערהייט.

דורך שפילצייג און קונצן און וויסנשאפטלעכע דערקלערונגען. מען ווערט אריינגעפירט אין דער וועלט פון וויסנשאפט דורך שפיל און שפילצייג...

אין דעם ערשטן זאל, אין וועלכן איר טרעט אריין, אריינקומענדיק אין דעם מוזיי, זעט איר אויף א גרויסן קיילעכדיקן טיש א רעזערוואואר מיט וואסער — א ים. אויפן ים קליינע שיפעלעך. דער באלערער צינדט אן אין איינעם פון די שיפעלעך א קליין ליכטל, און דאס שיפל הייבט זיך אן צו באוועגן, צו טראגן זיך איבערן וואסער, ביז דאס ליכטל ברענט אוים. דער עולם איז דערשטוינט און אמוזירט. אט א כישוף! אבער דער דערביי שטייענדיקער באלערער דערקלערט דעם עולם דאס פיזישע געזעץ, וואס האט געטריבן דאס שיפל, ווען דאס ליכטל האט געברענט. דער עולם באגרייפט און קוועלט.

אויף דעמזעלביקן טיש שטייט א קליין שפילצייג — א הוידלקע, אויף וועלכער עס זיצט א קליינע פיגור און הוידעט זיך ארויף און אראפ. דער עולם וואונדערט זיך, פארשטייט נישט די ארויף און אראפ באוועגונג, און דער באלערער דערקלערט. דאך אזוי פשוט, און דער עולם שמייכלט פארגניגט אויף. אט ערשט דאכט זיך אזוי שווער געוועזן צו פארשטיין.

און אזוי כסדר. דאס צימער איז אנגעשטעלט מיט א סך אזעלכע קליינע חידושים, וואס זיינען אזוי פשוט...

אין דעם צווייטן צימער וועט זיך דער עולם שפילנדיק דערוויסן וועגן דעם געבוי פון דער ערד, און וועגן די ענדערונג פון דעם קלימאט אין די פיר צייטן פון דעם יאר, און וועט דורכמאכן א רייזע צו דער לבנה. אין דריטן צימער וועט ער זיך פארווײלן מיט אסטראנאמיע, ווייל דאס צימער איז א קליין פלאנעטאריום. און אזוי ווייטער, און אזוי ווייטער.

דער עולם פרעגט פראגן און קריגט ענטפערס. ווען ער גייט אוועק, צוזעגנט ער זיך נישט. ער וועט קומען נאך א מאל און נאך א מאל. ער וועט זיך שפילנדיק איינחזרן, וואס ער האט שפילנדיק אויסגעלערנט. אט אזוי וועט ער זיך א סך

דערוויסן און „לעבן וועט ווערן בעסער, לעבן וועט ווערן פרייי־לעכער", על פי נוסח סטאלין.

אין לענינגראד איז פאראן א געגנט, וועלכע הייסט די וויבארגער זייט. עס איז אן ארבעטער־דיסטריקט. לענינגראדער דערציילן מיט שוידער, ווי שרעקלעך עס איז געוועזן דארטן צו וואוינען. די הילצערנע הייזער זיינען געוועזן צום אומ־פאלן. אלטע העסלעכע חורבות, גוט פאר פלעדערמייז און רעץ און ווערים. די ארבעטער, וואס האבן געוואוינט אין זיי, האבן זיך געמוזט פילן נישט בעסער און נישט חשובער. די גאסן זיינען נישט געוועזן געברוקירט און באלויכטן. אין פינסטערן נאסן הערבסט האט מען געקאנט דערטרונקען ווערן אין די בלאטעס.

ווער עס האט נישט געקענט די וויבארגער זייט פון פריער, וועט איצטער נישט דערקענען אין איר איר אמאל. נייע שיינע הייזער שטייען אויף דעם פלאץ פון די חורבות. די גאסן זיינען געפלאסטערט, און צירלעכע עלעקטרישע לאמפן באלייכטן די נעכט. אבער דאס וויבארגער הויז פון קולטור איז דאס גרעסטע שיינדל, די צירונג פון דער געגנט, א מוס־טערהויז. אין זיינע קולטור־טעטיקייטן באטייליקט זיך א מיט־גלידערשאפט פון צוויי און א האלב מיליאנען יערלעך.

לענינגראד בויט איצטער דעם גרעסטן „פאלאץ פון קול־טור און אפרו" אין דער וועלט. ער וועט קאנען ארייננעמען צווייהונדערטטויזנט באזוכער אויף א מאל, און קיינעם זאל נישט ענג זיין, און קיינער זאל נישט געשטערט ווערן. ער וועט האבן דעם גרעסטן סטאדיום אין סאוויעט־רוסלאנד מיט פלע־צער פאר הונדערטטויזנט צושויער. ער וועט האבן א סך ביב־ליאטעקן און אויסשטעלונג־גאלערייען און לאבאראטאריען, עטלעכע טעאטער און קינאס, גרויסע, גרוימיקע, מיט די מאָ־דערנסטע בינעס און דעם רייכסטן רעפערטואר.

„עס איז די אמביציע פון די לענינגראדער ארבעטער צו שאפן די מוסטערהאפטסטע קולטורטעטיקייט," האט דערקלערט די אינטוריסטקע, וועלכע האט אונז ארומגעפירט איבער לע־

נינגראַד. דער לענינגראַדער שוללערער, וואָס איז געווען דערביי, האָט זי פאַרבעסערט:

„דאָס איז די אַמביציע פון גאַנצן לאַנד," האָט ער געזאָגט. „מיר האָבן איצטער אין סאָוויעטרוסלאַנד צוויי טויזנט פּאַלאַצן פון קולטור — אַלע נייע, מאָדערנע פּראַכטהייזער מיט די בעסטע איינריכטונגען פאַר דער אַנטוויקלונג פון קולטור־מענטשן. אויסער די דאָזיקע גרויסע פּאַלאַצן האָבן מיר פון פופצן ביז צוואַנציק טויזנט אַרבעטערקלובן, וואו די זעלביקע קולטוראַרבעטן ווערן געפירט אויף א קלענערן מאַסשטאַב. אָבער אויך די דערפער ווערן באַזאָרגט מיט קולטורצענטרען. נישטאָ קיין איין דאָרף מער אין גאַנץ סאָוויעטרוסלאַנד, וואָס זאָל נישט האָבן איר לייען־הייזקע. פאַר די פּויערים, וואָס קומען אין שטאָט אויף א קורצן באַזוך, זיינען אויסגעבויט געוואָרן איבער צענטויזנט „פּויערים־הייזער", וואו זיי געפינען קוואַרטיר און קולטורעלע פאַרווייַלונגען. קולטור איז איצטער דאָס געווינלעכסטע וואָרט ביים פאָלק, וואָס האָט מיט פופצן יאָר צוריק נישט געוואוסט, מיט וואָס מען עסט עס. באַגרייפט איר דעם אויפשטייג?"

## פון פאַרברעכער ווערן גוטע ערלעכע אַרבעטער

דער קאַנאַל, וואָס פאַרבינדט דעם באַלטישן ים מיט דעם ווייסן ים אין צפון פון דעם גרויסן ראַטנפאַרבאַנד — אַ ריי־זיקער אויפטו פון דער סאָוויעטישער רעגירונג — איז געבויט געוואָרן פון אַרעסטאַנטן און פאַרשיקטע, פון שעדיקער און שעדלעכע מענטשן אין דער געזעלשאַפט: פון באַנדיטן, גנבים, פּראָסטיטוטקעס, סאַבאָטאַזשניקעס, שטערער, „קולאַקעס". עס איז נישטאָ קיין בעסערער דערציער, ווי אַרבעט, וועלכע מען ליבט, זאָגט סאָוויעטרוסלאַנד. אַרבעטער, וואָס האָבן ליב זייער אַרבעט, וועלן זיי קיינמאָל נישט פאַרלאָזן, וועלן זיך געטריי האַלטן אָן איר. דאַרף מען מאַכן, אַז אויך אַלערליי פאַרברע־כער זאָלן ליב באַקומען אַן אַרבעט. זיי וועלן ווערן אויס פאַר־ברעכער, נאָר גוטע געטרייע אַרבעטער.

די פּיעסע „אַריסטאָקראַטן" פון דעם יונגן סאָוויעטישן שריפטשטעלער נ. פּאָגאָדין, איינע פון די גרעסטע דערפאָלגן אויף דער רוסישער בינע פאַר די לעצטע צוויי יאָר, דערציילט, ווי אַלערליי פאַרברעכער, וועלכע זיינען אַוועקגעשיקט געוואָרן צום בוי פון דעם באַלטישן־ווייסן ים־קאַנאַל, זיינען געוואָרן ערלעכע אַרבעטער און נוצלעכע בירגער.

עס איז אָנגעקומען אַ נייע פּאַרטיע אַרעסטאַנטן, אין וועלכער עס געפינט זיך אַ געפערלעכער באַנדיט מיט דעם נאָמען „קאַפּיטאַן" קאָסטיאַ, זיין געליבטע, די פּראָסטיטוטקע

סאָניאַ און צוויי אינזשיניערן סאַבאָטאַזשניקעס, באָטקין און סאַדאָווסקי, וועלכע האָבן באַשעדיקט די פאַבריקן, אין וועלכע זיי זיינען געווען אָנגעשטעלט. די דאָזיקע פיר זיינען זייער פעאיקע מענטשן, מיט אַ סך ענערגיע, גוטע קעפּ און געבענטשטע הענט. אָבער דער באַנדיט און זיין געליבטע האַסן און פאַראַכטן די מענטשלעכע געזעלשאַפט און לעבן זיך אויס אין שלעכטס טאָן, אין רשעות און בייזקייט, און די ביידע אינזשיניערן האַסן און פאַראַכטן סאָוויעטרוסלאַנד און נעמען אויף זיך צרות, שטראָף און פאַרשיקונג, אַבי זיי האָבן איר כאָטש אַ ביסל געשטערט און געשעדיקט.

אויך דאָ ביים קאַנאַל זאָגן זיך אָפּ די פיר צו טאָן וואָס עס איז פאַר אַן אַרבעט. דעם באַנדיט וואַרפט די נכפּה, ווען מען רעדט צו אים פון אַרבעט, די פּראָסטיטוטקע מאַכט חוזק און לאַכט פון אַזאַ צומוטונג, און די ביידע אינזשיניערן מאַכן זיך נישט הערנדיק און נישט פאַרשטייענדיק, רעד צו זיי און רעד צו דער וואַנט. אָבער דער טשעקיסט גראָמאָוו און זיין פאָרגעזעצטער, די ביידע אויפזעער און אַדמיניסטראַטאָרן, וואָס דאַרפן מאַכן זיי צו אַרבעטן, פאַלן ביי זיך נישט אַראָפּ. זיי וועלן שוין איינברעכן די פיר עקשנים. נישט מיט געוואַלט און צוואַנג, נאָר זיי ווילן פריער אָדער שפּעטער אָנטאַפּן אין זיי יענעם פונקט, פון וועלכן מען וועט קאָנען איבערקערן זייערע כאַראַקטערן.

דער ערשטער קומט צום פונקט דער פאָרגעזעצטער, ער דערקענט, אַז די זייער קלוגע פּראָסטיטוטקע האָט שטאָלץ אין זיך און אַ געוויסע פאָרנעמקייט. ער גנבעט זיך צו, גנבעט זיך אַריין אין די דאָזיקע אירע אייגנשאַפטן און ווירקט אויף איר, זי זאָל אים פאַרשפּרעכן, אַז זי וועט אויפהערן צו שיכורן. זי פאַרשפּרעכט און האַלט וואָרט, כאָטש דאָס קומט איר נישט אָן אַזוי לייכט, אָדער דערפאַר טאַקע, וואָס איר קומט עס נישט אָן אַזוי לייכט. אָבער ווען זי הערט אויף צו שיכורן, ווערט איר לאַנגווייליק, ווערן איר די טעג צו לאַנג אין גאָר־נישט טאָן, און זי מוז זיך נעמען צו אַרבעט. און ווי זי איז געווען אַלס טרינקערין און פאַרברעכערין אַן ערשטע, אַן אָנ־

פירעריין, אזוי ווערט זי אין דער ארבעט אַן ערשטע און אַנ־פירעריין.

דער טשעקיסט גראָמאָוו דערקענט אין דעם באַנדיט קאָסטיאַ, אז ער איז זייער אמביציעז, האָט ליב געפּערלעכע אונטערנעמונגען און וויל באַוואונדערט ווערן. און ער הויבט אָן צו ווירקן אויף די דאָזיקע אייגנשאַפטן פון דעם „קאַפּי־טאַן". ער הערט נישט אויף צו רעדן צו זיין ענערגיע, ווילנס־קראַפט און גוטן קאָפּ אויף די פּלייצעס. אָן עבירה, אז אַזעלכע גוטע אייגנשאַפטן זאָלן נישט אויסגענוצט ווערן, זאָלן אומגיין ליידיק און נישט אַקטיוו זיין. אָבער דער באַנדיט ווייס, וואוהין די אַלע רייד צילן, און לאַכט זיך אויס פון דעם טשע־קיסט. ניין, ער וועט אים צו ארבעט נישט ברענגען. ער האַסט ארבעט און וועט קיינמאָל קיין ארבעטער נישט ווערן, ער מעג אפילו וויסן, אז ער וועט דאָ פאַרפוילט ווערן. אָבער דער טשעקיסט דערקלערט אים, אז ער באַשטימט אים פאַר דעם הויפּט פון אַן אויפבריים־עקספּעדיציע. אַ זייער געפערלעכע אונטערנעמונג, און זי מוז געפירט ווערן פון איינעם, וואָס האָט מוט און דערפינדערישקייט. און דער באַנדיט ווערט גע־פּלעפט. די גרויסע געפערלעכקייט רייצט אים, מאַניעט אים, ווי עס רייצט און מאַניעט אים צו זיין דער באַפעלער איבער אַ גאַנצער קאָמאַנדע, אין וועלכער עס וועלן זיך געפינען אַ דאָקטאָר, אַן אינזשעניער, צוויי פאַטרול־סאָלדאַטן. ער גיט זיך אונטער. ער נעמט אָן דעם אָנבאָט, ווערט פירער און אויס־געצייכנטער ארבעטער. און איינמאָל ארויסגעריסן זיך פון זיין פריערדיקן איך, ווערט ער אַ נייער מענטש.

די אינטעליגענטע שעדיקער, די ביידע אינזשיניערן, זיי־נען נאָך אַ שווערערע נוס צו צוקנאַקן. זיי האַנדלען אויס פּרינ־ציפּ און האַלטן זיך פעסט. ווען באַטקינען דוכט זיך, אז סאַ־דאָווסקי האָט שלום געמאַכט מיט דער סאָוויעטישער רעגירונג, וויל ער אים פּאַטשן, ווי אַ פּרינציפּלאָזן פאַררעטער, אָבער באַלד איז ער דער ערשטער אונטערצוגעבן זיך און שלום צו מאַכן. דער אינזשיניער אין אים איז געריצט געוואָרן מיט אַ שווערער אויפגאַבע אין דער קאָנסטרוקציע פון אַ דאַם אויפן

קאנאל. עס בייסן אים די פינגער, געדאנקען קומען נישט־געוואָלט־
טערהייט. ער הויבט אָן צו אַרבעטן אויף דער אויפגאַבע, שטעלט
צונויף א דאַם. ער שפּילט זיך בלויז, גלאַט אזוי זיך, פּשוט,
ווייל ער איז טשעקאָווע. ווען ער וועט דערפינדן דעם דאַם, וועט
ער אים צוברעכן און דעם טשעקיסט אפילו נישט באַווייזן. ער
וויל נאָר זען פאַר זיך אַליין, צי קאָן ער עס מאַכן אָדער נישט.
אָבער ווען ער דערפינט דעם דאַם, שטעלט אים זיך צונויף,
האָט ער נישט דעם מוט צו צוברעכן זיין דערפינדונג. זי איז
געקומען צום לעבן און וויל בלייבן לעבן און פאַרנעמען איר
פּלאַץ און פונקציאָנירן און ברענגען אויך כבוד דעם דערפינדער.
ער גיט זי אַוועק גראַמאָוון און גיט זיך אַוועק מיט איר. ער מאַכט
שלום מיטן נייעם רעזשים און קערט זיך אום צו זיין געליבטער
אַרבעט.

סאַדאָווסקי האַלט זיך לענגער. ער ברעכט מיט זיין אַלטן
פריינט, מיט באַטקינען, בלייבט אַליין און איינזאַם. ער פּרואווט
זיך נאָך אפילו צו שעדיקן און שטעלט צו גראַמאָוון א פאַלשן
ראַפּאָרט וועגן אַרבעטן, וואָס דאַרפן געטאָן ווערן. גראַמאָוו
ווערט נישט אין כעס, נאָר באַווייזט אים, ווי נאַריש און
יינגליש ער האַנדלט. סאַדאָווסקי מוז זיך שעמען פאַר זיך
אַליין. דאָס ברעכט זיין עקשנות, וואָס האָט אים געמאַכט פאַר
א נאַר. ער באַפרייט זיך פון איר, און איז גליקלעך, וואָס ער
קאָן זיך אומקערן צו זיין אַרבעט, נאָך וועלכער ער האָט שוין
לאַנג געבענקט.

צווישן די אַרעסטאַנטן געפינט זיך נאָך איינער, א קונצי־
קער פעלשער פון אסיגנאַציעס און אונטערשריפטן, א טייערער
צייכנער. מען ברענגט אים אָבער אַרויף אויף דעם געדאַנק, אַז
ער וואָלט געקאָנט מאַכן צייכענונגען פאַר צייטונגען, און ער
ווערט אַן אָנערקענטער קאַריקאַטוריסט. — —

די זעלביקע סביבה פון אַרעסטאַנטן ביים באַלטיש־ווייסן
ים־קאַנאַל האָט באַנוצט אויך דער יידיש־סאָוויעטישער שריפט־
שטעלער חיים גילדין אין אַ גרעסערער דערציילונג. אויך ער האָט
דאָרטן דעם קלוגן טשעקיסט, וועלכער ווערט דער איבערדערציער
פון די, וואָס געפינען זיך אונטער זיין רשות. פאַרהאַרטעוועטע

באנדיטן ווערן גוטע און ערלעכע ארבעטער, ווייל דער קלוגער פירער האט געוואוסט, ווי ארויסצורופן אין זיי דעם מענטש. דער העלד פון דער דערציילונג איז א יידישער „אויפעפענער" פון אייזערנע קאסטנס. א ספעציאליסט אין זיין ארבעט, אן „אויפעפענער" מיט גאלדענע הענט און א גוטן קאפ, א קינסט־לער, וואס האט געליבט די שווערסטע שלאס־קאמבינאציעס. ער האט געעפנט די קאסטנס נישט אזוי צוליב די גרויסע סומען, וואס זיינען געלעגן אין זיי, ווי אויס ליבע צו דער קונסט. ער האט אבער אויך געליבט מוזיק, און ער קומט פון דער פאר־שיקונג אויסגעהיילט פון זיין קראנקהייט צו עפענען קאסטנס און ווערט א בארימטער קאמפאזיטאר.

ביידע אויטארן, אי פאגאדין אי גילדין, פארזיכערן, אז זייערע דערציילונגען זיינען גענומען פון לעבן. זיי האבן מענטשן און באגעבנהייטן נישט אויסגעטראכט. זיי זיינען ביידע גע־ווען ביים קאנאל, ווען ער האט זיך געבויט, צוגעקוקט זיך צום דארטיקן לעבן, און וואס זיי האבן נישט געזען מיט זייערע אייגענע אויגן, האבן זיי ארויסגעלייענט פון די פראטאקאלן פון דער אדמיניסטראציע פון דעם קאנאלבוי.

א מאסקווער פריינט, ביי וועלכן איך האב געזוכט מער אינפארמאציע וועגן דעם ענין, האט געזאגט:

„די פראטאקאלן פון דעם קאנאלבוי וועלן מיט דער צייט מסתמא פארעפנטלעכט ווערן און ערשט דעמאלט וועט איר שטוינען. איר וועט דארטן געפינען מאטעריאל פאר ביכער און ביכער, דערציילונגען און דראמען. פאגאדין און גילדין האבן גארנישט אויסגעטראכט און אויסגעפאנטאזירט. אבער צו וואס זאלט איר מיר און זיי גלויבן אויפןווארט, אז איר קאנט זיך אליין איבערצייגן. און איר דארפט נישט ווייט פארן, איר דארפט נישט אזש צום ווייסן ים. איר קאנט עס זען דא אין מאסקווע.

„איר קאנט באזוכן פאבריקן און זאוואדן, וואו איר וועט זיך אנטרעפן מיט אינזשיניערן און מעכאניקער, וועלכע זיינען אמאל געווען פארעקשנטע סאבאטאזשניקעס און שעדיקער און געווארן די געטרייסטע ארבעטער, ווייל מען האט געוואוסט, ווי זיי צו נעמען.

„נו, און פּראָסטיטוטקעס, ווייסט איר דאָך, האָט איר דאָך מסתמא באַמערקט. זיי זיינען נישטאָ. געוועזן און נישטאָ מער. אויב איר זייט נאָך דאָרטן נישט געווען, טאָ גייט און באַזוכט דעם אינסטיטוט, אין וועלכן דער דאָזיקער מין ווערט באַהאַנדלט. טוט עס וואָס שנעלער, ווייל באַלד וועט מען זיי אַרויסלאָזן, און דער אינסטיטוט וועט צוגעמאַכט ווערן. נישטאָ מער קיין פּראָסטיטוטקעס. ווי סאָניאַ אין „אַריסטאָקראַטן", אַלע געוואָרן גוטע אַרבעטערקעס.

„און וואָס שייך גנבים און באַנדיטן — זייט איר געוועזן אין באָלשעוואָ? — אָ, איר זייט נאָך נישט געוועזן אין באָלשעוואָ?! דאָך דאָ נישט ווייט לעבן מאָסקווע... ווער באַזוכט נישט באָלשעוואָ? איר מוזט באַזוכן באָלשעוואָ, וועט זיין פאַר אייך זייער אינטערעסאַנט. איר קאָנט זיך דאָרטן אָננעמען מיט מאַטעריאַל פאַר דראַמען און ראָמאַנען און דערציילונגען נישט ווייניקער ווי ביים באַלטישן ווייסן־ים־קאַנאַל.

„בקיצור, באָלשעוואָ איז אַ גנבים־שטעטל. דאָס הייסט, נישט אַ שטעטל, פונוואַנען גנבים קומען אַרויס, וואָס שטעלט־צו גנבים פאַר אַלע איבעריקע שטעט און שטעטלעך. נאָר אַ שטעטל, וואַוהין מען שיקט אַלע געכאַפּטע און פאַרמשפּטע גנבים און באַנדיטן און מען מאַכט זיי פאַר גוטע, ערלעכע אַרבעטער. ווי אין „אַריסטאָקראַטן", נישט מיט געוואַלט און שטראָפן, נאָר מיט אַ מענטשלעכן צוגאַנג.

„וואָס מיינט איר, טוט מען? מען לאָזט יעדן איינעם זיך אַליין געפינען. איר פאַרשטייט, וואָס איך מיין? מען לאָזט יעדן איינעם ווערן, וואָס ער וואָלט געוואָלט ווערן, וואָס ער קאָן ווערן. מען מאַכט פאַר אים פריי דעם וועג צו די אַמביציעס, וועלכע ער האָט געהאַט, איידער ער איז געוואָרן אַ גנב. מען קערט אים אום צו זיך אַליין. איך גלויב, אַז אייך איז עס קלאָר.

„איר באַזוכט נאָר באָלשעוואָ — זי האָט געמעגט הייסן באָלשעניעוואָר, מער־נישט־קיין־גנב — דאָרטן וועט עס אייך נאָך קלאָרער ווערן. איר וועט זען, ווי מען באַגייט זיך דאָרט מיט זיי. זיי זיינען ווי אין אַ שולע, אָן אוניווערזיטעט. זיי

לערנען דארטן אלץ, וואס זיי ווילן. ארבעט, קונסט, וויסנשאפט. זיי קומען פון דארטן ארויס געבילדעטע מענטשן, יעדער מיט א פראפעסיע אין דער האנט, א פראפעסיע, וועלכע ער האט זיך אליין אויסגעקליבן, וועלכע ער האט געוואלט האבן.

..עס זיבען שוין פון דארטן ארויסגעקומען מוזיקער, שוי־שפילער, טעכניקער, לערער — איר פארשטייט, אפילו לערער. און אלע זיינען נאטירלעך באשעפטיקט, און קיינער פון זיי געפינט זיך נישט אונטער דער אויפזיכט פון פאליציי. זייער פארגאנגענהייט איז פארגעסן, טאר זיי נישט דערמאנט ווערן. זייער היינט איז א בכבודיקער, און די צוקונפט פארשפרעכט זיי נאך מער. זיי ווען שוין צו גנבענען נישט אומקערן זיך. דער עיקר טאקע אויך, וואס מען האט זיי אויסגעלערנט ליב צו האבן זייער פאטערלאנד מיט איר סאציאליסטישער ארדנונג. זיי קו־מען ארויס פון באלשעווא מיט דער אמביציע פון א סטאכאנאוו: דינען דעם סאציאליסטישן פאטערלאנד וואס בעסער און וואס שענער...

„עס איז פונקט, ווי אין פאגאדינס פיעסע. ער האט גאר־נישט איבערגעטריבן. מיר האבן זיך אויסגעלערנט צו מאכן פון גנבים לייט און ארויסצוקריגן פון זיי דאס בעסטע א.ז. דאס נוצלעכסטע. איר, אין מיין אייער אמעריקע אפילו, מעגט אונז שטארק מקנא זיין...״

# טעאַטער אין סאָוויעטרוסלאַנד

די וואָך פון 1־טן ביז צום 7־טן סעפּטעמבער איז געווען טעאַטער־וואָך אין מאָסקווע. אַ טעאַטער־פעסטיוואַל, צו וועלכן ס'זיינען זיך צונויפגעפאָרן פון גאַנץ רוסלאַנד און פון די פאַר־שיידנסטע אַנדערע לענדער דראַמאַטיקער, קריטיקער, שוישפּילער, רעזשיסערן, דירעקטאָרן און גלאַט ליבהאָבער פון טעאַטער. דאָס איז שוין געווען דער פערטער יערלעכער פעסטיוואַל. און ער וועט פאָרקומען אַליערלעך — יאָר־איין יאָר־אויס וויל סאָוויעט־רוסלאַנד איינלאַדן צו זיך געסט פון גאָר דער וועלט צו אַ טע־אַטער־וואָך אין איר הויפּט־שטאָט און באַווייזן זיי אירע דער־גרייכונגען אויף דעם געביט פון טעאַטער.

זי האָט טאַקע זייער אַ סך וואָס צו באַווייזן אויף דעם דאָזיקן געביט. איבער טויזנט טעאַטערס אין גאַנצן לאַנד, איבער דרייסיק טויזנט שוישפּילער, פופציקערליי שפּראַכן, און דער ראַטן־פאַרבאַנד קאַרגט נישט קיין געלט אויף וואָס בעסערע און גרעסערע דערגרייכונגען אין דער טעאַטער־קונסט, שטעלט זיך נישט אָפּ פאַר קיין שום עקספּערימענט.

טעאַטער איז שטענדיק געווען אַ קולט אין רוסלאַנד. די טעאַטער־קונסט איז געווען הויך אַנטוויקלט, און דאָס טעאַטער איז געווען מער ווי אַ פאַרווייַלונג. פון די טעאַטער־ברעטער, ווי פון די בלעטער פון דער רוסישער ליטעראַטור, האָט פאַרגנבעט אַראָפּגערעדט צום רוסישן עולם אַ ליבעראַלער געדאַנק, אַ פאַר־

זיכטיקער פּראָטעסט קעגן די באַדינגונגען פון דעם שווערן לעבן אונטער דער צאַרישער הערשאַפט. גריבאָיעדאָוו, גאָגאָל, טאָלסטאָי, אָסטראָווסקי, סוכאָווא־קאָבילין, און שפּעטער טשעכאָוו, אַנדרעיעוו, גאָרקי און נאָך אַנדערע האָבן באַרייכערט דאָס רוסישע טעאַטער מיט אַ רעפּערטואַר, וואָס האָט אויפגעדעקט פאַר דעם רוסישן פאָלק פאַרשיידענע ווינקלען פון זיין גאָר נישט פרייליכן, פינסטערן לעבן. טעאַטער איז געווען אַ בילדונג־אינסטיטוציע, אַ צוגאָב צו דער גימנאַזיע, דעם אוניווערזיטעט און דער ליטעראַטור.

אַ גוטע ירושה, וועלכע דער ראַטן־פאַרבאַנד האָט נאָך פאַרגרעסערט און פאַרבעסערט. ווי די ליטעראַטור, אַזוי איז דאָס טעאַטער געוואָרן דינער פון דער רעוואָלוציע, אויפקלערער פון דעם פּראָלעטאַריאַט, קעמפער פאַר דער נייער אָרדענונג. אין די פּיעסן פון דעם אַלטן רעפּערטואַר, וועלכע דער נייער רעזשים האָט אַריבערגענומען, איז שאַרפער אָנגעצייכנט געוואָרן די קריטיק פון דער אַלטער אָרדענונג, די ליידן און די העסלעכקייטן פון דער קאַפּיטאַליסטישער, אין קלאַסן צוריסענער וועלט. אויך די פּיעסן פון דעם נייעם רעפּערטואַר איז אַרויפגעלייגט געוואָרן בולט צו מאַכן דעם אונטערגאַנג פון דער אַלטער אָרדענונג און דעם אויפבוי פון דער נייער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט און דעם אין איר באַנייטן מענטש.

אין דער טעאַטער־וואָך האָט מען מכבד געווען די געסט מיט צוויי פּיעסן פון דעם נייעם רעפּערטואַר, צוויי פּיעסן פון דעם אַלטן, מיט דער אָפּערע „יעווגעני אָנעגין", אַ מאַטינעי געווידמעט דעם טעאַטער פאַר קינדער, אַן אָוונט געווידמעט דער קונסט פון די פעלקער אין ראַטן־פאַרבאַנד און אַן אויפפירונג פון דעם גרוזינישן טעאַטער, וואָס הייסט „טעאַטער אין נאָמען פון רוסטאַוועלי" און האָט אין יענער צייט גאַסטראָלירט אין מאָסקווע.

„אויב איר ווילט וויסן אונזער באַציאונג צו טעאַטער איבערהויפּט, קאָן איך אייך דערציילן די געשיכטע פון גרוזינישן טעאַטער," האָט מיר געזאָגט אַ מאָסקווער טעאַטער־מענטש אין אָוונט פון דעם דאָזיקן טעאַטער. „און איך וויל אייך דערציילן

דווקא זיין געשיכטע, ווייל זי איז די נייעסטע, האָט ערשט דורכגעמאַכט איר אַנטוויקלונג.״

איך האָב מיט דאַנק אָנגענומען זיין פריינטלעכן אָנבאָט, און ער האָט אָנגעהויבן:

„דאָס דאָזיקע גרוזינישע טעאַטער איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1920, ווען אין גרוזיע זיינען געשטאַנען ביי דער מאַכט די מענשעוויקעס, און איז אָנגערופן געוואָרן אויף דעם נאָמען פון שאָטאַ רוסטאַוועלי.

„ווייסט איר, ווער שאָטאַ רוסטאַוועלי איז געווען? געוויס נישט. פונוואַנען זאָלט איר וויסן. אפילו אין דער אויספירלעכסטער געשיכטע פון דער וועלט־ליטעראַטור געפינט זיך זיין נאָמען נישט. שאָטאַ רוסטאַוועלי איז געווען דער גרעסטער גרוזינישער דיכטער און איינער פון די גרויסע עפּישע פּאָעטן אויף דער וועלט, כאָטש די וועלט קען אים נישט. געלעבט און געשאַפן אין צוועלפטן יאָרהונדערט, וואָס ווערט גערעכנט פאַר דער גאָלדענער צייט פון גרוזיע, איז געווען איינער פון די געבילדעטסטע מענטשן פון זיין צייט און פאַרבינדער פון די קולטורן פון מזרח און מערב. כאָטש ער איז געווען אַ געטרייער זון פון זיין פאָלק און זיין לאַנד, טראָגן נישט זיינע ווערק אַ נאַציאָנאַל־גרוזינישן כאַראַקטער, אָבער די מענשעוויקעס האָבן געוואָלט מאַכן פון דעם טעאַטער, וואָס זיי האָבן אָנגערופן אויף זיין נאָמען, אַ טרעגער פון אַן ענג־נאַציאָנאַליסטישן גייסט. איר דענקט דאָך מסתמא עד היום, אַז די מענשעוויקעס זיינען געווען גוטע סאָציאַליסטן און נאָר די באָלשעוויקעס האָבן זיי פאַרשריען פאַר סאָציאַל־פאַשיסטן. איז וואָס וועט איר זאָגן דערצו, וואָס ווען זיי האָבן געבאַלעבאַטעוועט אין דעם גרוזינישן רוסטאַוועלי־טעאַטער, האָבן זיי כסדר אויפגעפירט נאַציאָנאַליסטישע פּיעסן און קיין איינע נישט מיט סאָציאַלע פּראָבלעמען, קיין איינע נישט, וואָס זאָל כאָטש אָנדייטן אויף דער לאַגע פון דעם פּראָלעטאַריאַט און דעם קלאַסנקאַמף? ווען אין 1921 האָבן די אַרבעטער און פּויערים פון גרוזיע איבערגענומען די מאַכט אין זייערע הענט, האָבן זיי נישט געהאַט וואָס צו זען אין דעם רוסטאַוועלי־טעאַטער, איז דאָס טעאַטער זיי געווען אַ פרעמדס. עס איז אפילו

געמאַכט געוואָרן אַ פאָרשלאַג, מען זאָל אין גאַנצן צומאַכן דאָס טעאַטער און נעמען זיך צו צוגרייטן נייע אַקטיאָרן.

איז געקומען דער גרויסער קינסטלער און רעזשיסער מאַרדזשאַנשווילי און האָט געראַטעוועט די סיטואַציע. די נאַציאָנאַליסטישע פּיעסן פון די גרוזינישע שרייבער זיינען פאַרשוואונדן און אויף זייער אָרט זיינען געקומען פּיעסן מיט סאָציאַלן אינהאַלט. דער ענגלענדער שעקספּיר, די שפּאַניער לאָפּע דע וועגאַ און בענאַווענטע, דער פראַנצויז מאָליער, דער אירלענדער סינג, די דייטשן ווערפל, טאָלער און קייזער און טאַקע נייע גרוזינישע דראַמאַטורגן, וועלכע האָבן אָנגעהויבן צו פאַרשטיין די נייע צייט, זיינען געוואָרן דער וואונדערבאַר רייכער רעפּערטואַר. די גרוזינישע נאַציאָנאַליסטן האָבן פּראָטעסטירט. עס איז נישט גרוזיניש. מאַרדזשאַנשווילי, וועלכער האָט זיך גערופן מאַרדזשאַנאָוו, איז אַוועק פון דער גרוזינישער קולטור, געוואָרן אַ פרעמדער און טאָר נישט זיין דער פירער פון דעם גרוזינישן טעאַטער. אָבער די אַרבעטערמאַסן האָבן געהאַלטן מיט מאַרדזשאַנשווילי. זיי האָבן געזען, אַז ער פירט דאָס טעאַטער אויפן ריכטיקן וועג, כאָטש ער איז נאָך נישט געוואָרן קיין רעוואָלוציאָנערער טעאַטער. עס זיינען נאָך פּשוט נישט געווען קיין סאָוועטישע פּיעסן, וואָס זאָלן באַהאַנדלען די פּראָבלעמען פון דער נייער אָרדענונג און דער נייער קולטור. אָבער די אַרבעטער האָבן פאַרשטאַנען און איינגעזען, אַז די אָפּשאַפונג פון דעם פאַרשימלטן נאַציאָנאַליסטישן רעפּערטואַר איז אַליין שוין אַ גרויסער אויפטו און האָבן אונטערגעגעבן מאַרדזשאַנאָוון קוראַזש און געוואַרט אויף נייע, נענטערע און אייגענערע פּיעסן.

„האָט זיך אָבער געמאַכט, אַז מאַרדזשאַנאָוו איז קראַנק געוואָרן און זיין פּלאַץ האָט פאַרנומען זיין אַסיסטענט אַכמעטעלי, און דער האָט אָנגעהויבן קריכן אויף גלייכע ווענט. אויב נישט שאָוויניסטישער נאַציאָנאַליזם אין דעם אינהאַלט פון די פּיעסן, איז נאַציאָנאַליזם אין דעם שפּילן, אין די באַוועגונגען פון די אַקטיאָרן אויף דער בינע. איר פאַרשטייט, וואָס דאָס איז? אָט וועל איך אייך ציטירן אַ שטיקל פון זיינער אַ לעקציע:

„פאַר מיר איז באַוועגונג — אַלץ. פאַר מיר איז טעאַטער קודם כּל אַ האַנדלונג, וועלכע קומט פאַר אין רוים, און דערפאַר מוז זי געבויט זיין אויף באַוועגונג. זאָגט מיר, ווי ווער פון די נאַציאָנאַליטעטן, וואָס באַפעלקערן די ס. ס. ס. ר., באַוועגט זיך, און איך וועל אייך זאָגן, וואָס איז דאָס וועזן, דאָס אינער־רע וועזן, פון דעם געגעבענעם טיפּ... צו באַשטימען די באַוועגונגען פון אַ גרוזין, מוז מען זען דעם קאָסטיום פון אַ גרוזין, און דעמאָלט וועט איר זען, אַז די געזעצן פון די באַוועגונגען פון אַ גרוזין זיינען לגמרי אַנדערש, ווי די געזעצן פון אַנדערע נאַציעס." סתרי תורה, ווי? טיק הערט זשע ווייטער: „די גרוזינישע באַוועגונג ווערט באַשטימט קודם כּל פון דעם, וואָס די גרוזינער טראָגן אויף די פיס. אַ גרוזין טראָגט נישט קיין שווערע שטיוול, נאָר לעדערנע זאָקן, און ווען ער טוט זיי אָן צום ערשטן מאָל, זייפט ער אָן די פיס, ווייל אויב ער וועט נישט אָנזייפן, וועלן זיי נישט אַרויפקריכן אויף די פיס. דערפאַר ווען ער גייט, טאַנצט ער אונטער. ווייל ער גייט כּסדר אום אויף בערג, קאָן ער לייכטער אַריבערשפּרינגען פון אָרט צו אָרט. דערפון נעמען זיך זייער אײַדעלע, זייער לייכטע, זייער כוואַליענדיקע באַוועגונגען..." אָט האָט איר אַ נאַציסטישע ראַסנטעאָריע און גאַטיר־לעך אָן אומזין. דאָס טעאַטער אונטער אַכמעטעלי איז פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין אַ פאַנטאָמימע־טעאַטער, אין אַ גימנאַסטיק, אין קונצנמאַכעריי.

„און דאָך האָט זיך אַכמעטעלי נעהאַלטן אַ היפּשע פאָר יאָר, און די רעגירונג האָט אים געשטיצט מיט גרויסע סומען אויף אַלע זיינע משוגעתן. וועט איר דאָך פרעגן, פאַרוואָס? איז דאָס טאַקע, ווייל די סאָוויעטישע רעגירונג באַציט זיך אַזוי ערנסט צו דער טעאַטער־קונסט און קאַרגט נישט קיין געלט אויף אַלערליי עקספּערימענטן. אַכמעטעלים טעאָריע איז טאַקע געווען אַ משונהדיקע, אָבער דערביי איז ער געווען אַ גרויסער קינסטלער־רעזשיסער, וועלכער האָט אַ סך זאַכן מחדש געווען מיט זיין טעאָריע. ער האָט פאַרפיינערט דעם שוישפּילער, צוגע־געבן אים אַזאַ שיינע בויגיקייט, אַזאַ פיינע עלאַסטיציטעט. און די סאָוויעטישע רעגירונג האָט אים געלאָזט אָנגיין מיט דער אַרבעט,

ביז ער האָט אַרויסגעגעבן אַלץ, וואָס ער האָט געהאַט אין זיין מעטאָדע. דערנאָך האָט מען אים דערווייטערט. דאָס איז געשען פאַר אַ יאָרן. די פירערשאַפט האָבן איבערגענומען גאָרדעלאַדזע, דער פאַרטרעטער פון דעם בילדונגס־קאָמיסאַר־יאַט אין גרוזיע, און וואַסאַדזע, אַן אויסגעצייכנטער אַרטיסט, וועלכער האָט אַ סך אָפּגעלערנט פון מאַרדזשאַנאָוון און פון אַבמעטעלין און נאָך מער פון דער רעוואָלוציע.

„די נייע פירערשאַפט האָט געוואוסט, אַז קודם כל מוז געשאַפן ווערן אַ רעפּערטואַר, וואָס זאָל זיין נאָענט דער סאָוויע־טישער ווירקלעכקייט. אין דער ערשטער ליניע קומט די סאָוויעטיש־גרוזינישע דראַמאַטורגיע, דערנאָך די דראַמאַטורגיע פון די אַנדערע פעלקער אין סאָוויעט־רוסלאַנד. און זי האָט געוואוסט, אַז דאָס טעאַטער דאַרף אויפהערן צו זיין דעם רעזשיסערס. דעם אינהאַלט פון דער פּיעסע, דער פּיעסע אַליין קומט דער אויבן־אָן. דער סאָוויעטישער עולם דאַרף טאַקע פאַרווילן זיך, אָבער דערביי באַלערט ווערן...

„דאָס גרוזינישע טעאַטער אין נאָמען פון רוסטאַוועלי איז איצטער איינס פון די בעסטע טעאַטערס אין גאַנצן ראַטנ־פאַרבאַנד. דערפאַר איז ער זוכה געווען פאַרגעשטעלט צו ווערן פאַר די געסט פון אויסלאַנד. זאָלן זיי זען, ווי מען באַ־ציט זיך ערנסט צום טעאַטער אין יעדן ווינקל פון אונזער גרויסן לאַנד...”

ער האָט גערעדט מיט שטאָלץ און ליבשאַפט, ער איז גע־וואָרן פּראָפּאַגאַנדע, אָבער ער האָט געזאָגט דעם אמת.

די אויפפירונג פון דעם גרוזינישן טעאַטער איז געווען איינע פון די בעסטע אין דער פעסטיוואַל־וואָך. אַ העכסט קינסטלעריש צוזאַמענשפּיל פון אַ גרויסער טרופּע פון געשולטע אויסגעצייכנטע שוישפּילער, וועמעס עלאַסטישע כוואַליעדיקע באַוועגונגען האָבן געפרייט דאָס אויג און וועמעס קלאַנגפולע שטימען האָבן הנאה געטאָן דעם אויער, כאָטש די גרוזינישע ווערטער זיינען געווען אומפאַרשטענדלעך. די פינף־אַקטיקע טראַגעדיע „אַרסען”, אין וועלכער זיי זיינען אויפגעטראָטן, איז שוין געווען אַ פּיעסע פון דער נייער ריכטונג. גרוזיניש,

א שטיק גרוזינישע געשיכטע, אָבער רעוואָלוציאָנער. ארסען איז א יונגער גרוזינישער פויער, וועלכער איז געוואָרן דער פירער פון די פויערים פון זיין דאָרף קעגן זייערע אונטערדריקער און פארשקלאפער, דעם פריץ און די צארישע באאמטע.

און מיין פריינט מאכט זיין באמערקונג:

„צום היינט, צו דעם, וואָס עס קומט איצטער פאָר אין גרוזינישע שטעט און דערפער, וועלכע האָבן פשוט אויפגעבליט אונטער די סאָוויעטן, זיינען נאָך די גרוזינישע דראמאטורגן נישט צוגעקומען. עס מוז זייער שווער זיין צו דראמאטיזירן דעם היינט...”

דעם סאָוויעטישן היינט האָבן אונז טיילווייז באוויזן די צוויי פיעסן פון דעם נייעם רעפערטואר: נ. פאָגאָדינס „ארים־טאָקראטן” און איליא סעלווינסקיס „אומקא—דער ווייסער בער”. אין „אריסטאָקראטן” ווערן באנדיטן און גנבים איבערדערצויגן אין ערלעכע ארבעטער דורך דער קלוגער פירערשאפט פון א פיינפיליקן הומאניטארן טשעקיסט. אין „אומקא — דער וויי־סער בער” ברענגט אזא מין טשעקיסט דערצו, אז האלב ווילדע טשוקצעס הויבן אָן צו פארשטיין די גרויסע איבערקערעניש, וואָס איז פאָרגעקומען אין סאָוויעט־רוסלאנד, הויבן אָן ארויס־צוואוקסן פון דער פרימיטיוויקייט, אין וועלכער זיי געפינען זיך, און באפרייען זיך פון די אויסבויטער און רויבער, וועלכע האָבן אויסגענוצט זייער פרימיטיוויקייט פאר זעלבסטבאריי־כערונג.

ביידע פיעסן שטייען נישט אויף דער הויך פון דער דראמאטישער קונסט, אָבער זייערע אויפפירונגען האָבן ארויס־גערופן די גרעסטע באוואונדערונג פאר דער ערנסטער באצי־אונג פון דער סאָוויעטישער רעגירונג, וועלכע גיט די רעזשי־סערן די מעגלעכקייט צו דערגרייכן אויף דער בינע דאָס העכ־סטע, וואָס זיי קאָנען ארויסלייענען פון די פיעסן.

דער הויכפונקט פון דער דאָזיקער באציאונג איז אפשר דאָס „טעאטער פאר קינדער”. קיין רעגירונג האָט זיך נאָך קיינמאָל נישט אָפגעגעבן מיט „טעאטער פאר קינדער”. אָבער אויך די קולטור־געזעלשאפטן אין די פארשיידענע לענדער האָבן

נאָר צופעליק באַנוצט זיך מיט טעאַטער פאַר קינדער. אין סאָ־וויעט־רוסלאַנד האָט ער דערגרייכט גאָר אַ הויכע מדרגה. טעאַטער פאַר קינדער איז אַ פאַרשפּרייטע זאַך. מאָסקווע אַליין האָט זיי עטלעכע. פּיעסן פון קינדערלעבן ווערן געשפּילט פון פּראָפעסיאָנעלע שוישפּילער, וועלכע האָבן דאָס געמאַכט פאַר זייער קונסט. אין דער פּיעסע, וועלכע איז געגעבן גע־וואָרן אין דעם פעסטיוואַל־מאַטינעי, איז אַ זעקסיעריקער יינגעלע וואונדערבאַר געשפּילט געוואָרן פון אַ זעקסאונצוואַנציק־יעריקער אַקטריסע. איצטער קומט נאָך עפּעס: אין די אַנט־ראַקטן לאָזט מען נישט די קינדער לאַנגווייליקן זיך אָדער באַלעקן זיך מיט אייזקרעם, נאָר מען נעמט זיי צונויף אין טעאַטער־פאָיע און פירט מיט זיי דורך פאָלקסטענץ און לידער־געזאַנג...

די אויסלענדער, וואָס זיינען געוועזן ביים קינדער־ספּעק־טאַקל, האָבן זיך אָנגעקוקט איינע די אַנדערע מיט פאַרחידושטע אויגן. זיי זיינען געוועזן איבערראַשט און האָבן קיין ווערטער נישט געפונען.

# מלחמה־וואָלקן און רויטע אַרמיי

די זעכצניעריקע צימערמיידל אין אונזער האָטעל אין מינסק איז אַריינגעקומען אין אונזער צימער מיט אַ שולדיקן געזיכט און אַרויסגערעדט אַזוי אונטערטעניק:

„אַנטשולדיקט, איך דאַרף צומאַכן די פענסטער. אין צען מינוט אַרום וועט זיין אַ טרעוואָגע.“

„אַ טרעוואָגע?!“ האָבן מיר, איך און מיין פרוי, גלייכציטיק אויסגערופן. „וואָס פאַר אַ טרעוואָגע?“

„אַ מיליטערישע,“ האָט זי געענטפערט. זי האָט צוגעמאַכט די פענסטער, פאַרצויגן איבער זיי די גאַרדינען און גערעדט, גערעדט. „מיר האָבן אָפט אַזעלכע טרעוואָגעס. צוליב די דייטשוקעס, זאָל זיי דאָרטן נישט גוט זיין!... עס וועט זיין מלחמה... היטלערן איז נישט גוט, וואָס אונז איז גוט און אים און זיינע דייטשן איז שלעכט. ווייל ער מלחמה... וועט אַנשיקן אויף אונז דער באַרבאַר זיינע עראָפּלאַנען און צעפּלינען און באַשיטן אונז מיט באָמבעס. איז אָט מאַכט מען טרעוואָגעס און מען פּראַקטיצירט מיט דער באַפעלקערונג, וואָס זי זאָל טאָן, ווען אַזעלכע עראָפּלאַנען וועלן אָנפליען... איר וועט באַלד הערן אַ סירענע. זי וועט בלאָזן לאַנג, לאַנג. דאָס וועט זיין אַן אָנזאָג, אַז פיינטלעכע עראָפּלאַנען קומען אָן, און מיר דאַרפן זיך היטן... וועט ווערן אַ געלויף... אָט, איך וועל פאַנאַנדערציען אַ ביסל די גאַרדינען, און איר קאָנט

ארויסקוקן אין גאַס. וועט איר זען. עס איז אַ באַפעל, מען זאָל צומאַכן די פענסטער און פאַרציען די גאַרדינען, ווייל דער שונא, זאָל אים דאָרטן פּוסט זיין אויף דער נשמה, וועט געווים אַראָפּוואַרפן גאַזבאָמבעס, און דער גאַז טאָר נישט אַריינדרינגען אינווייניק אין די צימער. ער איז געפערלעך. מ׳וועט פאַרסמט. מיר אַלע האָבן גאַז־מאַסקעס...״

ווען זי איז אַרויס, האָבן מיר נאָך מער פונאַנדערגעצויגן די גאַרדינען און אַ קליין ביסל אויפגעעפנט די פענסטער. די מלחמה וועט מסתמא נישט אויסברעכן אין די פּאָר טעג, וואָס מיר וועלן פאַרברענגען אין מינסק, און מיר דאַרפן נישט פּראַקטיצירן צו זיצן אין צימער אין אַ וואַרעמען סוף־זומער־טאָג הינטער צוגעמאַכטע פענסטער.

מיר האָבן זיך צושטעלט ביי די פענסטער און אַרויסגעקוקט אין דרויסן. אויפן גרויסן פּלאַץ, וואָס איז געלעגן פאַר אונז צושפּרייט זייער ברייט און זייער לאַנג, איז גאָרנישט געווען צו מערקן, אַז באַלד וועט מען בלאָזן טרעוואָגע. דורכגייער האָבן זיך באַוועגט אויף די טראָטואַרן רואיק און נישט געאיילט, שווערע לאַסטוואָגנס, געפירט פון גרויסע ברייטרוקנדיקע פערד, האָבן געטאַראַראַמט איבער די שפּיציקע שטיינער פון דעם ברוק, מיט זייערע אייזערנע רעדער, צוגעטאַקט פון דעם געקלאַפּ פון די קאָפּיטעס. אויטאָמאָבילס, דאָס רוב אַלטע בלעכקאַסטנס, האָבן זיך דורכגעטראָגן אין פאַרשיידענע ריכטונגען. צוויי אַרבעטער האָבן זיך דורכגעשלעפּט מיט קליינע פּאָרזיכטיקע טריט, טראָגנדיק אַ שווערע בערוונע אויף די פּלייצעס. אַנטקעגן ביים אָפענעם קיאָסק איז אָנגעגאַנגען דער צייטונג און ביכערהאַנדל: קויפער זיינען געקומען, געקויפט און אוועקגעגאַנגען. עטלעכע האָבן אין גאַנג אַריינגעקוקט אין זייער צייטונג. אויבן אין פּאַרק, וואָס איז מיט צען טרעפּלעך העכער איבער דער גאַס, זיינען אַרבעטער געשטאַנען פאַר דער צייטונגסברעט און האָבן געלייענט די אַרויסגעהאַנגענע „פּראַוודאַ״. קינדער זיינען נאָכגעלאָפן אין די פּאַרקאַלייען נאָך זיך קייקלענדיקע רייפן, וועלכע זיי האָבן געטריבן מיט דינע שטעקעלעך. אַ פּאָר דורכגייער האָבן זיך באַגריסט,

געגעבן זיך די הענט און זיינען געבליבן שטיין אויפן טראָ־טואר אין געשפרעך. א מיליציאָנער האָט קוים ארומבאוועגט זיך אינמיטן און געדרייט דעם קאָפּ, געקוקט אין אלע זייטן.

די צימערמיידל, ווייזט אויס, האָט זיך צוגעאיילט מיט איר אָנזאָג. מיר שטייען שוין אָן אייביקייט ביי די פענסטער, און דער דרויסן איז לאַנגווייליק און אומאינטערעסאנט. פאר־וואָס בלאָזט שוין נישט די סירענע?

איך האָב זיך אָפּגעריסן פון פענסטער און בין ארויס אין קאָרידאָר, האָב אויפגעזוכט די צימערמיידל: וואו איז דער פייף? וואו איז די טרעוואָגע?

„וועט נאָך זיין," האָט זי געענטפערט. „וועט באשטימט זיין. מסתמא האָבן די עראָפּלאנען פארשפעטיקט... מען איז מיט עפּעס נאָך נישט פארטיק... אָבער עס וועט באשטימט זיין... אָדער... עס קאָן זיין... ווער ווייס זיי... אפשר האָט מען אינגאנצן אָפּגעלייגט... עס מאַכט זיך, מען זאָגט אָן, אז עס וועט זיין א טרעוואָגע, און דערנאָך איז נישטאָ קיין טרעוואָגע... עס טרעפט זיך... נאָך ווי!..."

ווען איך בין ווידער צוגעקומען צום פענסטער, האָט זיך צוטראָגן אין דער לופט א שווערע באַסאָווע תקיעה...

די מיידל האָט ארייננעשטעקט דעם קאָפּ אין טיר און ארייננגעשריען:

„עס הויבט זיך אָן!... עס הויבט זיך אָן!..."

אויפן פּלאַץ איז געוואָרן א בהלה. די לאַנגזאַמע גייער זיינען געוואָרן שנעלע לויפער. די ציימונגסלייענער אונטן פארן קיאָסק און אויבן פארן ברעט האָבן זיך געלאָזט לויפן, ווי מען וואָלט זיי נאָכגעיאָגט. דער מאַן אין קיאָסק האָט צוגעמאַכט דאָס פענסטער, איינגעשלאָסן זיך. די צוויי דורכגייער, וואָס זיינען געשטאַנען פארטאָן אין געשפרעך, האָבן זיך ביידע גע־געבן א לאָז אין איין זייט, באַלד אָבער האָט זיך איינער דערמאָנט, אז ער איז געגאַנגען גאָר אין דער אנדער זייט האָט ער זיך שנעל אומגעדרייט און פארשטארקט זיין געלויף. די קינדער אין פארק האָבן געכאַפּט זייערע רייפן און זיינען זיך צולאָפן אין פארשיידענע זייטן. איין יינגעלע האָט אראָפּגע־

קלאפּט זיין רייף אראפּ די פּארק־טרעפּלעך און געלאָזן זיך נאָך אים לויפן, שיר נישט ברעכנדיק דעם קאָפּ. דער מיליציאָנער האָט אָנגעהויבן ארומצולויפן איבערן פּלאַץ און מאכן מיט די הענט נאָך די אנטלויפער, ווי ער וואָלט פארטריבן הינער. פון פארשיידענע גאסן זיינען אָנגעקומען נאָך מיליציאָנערן און אָנגעהויבן צו פארטרייבן דעם עולם אין די ארומיקע הויפן. פון פּארק איז אראָפּגעקומען א פרוי, טראָגנדיק הויך מיטביידע הענט אַן אָנגעשטאָפּטן גרויסן פּאפּירענעם זאָק. זי איז אראָפּגעגאנגען פון די טרעפּלעך פארזיכטיק, פּאַמעלעך, האלטנדיק דעם קאָפּ אָן א זייט און קוקנדיק אראָפּ. אָבער אויך אין גאס אויף די שפּיציקע שטיינער פון דעם ברוק האָט זי קוים פארשנעלערט איר פאָרזיכטיקן גאנג. א מיליציאָנער איז צוגעגאנגען צו איר, האָט זי אָנגענומען פארן אָרעם איבער דעם עלנבויגן און געלאָזן זיך מיט איר לויפן, שלעפּנדיק זי נאָך זיך. און די שווערע וואָרנענדיקע תקיעה האָט זיך געצויגן, געצויגן, איבערגייענדיק פון טיפן באַס אין קוויטשנדיקן סאָפּראַנאָ און צוריק אין באַס...

דער פּלאַץ איז אָפּגעליידיקט געוואָרן, נאָר אין די טויערן און אין די פראָנטטירן פון די הייזער זיינען געשטאנען די פארטריבענע דורכגייער. עס איז אָנגעפאָרן א גרויסע לאָרי, אָנגעפּאַקט מיט שטייענדיקע רויטעארמייער. די סאָלדאטן, אין פולער אמוניציע מיט אין פאָרנט אראָפּהענגענדיקע גאַזמאַסקעס, זיינען אראָפּגעשפּרונגען פון דעם וואָגן און צולאָפן זיך אין פארשיידענע זייטן פון דעם פּלאַץ. עטלעכע גרויסע שיינע אויטאָמאָבילס האָבן געבראַכט צופירן די אָפיצירן, וועלכע זיינען באלד פארשוואונדן אין דעם פּארק. אויפן הימל האָבן זיך באוויזן אעראָפּלאנען, רויטעארמייער האָבן זיך צולייגט אויף די טראָטוארן, באַמבעס האָבן געפּלאַצט אינמיטן פּלאַץ, סאָלדאטן האָבן זיך געלאָזט לויפן צו די ערטער, וואו די באָמבעס זיינען אויפגעריסן געוואָרן, ליגנדיקע רויטעארמייער האָבן געוואָרפן האנטגראנאטן, ווייט אין פּארק האָט זיך באוויזן א רויך — דאָס האָט זיך אָנגעהויבן פארשפּרייטן דער גאַז פון אַן אויפגעריסענער גאזבאָמבע. די רויטע־

אַרמייער האָבן אָנגעטאָן די גאַזמאַסקעס און אויסגעזען איצטער ווי מערקווירדיקע מעשהלע־חיות מיט לאַנגע שמאָלע העלפֿאַנט־נעזער, דורך וועלכע זיי האָבן אַריינגעאָטעמט דעם זויערשטאָף פֿון ביי דער זייט צוגעשנורעוועטע אַפּאַראַטן.

אויפֿן פּלאַץ זיינען אָנגעקומען אַמבולאַנסן. עטלעכע צו־שויער פֿון הינטער אַ טויער האָבן זיך אויסגעצויגן אויפֿן טראָ־טואַר ווי פֿאַרוואונדעטע. מען האָט זיי לאַכנדיקע אויפֿגעהויבן אויף טראָגבערעטער און אַריינגעלייגט אין אַמבולאַנס... די טרע־וואָגע האָט אויפֿגעהערט, די פֿרידלעכע באַוועגונג האָט זיך אָנגעהויבן. אַ פּולער וואָגן מיט דינעם געלן זעגעכטס איז אָנ־געפֿאָרן, און דער פּלאַץ איז באַשאָטן געוואָרן ווי מיט זאַמד — אַ תּרופֿה קעגן דעם גאַז, וואָס איז געבליבן צווישן די שטיינער אין דעם ברוק.

„נו, ווי איז געווען?" האָט די צימערמיידל געפֿרעגט, שטאַרק אַמוזירט פֿון דעם ספּעקטאַקל, און גלייך צוגעגעבן: „אין אָוונט וועט ווידער זיין טרעוואָגע. איר זייט בעסער וואָס פֿריער אינדערהיים. זייט נישט אין גאַס..."

אַרום עלף אַ זייגער אין אָוונט איז אָן אַ וואָרנונג פֿון דער סירענע אָפּגעשלאָסן געוואָרן די עלעקטרישע באַלייכטונג אין דער גאַנצער שטאָט. דער גרויסער פּלאַץ איז איינגעוויקלט געוואָרן אין חושך. טריט האָבן זיך געהערט. ווען די אויגן האָבן זיך צוגעוויינט צו דער פֿינסטערניש, האָבן זיי געקאָנט באַמערקן סילועטן־באַוועגונג. האָבן זיך דאָס אַרומבאַוועגט רויטאַרמייער אָדער פֿון דער טרעוואָגע פֿאַרכאַפּטע שפּעטע דורכגייער? אין איין הויז ווייט עק פּלאַץ איז נאָך איין פֿענסטער געווען באַלויכטן. דאָרטן האָט קענטיק געברענט אַ גרויסע לאָמפּ. איז עס געווען אַ מיליטערישער צייכן אָדער האָט אַן אומפֿאָרזיכטיקער איינוואוינער פֿאַרגעסן אויסצולעשן די לאָמפּ? באַלד איז זי אויך אויסגעלאָשן געוואָרן. אין אויס־געשטערנטן הימל האָט זיך געלאָזט הערן דער רעש פֿון מאָ־טאָרן... אַ שטאָט אין צושטאַנד פֿון מלחמה! עס איז געוואָרן אומהיימלעך.

אויף מאָרגן ביי טאָג האָט מען ווידער אָנגעזאָגט אַ טרע־וואָגע. פענסטער זיינען צוגעמאַכט געוואָרן, גאַרדינען זיינען פאַרצויגן געוואָרן, אָבער קיין טרעוואָגע איז נישט געוועזן.

שפּעטער מיט וואָכן האָבן מיר דורכגעלעבט אַזאַ טרע־וואָגע אין קיעוו. געלויף, באַהאַלטעניש, אָפּגעלייזיקטע גאַסן, אויפרייס פון באָמבעס, און אין אָוונט חושך, גראָד ווען מיר זיינען געוועזן אויף אַ מאַסנפאַרזאַמלונג. מען האָט אָנגעצונדן ליכטלעך און אָנגעגאַנגען מיט דער פאַרזאַמלונג...

איבערן גאַנצן לאַנד איז אויסגעשפּרייט דער מלחמה־וואָלקן. מען איז זיכער, אַז זי וועט קומען, און גאָר באַלד, און מען מאַכט זיך גרייט צו איר, שילטנדיק היטלערן מיט טויט־ביטערע קללות. ווען נישט די מורא פאַר אַ באַלדיקער מלחמה, ווי אַנדערש, ווי בעסער און פרייליכער, וואָלט זיך שוין איצ־טער געלעבט אין דעם גליקלעכן לאַנד! די אומגעהייער גרויסע פאָלקסענערגיע, וואָס ווערט אַוועקגעגעבן אויף צוגרייטן זיך צו מלחמה, וואָלט בעסער פאַרווענדט געוואָרן אויף די נויטן פון דער באַפעלקערונג, אויף הייזערבוי, אויף באַקליידונג און באַ־שוכונג... אָבער אַז עס מוז זיין, מוז זיין. לעבן די סאָוויעטישע פעלקער אין דער געוויסהייט פון מלחמה, פּראַקטיצירן אירע שרעקן, כאָטש מען איז זיכער, אַז דער פיינט וועט נישט ארויפשטעלן קיין פוס אויף רוסישן באָדן און אַז זיינע אַעראָפּ־לאַנען וועלן נישט דערגרייכן אַפילו די נאָענטסטע רוסישע שטעט.

„עס איז אוממעגלעך," האָט אונז דערקלערט אויף איי־נער פון אונזערע רייזן אַ יידישער פּאַסאַזשיר אין אויסגע־צייכנטן רוסיש — אַ מאַן אַרום פערציק מיט מיליטערישער האַלטונג און רויטאַרמייער קליידונג נאָר אָן מיליטערישע אָפּצייכנס. „מיר האָבן טויזנטער און טויזנטער מיליטערישע עראָפּלאַנען, וועלכע וועלן נישט דערלאָזן דעם שונאס אַעראָפּ־לאַנען צו צוקומען צו אונזערע שטעט. און אונזערע פליער זיינען די בעסטע אין דער וועלט. שנעלפליער, הויכפליער, וואָס וועלן זיך דערוועגן אויף אַלץ. זיי וועלן גיכער זיין אי־

בער בערלין, ווי די דייטשן אפילו איבער מינסק. ווי בכלל..."

און ער האָט מיט באַשטימטקייט אַרויסגעזאָגט דאָס, וואָס איך האָב שוין אַ סך מאָל געהערט אין ראַטנפאַרבאַנד און מיט דערזעלביקער זיכערקייט:

„זאָל טאַקע דער מעשוגענער היטלער דערקלערן אונז מלחמה, וועט ער זי מוזן פירן קעגן אונזער רויטער אַרמיי אויף דייטשער ערד, צו אונז אין סססר וועט ער קיין פוס נישט אַריינשטעלן..."

איך האָב געוואָלט הערן, וואָס האָט ער צו זאָגן מער וועגן דער רויטער אַרמיי און דער מלחמה, און דערוועגט זיך צו מאַכן די באַמערקונג, אַז אין אָנהויב פון דער וועלט-מלחמה אין 1914 האָט מען אויך אַזוי גערעדט אין רוסלאַנד. ער האָט אויפגעפלאַקערט.

„וואָס פאַרגלייכט איר?! די רויטע אַרמיי און איר פירערשאַפט איז נישט די צאַרישע אַרמיי און איר פירערשאַפט! דער צאַר האָט געשיקט זיינע אַרמייען אין דער מלחמה נישט צוגעגרייטערהייט, און וואָס עס איז געווען צוגעגרייט, איז געווען שלעכט צוגעגרייט, ווייל זיינע גענעראַלן און מיניסטאָרן זיינען געווען גנבים, זעלבסטבאַרייכערער. די אַמוניציע איז געווען שלעכט, דער פּראָוויאַנט איז געווען שלעכט, און באַלד שוין, נאָך אין אָנהויב פון דער מלחמה, האָבן זיך אויסגענומען קוילן, האָט זיך אויסגענומען פּראָוויאַנט, סאָלדאַטן האָבן זיך געמוזט דערנערן מיט פאַרווערימטע סוכאַרעס... און די סאָלדאַטן טאַקע אַליין? פּלייש פאַר קאַנאָנען!... זיי האָבן דען געוואוסט פאַרוואָס זיי שלאָגן זיך? האָט זיי עפּעס אינטערעסירט?..."

„און די רויטעאַרמייער?" האָב איך זיך איינגעשטעלט צו פרעגן.

ער איז אויפגעשטאַנען, אויסגעגלייכט זיך, ווי ער וואָלט זיך אויפגעשטעלט מיט דרך ארץ פאַר אַ פאַרגעזעצטן און פּאַטעטיש אַרויסגערעדט:

„נישטאָ און נישט געווען אַזעלכע סאָלדאַטן אין דער

גאַנצער וועלט! איר ווייסט זיכער נישט, וואָס אונזער רויטע אַרמיי איז. זי איז אַ שולע, אַ דערציאונגסאַנשטאַלט אין בעסטן זין פון וואָרט. אַמאָל פלעגט די קאַזאַרמע פאַרגרעבן, איצטער פאַרפיינערט זי. אַמאָל פלעגט די קאַזאַרמע פאַרשלאָגן און פאַרשקלאַפן, איצטער דערהויבט זי און פלאַנצט אַריין דעם גייסט פון אַלגעמיינהייט. זי האָט אויפגעהערט גאָר צו הייסן קאַזאַרמע. זי איז אַ הויז, אַ היים פאַר יונגע מענער, וואָס ווערן באַערט מיט דער פליכט צו באַשיצן זייער סאָציאַליסטיש פאָטערלאַנד. איר מוזט דאָך געדענקען די אַלטע פּריזיוון. איז געוועזן עפּעס טרויעריקערס און שוואַרצערס אין לעבן פון אַ יונגן מענטש, ווי די פּריזיוו־צייט? איז נישט מיליטער־דינסט געוועזן אַ קאַטאַסטראָפע, אַן אומגליק? און איצטער קוקט אויס אַ יונגער מענטש די אויגן אויף דער פּריזיוו־צייט, און אָנגענומען ווערן אין דער רויטער אַרמיי איז אַ גליק, איז אַ כּבֿוד און אַ דערגרייכונג. קאָנט איר שוין באַגרייפן, וואָס פאַר אַ סאָלדאַטן, וואָס פאַר אַ באַוואוסטזיניקע קעמפער זיי וועלן זיין אין דער מלחמה?"

„און די פירער, די גענעראַלן?"

„וואָס מיינט איר? איר מיינט זייער ערלעכקייט?!"

„ווי וועלן זיי זיך אויפנעמען קעגן דעם באַרימטן דייטשן גענעראַלשטאַב?"

„אונזערע פירער און גענעראַלן, אונזערע וואָראָשילאָווס און בודיאָניס, געוועזענע פאַבריקאַרבעטער און קוילנגרעבער, האָבן מיט פופצן יאָר צוריק צושלאָגן אַלטע געשולטע גענע־ראַלן פון דער ווייסער אַרמיי און דער אינטערווענציע. פאַר דער צייט האָבן זיי אַ סך, זייער אַ סך געלערנט. איר קאָנט זיך פאַרלאָזן אויף זיי."

איך האָב הנאה געהאַט פון זיין ענטוזיאַזם. ער האָט עס באַמערקט און אויפגעלויכטן.

„אָ, יאָ!" האָט ער פריידיק אַרויסגערעדט. „מיר זיינען זיכער מיט אונזערע רויטאַרמייער און אונזערע קאָמאַנדירן. היטלער זוכט זיך אַ מפּלה, און ער וועט זי כאַפּן."

פאַרן אַרויסשטייגן האָבן מיר אויסגעפונען, אַז דער־דאָזיקער יידישער פּאַסאַזשיר איז אַ געוועזענער פּאָלקאָווניק אין דער רויטער אַרמיי.

## אַ באַגעגעניש מיט איינעם, וואָס איז געווען אומצופרידן

מיר זיינען אוועקגעפאָרן פון מאָסקווע נאָך כאַרקאָוו אין לעצטן אָוונט פון דעם טעאַטער־פעסטיוואַל. דער צוג האָט געדאַרפט אָפּגיין פינף מינוט פאַר צוועלף מיטנאַכט, און דער אינטוריסט־אָפּיס האָט אונז אָנגעזאָגט, אַז מיר קאָנען גיין צו דער לעצטער פעסטיוואַל־אויפפירונג, אָבער פונקט עלף אַ זייגער צו דער מינוט מוזן מיר זיין אין האָטעל. דער אויטאָמאָביל, וואָס דאַרף אונז אוועקנעמען צום וואָקזאַל, וועט שוין אויף אונז וואַרטן. דער לעצטער פעסטיוואַל־ספּעקטאַקל איז געווען טאָלסטאָיס „תחית המתים" אין געוועזענעם מאָסקווער קונסטטעאַטער, מיט דעם וואונדערבאַרן קאַטשאַלאָוו אין די דערקלערונגען „פון דעם אויטאָר", אַ פערטל צו עלף האָבן מיר זיך מיט שווערע הערצער אויפגעהויבן פון מיטן דריטן אַקט און פונקט עלף זיינען מיר געווען אין האָטעל. אונזער באַגאַזש איז שוין געשטאַנען אונטן פאַר דער טיר און מיר האָבן געמוזט בלייבן שטיין ביי אים ביז — פינפאונדרייסיק מינוטן נאָך עלף... דעמאָלט האָט זיך אונזער אויטאָמאָביל קאָפּברעכעריש אוועקגעלאָזן צום וואָקזאַל. אָבער אונזער צוג איז אוועקגעגאַנגען איינס אַ זייגער... ווי גוט מיר וואָלטן געקאָנט אויסזיצן ביז צום סוף פון דעם זייער אינטערעסאַנטן

ספעקטאקל! זיינען מיר געווען זייער פארשטימט און אומ־צופרידן.

אין אונזער קופע האָבן מיר געפונען א מאַן מיט א גרויען ציגנבערדל, וועלכער האט אויסגעזען ווי אַן אמאָליקער טשי־נאָווניק, און א פרוי מיט א צארטן לײדנדגעזיכט פון דעם טיפ פון די אמאָליקע רוסישע אינטעליגענטקעס. ביידע זיינען געווען שטארק אויפגערעגט און אומגעלאָפן הין און צוריק פון קאָרידאָר־פענסטער צום פענסטער אין קופע, כאָטש אויף די פלאַטפאָרמען איז נישט געווען קיין פוס פון א מענטשן. די דאמע האָט געהאַט טרערן אויף די אויגן. מיר האָבן באַ־שלאָסן, אַז מסתמא האט עמיצער געדארפט קומען באגלייטן זיי און נישט באוויזן זיך. ווען אונזער צוג האָט זיך גערירט פון אָרט נאָך א שעה פארשפעטיקונג, איז אויף דער אנדער זייט פון דער פלאַטפאָרם אָנגעפאָרן אַן אנדער צוג. די ביידע ביים פענסטער האָבן אויפגעשריען און אָנגעהויבן צו מאכן מיט די הענט און קלאַפּן אויפן שויב. אָבער אונזער צוג האָט פארשנעלערט זיין גאנג, געלאָזן הינטער זיך דעם אָנגעקומענעם צוג. די פרוי האט זיך צעוויינט.

איך און מיין פרוי האָבן זיך אוועקגעלייגט שלאָפן אויף אונזערע שלאָפפלעצער, אָבער די ביידע זיינען נאָך לאנג גע־זעסן איינער לעבן אנדערן מיט אראָפּגעלאָזענע קעפּ, שטארק פארטרויערט. עס איז שוין געווען צוויי א זייגער, ווען זיי האָבן זיך אוועקגעזעצט צו שטארקן זייערע צובראָכענע הער־צער מיט א געבראָטענער הון.

ערשט אויף מאָרגן, ווען מיר זיינען שוין אָפּגעפאָרן א צען־צוועלף שעה צוזאמען, האָבן מיר אָנגעהויבן שכנותדיק און פריינטלעך צו רעדן, און זיי האָבן אונז דערציילט זייער פאר־דראָס.

זייער טאָכטער האט געדארפט אָנקומען נעכטן האלב צען אין אָוונט פון קאַווקאַז, וואו זי האָט פארבראַכט דעם גאנצן זומער. זיי האָבן זיך מיט איר צונויפגעשריבן, אַז זיי וועלן זי באגעגענען אויפן וואָקזאַל און פארברענגען צוזאמען די

פאַר שעה, ביז זייער צוג וועט זיי אַוועקפירן נאָך יאַלטע. זיינען זיי אָנגעקומען אויפן וואָקזאַל נאָך פאַר האַלב צען און האָבן געוואַרט און געוואַרט און — דער צוג, וועלכער איז אָנגעקומען, ווען אונזער צוג האָט זיך גערירט, איז גע־ווען זייער טאָכטערס צוג... האָט זיך פאַרשפּעטיקט אויף גאַנצע דריי און אַ האַלב שעה! זאָל מען נישט אויפגערעגט זיין? קאָן מען נישט פּלאַצן? זאָל מען נישט זידלען און שילטן?

איך האָב זיי געטרייסט. וואָס האָט זייער האַרצוויייטיק פאַר אַ ווערט אַנטקעגן אַוועקגיין פון מיטן טאָלסטאָיס „תחית המתים" אין מאָסקווער קונסטטעאַטער און דערנאָך פאַרלירן אַנדערטהאַלבן שעה אויף נערוון־צופּנדיקן וואַרטן?

זיי האָבן מיך פּרעגעדיק אָנגעקוקט, געטראַכט מסתמא, אַז איך שפּאַס פון זיי, אָבער דער מאַן האָט זיך גלייך אַ כאַפּ געטאָן און טריאומפירנדיק אַרויסגעשריען:

„זעט איר, אַ, זעט איר! אין אַלץ זיינען זיי אַזוי, אין אַלץ!"

„אַ, וואָס זאָגסטו!" האָט די פרוי אים אָפּגעשטעלט, און אין איר טאָן און אין איר בליק און אין דער האַנט, וועלכע זי האָט אַרויפגעלייגט אויף זיין אָרעם, איז געווען וואָרנונג, ער זאָל זיין פאָרזיכטיק מיט דעם, וואָס ער זאָגט.

אָבער ער האָט זיך נישט געלאָזן וואָרנען. ער האָט שוין געוואוסט, אַז מיר זיינען אַמעריקאַנער און נישט קיין מיט־גלידער פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, און ער איז געווען ביז און אין צוגעמאַכטן קופּע פון אַ שטאַרק רוישנדיקן צוג האָט ער געקאָנט דערלויבן זיך אַראָפּצורעדן און אַפילו אַ־אָפּ־צושרייען, וואָס עס האָט זיך אָנגעקליבן ביי אים אויפן האַרצן... ער האָט זיך נישט אויסגעמאַכט פון די אויגנ־ווינקס, וואָס זיין פרוי האָט אים צוגעוואָרפן, ווי אויך נישט פון אירע צי פאַרן אַרבל אָדער אירע לייכטע קניפּ אויבן אויף זיין שענקל.

אַ, עס האָט אים נישט געאַרט די דיקטאַטור פון דעם

פראָלעטאריאַט, די אָפּשאַפונג פון פּריוואַט־אייגנטום אויף די פּראָדוקציעמיטלען, די קאָלעקטיוויזירונג פון דאָרף, אָבער וואו זיינען די גליקן פון סאָציאַליזם?

אַמאָל האָט ער באוואוינט אין מאָסקווע א דירה פון ניין צימער. ניין צימער! ער און זיין פרוי און ביידע קינדער, א זון מיט א טאָכטער. איז געווען א ראָיאַל אין שטוב — ער האָט געשפּילט, זיין ווייב האָט געשפּילט, די קינדער האָבן געשפּילט. זיינען געווען בילדער אויף די ווענט — אָריגינעלע בילדער פון רוסישע קינסטלער, באַצאָלט פאַר זיי גרויסע סומען. איז געווען א גרויסע ביבליאָטעק. זיינע פאַכביכער — ער איז א דאָקטאָר מעדיצין — פּאָליצע אויף פּאָליצע, און דערנאָך אַלע קלאַסיקער פון דער רוסישער און פרעמדער ליטעראַטור האָט מען געוואוסט, אַז מען לעבט.

און וואָס איצטער? איצטער לעבט מען נישט מער, איצטער דערלעבט מען בלויז די יאָרן, איצטער זשאַוועט מען.

פון זיינע ניין צימערן האָט מען אים איבערגעלאָזן בלויז צוויי — בלויז צוויי פאַר אים און זיין ווייב און ביידע קינדער און אן ארבעטערקע! ער האָט נישט געוואוסט, וואָס פריער אריינצושטעלן אין די צוויי צימערן. די ראָיאַל נאַטירלעך נישט. זי וואָלט פאַרנומען א האַלב צימער. איז אויס שפּילן, אויס מוזיק. די בילדער נאַטירלעך נישט. אין די צוויי צימערן איז נישטאָ גענוג פרייע וואַנט. די פּאָר בילדלעך, וואָס הענגען, זעען זיך אפילו נישט אָן. א רחמנות גאָר, וואָס מען האָט זיי אויפגעהאנגען. און די ביכער זיינען דאָס רוב פאַרפּאַקט אין קאַסטנס. ער ווייס אפילו נישט, וואו די קאַסטנס שטייען... א שיינער סך הכל געוואָרן, ווי?

סאָציאַליזם! וואָס איז דאָס פאַר א סאָציאַליזם, אַז עס זיינען פאַראַן פיל־פאַרדינער און ווייניק־פאַרדינער, דאָס הייסט, גוט־לעביקע און שלעכט־לעביקע? איז וואָס מיינט איר, וואָס פּאַסירט? האָט מען איצטער אין דער סאָציאַליסטישער מלוכה דיזעלביקע צען מכות, וואָס אין די קאַפּי־

טאַליסטישע מלוכות. מען ליידט דאָ פון גנבה, פון רויב און מאָרד, פון שווינדל, פאַרכאַפּונג, כאַבאַר, פון אַלערליי „מען טאָר נישט", וואָס פירן צו באַרייבערונג, צו אַ ביסל אַ בעסערן לעבּ־טאָן.

„אין אַמעריקע בינדט מען דאַכט זיך צו אייער באַגאַזש הינטן אויפן אויטאָמאָביל, דאָ ביי אונז האָט מען אים אייך אַריינגעשפּאַרט אינגאַנצן אין דעם אויטאָמאָביל. ווייסט איר, פאַרוואָס? ווייל אויב איר וועט אים צובינדן פון הינטן, וועט ער פאַרשווינדן. עס מאַכט נישט אויס, ווי קונציק איר זאָלט אים נישט פאַרבינדן — ער וועט פאַרשווינדן. אונזערע גנבים זיינען וואונדערבאַרע קינסטלער. אייערע זאַכן וועלן נישט ווערן פון פאַר אייערע אויגן. האָט מען אייך נישט געוואָרנט, איר זאָלט גוט אַכטונג געבן אויף אייערע קעשענעס אָדער זייער פאַרזיכטיק זיין מיט אייער גלעלעק-זייגערל? אָט ביי איר האָט מען אַראָפּגענומען איר גלעלעק-זייגערל. איבערגעשניטן אָדער אָפּגעשפּיליעט דעם רימען אינמיטן טראַמוואַי. אַזוי קונציק! זי האָט אַפילו נישט געפילט דעם קלענסטן אָנריר... און אַז עס זיינען פאַראַן גנבים, זיינען פאַראַן אויפקויפער פון געגנבעטע זאַכן. אַלץ ווי געוועזן... האָט איר באַזוכט אונזערע געריכטן. נייע ריכטער, נייע אָרדנונג, אָבער אַלטע פאַרברעכער. זיצט אַ טאָג אין געריכט, וועט איר פאַרגעסן, אַז איר זייט אין אַ סאָציאַליסטישן לאַנד. די נייע ריכטער וועלן נישט אויפהערן צו דערמאָנען אייך וועגן דעם, פונוואַנען און פאַרוואָס די אַלע פאַרברעכנס — דאָס וועלן זיי נישט דערקלערן. דאָס טאָרן זיי נישט דערקלערן. ווערום ווי קאָנען זיי דערקלערן, אַז די אַלע פאַרברעכנס צוליב געלט נעמען זיך פון דער אומגלייכקייט פון פאַרדינסטן?

„מען ווייזט אַלץ גאָן אויף די פיל־פאַרדינער, אויף די סטאַכאַנאָווצעס. איז ערשטנס נישט אַלע קאָנען זיין סטאַכאַנאָווצעס. עס זיינען פאַראַן מיליאָנען אַרבעטער, וועלכע מעגן זיין זיי ערלעך טאָן ווי כּלייסיס, אָבער קאָנען נישט אויסאַרבעטן מער ווי די נאָרמע, אַפילו זיי זאָלן זיך וועלן

אוועקהרגענע. זיינען זיי פאַראורטיילט אויף זייער גאַנץ לעבן ליוף דעם לוין־מינימום און אויף נויט.

„אָדער נעמט צוזעלבע פאַכן, וואו עס איז נישט שייך סטאַכאַנאָוויזם. איך זאָלט דאַרטן זיין מיט צען קעפּ און צוואַנציק הענט — אַזויפיל קאָנט איר טאָן און נישט מער, און איר מוזט זיך באַגנוגענען מיט אייער געהאַלט, און פאַרטיק.

„נעמט צום ביישפּיל מיך. איך בין אַ דאָקטאָר, אַ פּרויען־דאָקטאָר. קיין פּריוואַט־פּראַקטיק איז נישט דערלויבט. איך געהער דער מלוכה, דעם לאַנד, איך בין אַן אָנגעשטעלטער. מיין געהאַלט פאַר זיבן שעה אַ טאָג איז 400 רובל אַ חודש. דערפון גייט אַראָפּ ביז פופציק רובל אויף שטייער און פאַרשיידענע אַנדערע אָפּצאָלונגען. בלייבן מיר ריינע 350 רובל. איר זייט שוין אַ פּאָר וואָכן אין לאַנד און ווייסט שוין, וואָס 350 רובל באַדייטן. אַפילו נישט גענוג אויף אַ פּאָר שיך. און וואָס טו איך, איך זאָל פאַרדינען עפּעס מער? איך אַרבעט פערצן שעה אַ טאָג און קריג זיבנהונדערט רובל. ווערט איר נישט נתפּעל פון פערצן שעה אַ טאָג אַרבעט. איז ווי, אַז איך וועל אייך זאָגן, אַז פאַר די פערצן שעה טו איך אויפנעמען אַכציק פּאַציענטן? איצטער זייט איר איבעראַשט...״

„אַכציק פּאַציענטן?!״ האָבן איך און מיין פרוי טאַקע איבעראַשט אויסגערופן.

„אַכציק פּאַציענטן,״ האָט ער איבערגעחזרט. „פאַרשטייט זיך, אַז צווישן די אַכציק פּאַציענטן זיינען פאַראַן אַ סך, וואָס זיינען ביי מיר צום צווייטן אָדער דריטן מאָל, אָבער אַפילו אַראָפּגערעכנט זיי, איז עס נאָך אַלץ זייער נישט גוט. נישט גוט פאַר די פּאַציענטן און נישט גוט פאַר מיר. איך ווייס דען נישט, אַז דאָס איז באַלד נישט קיין היילקונסט. נאָר עפּעס אַן עין הרע אָפּשפּרעכעניש. טוט טאַקע ווי דאָס האַרץ, און די זיבנהונדערט קאַרבאָוואַנצעס זיינען כיי־ווי־טיי אויף אַ צאָן... אַמאָל האָבן נאָך דאָקטוירים געהאַט אַ זייטיקע באַדייטנדיקע פּרנסה: די אָפּטרייבענישן. אַ פרוי, אַז זי האָט

געוואָלט מאַכן זיך אַן אַבאָרט, האָט געמוזט באַצאָלן און גוט באַצאָלן, און דאָס איז געווען אַ זייער גוטע איינקונפט. אָבער איצטער זיינען די אַבאָרטן פּלוצלונג פאַרבאָטן געוואָרן, איז אויס מיט דער הכנסה... איז וואָס מיינט איר, טוט זיך? גייט אין די געריכטן און איר וועט שוין דאָרטן געפינען בראַ־צעסן קעגן דאָקטוירים, וואָס האָבן געמאַכט אומגעזעצלעכע אַבאָרטן. עס ווילט זיך אַ ביסעלע בעסער, גרוימער לעבן, אַ ביסל מער פּרנסה, און דער דאָקטאָר ריזיקירט צוזאַמען מיט גנבים, שווינדלער, כאַבאַרניקעס... ווערט אַ פאַרברעכער..."

„דו ביזט דאָך נישט געוואָרן," האָט די פרוי געזאָגט מיט האַרץ.

„איך נישט! בין איך אַ פייגלינג. אָבער אַנדערע דאָק־טוירים זאָגן זיך: פאַרוואָס האָב איך נעכטן געמאָגט מאַכן אַן אַבאָרט און היינט טאָר איך נישט? טוען זיי עס היינט אויך. וועט'ן כאַפּן, וועט'ן כאַפּן... וועט מען אָבער נישט כאַפּן, וועט ער אין איין האַלבער שעה האָבן פאַרדינט אַ גאַנצן חודש גע־האַלט... איז אָט האָט איר אַ קאַפּיטל דאָקטוירים. איצטער וועלן מיר נעמען אַ קאַפּיטל לערער. מיין זון איז אַ שול־לערער. זיין געהאַלט איז נאָך קלענער פאַר מיינעם. איז וואָס טוט ער, וואָס טוען אַלע שול־לערער? מען נעמט אָן שטונדן, וויפל מען קאָן נאָר, מען אַרבעט איבער די כחות. איז וואָס איז דער רעזולטאַט? דער רעזולטאַט איז, אַז די קינדער אין די שולן זיינען די קרבנות. לערער לערנען אין כאַפּלאַפּ, נאַכלעסיק, אויבנאויפיק. זיי האָבן פּשוט קיין כוח נישט אויף בעסער און גרינטלעכער און די קינדער לערנען שלעכט און פאַלן דורך אויף די עקזאַמענס. איך זאָל אייך אָנרופן דעם פּראָצענט פון די דורכגעפאַלענע קינדער, וועט איר שטוינען..."

„איז עס נישט אמת," האָב איך אים געפרעגט, „אַז די אַלע אומצופרידענע, וואָס שטעלן זיך נישט אָפּ אַפילו פאַר פאַרברעכן, געהערן צום אַלטן דור, צו דער אַלטער צייט?"

„רעדט זיך נישט איין!" האָט ער אויסגעשריען מיט היץ. „איר האָט זיי אַפילו צווישן געוועזענע קאָמסאָמאָלצעס. וואָס

איז, זיי ווערן נישט באאיינפלוסט פון דער אומגליקלעכקייט אין די לעבנסבאדינגונגען? ווען זיי קאָנען פאַרט נישט פאַרטיגנען מער, ווערן זיי גנבים, שווינדלער, כאַבאַרניקעס און וואָס נישט. איך וועל אייך זאָגן נאָך מער: איך קען קאָמוניסטן, מיטגלידער פון דער פּאַרטיי אין פירנדיקע שטעלעס, וועלכע קריגן דאָלאַרן און בייטן זיי אויס אויף דער שוואַרצער בירזשע. דאָס איז אַבסאָלוט קעגן געזעץ, און זיי ווייסן עס. זיי האָבן אפשר אַ סך בידנע בירגער אַוועקגעשיקט אויף יענער וועלט אָדער אין געפענגעניש פאַר דעמדאָזיקן חטא. אָבער זיי אַליין פּראַקטיצירן אים ביי יעדער געלעגנהייט. די גאָסבאַנק גיט זיי פינף רובל פאַרן דאָלאַר, און אויף דער שוואַרצער בירזשע קריגן זיי דריי און פיר מאָל אַזויפיל. איז קאָנען זיי נישט ביישטיין דעם נסיון, ווייל עס ווילט זיך לעבן נישט ווי דער, וואָס האָט ווייניקער, נאָר ווי דער, וואָס האָט מער..."

די פרוי איז געוועזן אומצופרידן, האָט זיך געקנייטשט און געקרימט, געוואָלט, ער זאָל שוין אויפהערן צו רעדן.

„פונדעסטוועגן... פונדעסטוועגן!" האָט זי אים איבערגעריסן. „אָט פאָרן מיר אויף אַ חודש נאָך יאַלטאַ, און אונז וועט קיין גראָשן געלט נישט קאָסטן..."

„אַ דאַנק!" האָט ער איראָניש אָפּגעענטפערט. „מיר זיינען שוין אַמאָל געוועזן אין יאַלטאַ, און עס האָט אונז נישט געאַרט, אַז עס האָט אונז געקאָסט אַ סך געלט!..."

„אָבער וויפל מיליאָנען און מיליאָנען פאָרן איצטער אין יאַלטאַ און אין אַנדערע פּלעצער, וואוהין נאָר גבירים האָבן זיך געקאָנט דערלויבן צו פאָרן?" האָט זי זיך צוהיצט. „דו קלאָגסט זיך, ווייל דו האָסט אַמאָל געוואוינט אין ניין צימערן, אָבער וויפל מיליאָנען און מיליאָנען האָבן זיך פּשוט געוואַלגערט אין גאַס אָדער געלעבט אין פינסטערע לעכער?"

„אַנטקעגן וואָס זאָגסטו מיר דאָס?" האָט ער אויסגעשריען. „מיר רעדן דאָך בלויז וועגן פאַרברעכנס, וואָס האָבן אין אונזער סאָציאַליסטישער מלוכה נישט געדאַרפט מער פאַרקומען און קומען דאָך פאָר, ווייל עס הערשט אומגליקלעכקייט אין די

לעבנסבאדינגונגען. אַט, וואָס איך טענה! זיי מאַכן אין באַל־שעוואָ פון גנבים ארבעטער, אָבער אין דער אייגענער צייט ווערן פון אַרבעטער גנבים..."

„דאָס וועט אויפהערן!" האָט די פרוי אַפּגעשניטן און געוואונקען א־ם, ער זאָל שוין אויפהערן צו רעדן.

„זאָג איך דען, אז ניין," האָט ער ווייטער גערעדט. „גע־וויס וועט עס אויפהערן. אָבער ווען? ווען עס וועט איינגעפירט ווערן דער מארקסיסטישער כלל: יעדן נאָך זיינע באדער־פענישן..."

„אָ, הער שוין אויף צו רעדן!" האָט זי געזאָגט מיט ביטול. „דו אויך מיט מארקסן!"

# אומצופרידענע און קריטיקער

מיר זיינען געשטאנען אויף א וואקזאל און געווארט אויף א צוג. אן אלטער טרעגער, וועלכער האט דערקענט אין אונז אמעריקאנער, האט נייגעריק באטראכט אונז און אונזער אנטו. ער האט לסוף אנגעטאפט מיין מאנטל און א פרעג געטאן:

„טייער, ווי?"

איך האב אים געזאגט דעם פרייז אין רובלס — פינף רובל צו א דאלאר, און די סומע איז געווען פארהעלטנישמעסיק קליין לויט די רוסישע פרייזן.

„אייך איז דארטן גוט," האט ער ארויסגערעדט מיט א זיפץ. „איר קענט זיך דינגען. איין קראם וויל אזוי פיל, גייט איר אין א צווייטער און א דריטער און קריגט פאר ביליקער. איר דינגט זיך. ביי אונז דינגט מען זיך נישט. א מאנטל זיבנהונדערט רובל, און מיר דינגען זיך נישט — מיר קויפן נישט..."

ער האט עס גערעדט מיט בייסיקער איראניע, זיינע אויגן זיינען געווען בייז. די ארומיקע טרעגער האבן צוגעהערט און געלאכט.

איך האב זיך אנגענומען פאר סאוויעט־רוסלאנד.

עס וועט בעסער ווערן. עס וועט מער פראדוצירט ווערן. עס וועט ביליקער ווערן.

„ווערן, ווערן, ווערן...״ האָט ער בייז איראָניזירט. „עס וועט!... געוויס!... אָבער וואו וועל איך דעמאָלט זיין? טיף אונטער דער ערד וועל איך דעמאָלט פוילן... וועל שוין קיין מאַנטל נישט דאַרפן.״

„די קינדער,״ האָב איך אָנגעהויבן.

ער האָט מיך נישט געלאָזן אויסרעדן.

„די קינדער און קינדסקינדער!״ האָט ער געגיפּטיקט. „וואָס קומט מיר דערפון אַרויס? איך וויל איצטער האָבן אַ מאַנטל! און איך וויל איצטער זען זיי אָנגעטאָן אין מאַנטלען! די קינדער! עס וועט זיי אַמאָל גוט זיין... זאָל איך זיך טרייסטן מיט דעם, וואָס מיינע קינדער וועט אַמאָל זיין גוט!... און ווי אַז איך האָב קיין קינדער נישט? זאָל איך זיך טרייסטן מיט וואָס?... נו איז אָט...״

ער האָט פּלוצלונג אַראָפּגעלאָזן דעם טאָן, איבערגעריסן זיינע טענות און פאַראינטערעסירט זיך אין דעם לעדער פון אַ פּאָר טשעמאָדאַנעס, וואָס זיינען געשטאַנען פאַר אים אויף דער פּלאַטפאָרם. ער איז אַמאָל געווען אַ לעדער־אַרבעטער און ער קאָן דערקענען יעדן סאָרט לעדער, האָט ער געזאָגט צו עמיצן הינטער מיר.

איך האָב זיך אומגעקוקט. הינטער מיר איז געשטאַנען אַ יונגער טרעגער מיט קלוגע בלויע אויגן, וועלכע האָבן שטרענג געקוקט אויף דעם אַלטן באַלבאַטון —

אַ שלעכט ברוקירטע גאַס, די שטיינערנע פּליטעס אויפן טראָטואַר אויסגעטראָטן, צובראָכן, האַלב גישטאָ. די טויער פון הויף העננט אויף אַ זייט, פריער־שפּעטער וועט זי אַראָפּ־פאַלן, הלוואי נישט אויף עמיצן. מיר ווילן נישט זיין דער עמיצער און לויפן זי שנעל דורך. די טרעפּלעך, וועלכע מיר גייען אַרויף, זיינען דורכגעפוילט און האַלב צובראָכן. מיר שטעלן זייער פאַרזיכטיק די פיס. ענדלעך שטייען מיר פאַר אַ זייער עלנט אויסזעענדיקער טיר — די טיר פון אָרעמקייט דוף איך זי אָן. זי עפנט זיך, און מיר טרעטן אַריין אין אַ האַלב פינכטערן צימער. ווען אונזערע אויגן געוויינען זיך

צו צו דער האַלבפינסטערניש, זעען מיר וועגט מיט אָפּגעריסענע אָבאָיעס, אַ באַלקן מיט אָפּגעפּאַלענער שטוקאַטורקע. אַ טיש מיט שטולן אין מיטן צימער — צווישן די שטולן איינער אַ דאַנטיסטנשטול, אין ווינקל נישט ווייט פון פענסטער אַ שראַנק מיט אינסטרומענטן. מיר זיינען אין דער דירה פון אַ דאַנטיסט.

מיר האָבן אים געבראַכט אַ בריוו און אַ גרוס. ער און זיין פרוי האָבן זיך שטאַרק דערפרייט, אָבער זיי זיינען געווען אויפגערעגט און צוטראָגן. זיי האָבן זיך אַנטשולדיקט: מיט אַ טאָג פריער האָט מען זיי באַגנבעט. צוגענומען יעדעס פּיצל אַנטו. אינמיטן העלן טאָג. זיי זיינען געבליבן נאָר מיט דעם, וואָס זיי טראָגן אויף זיך. אַלטס און אָפּגעטראָגנס, וועט נישט לאַנג האַלטן, און מען קאָן זיך נישט העלפן. מען וועט מוזן טראָגן, ביז עס וועט צופאַלן. וועגן קויפן נייע, קאָנען זיי אפילו נישט טראַכטן...

ער האָט זיך פאַרצווייפלט געקראַצט דעם קאָפּ.

אַ מאַנטל! עס גייט דאָך צו ווינטער! און ווען ער האָט אַ מאַנטל, מאַכט שוין דער אַנצוג נישט אַזוי אויס. אפילו ווען צוריסן, דער מאַנטל וועט פאַרדעקן... אָבער גיי דענק פון אַ מאַנטל, אַז דער ביליקסטער קאָסט שווערע הונדערטער. און זי דאַרף דאָך אויך אַ מאַנטל. מיט איר דאַרף אויך דיזעלביקע זאַך. ווינטער און...

„אַאַאַ, עס איז שלעכט און ביטער... אַט קאָנט איר זיי דאָרטן אָפּגעבן אַ גרוס פון אונזער לעבן... דערציילט זיי דאָרטן, אַ דאַנטיסט, וואָס האָט אַמאָל געהאַט אַ גרויסע פּראַקטיק און פאַרדינט אַ שטיק מיט געלד, מוז איצטער ליגן די ציינער אויף דער פּאָליצע, ווייל זיי געהאַלט. וואָס ער קריגט, איז נישט גענוג אויף צו געברויכן זיי. ער איז איצטער אַז אַנגעשטעלטער, פּריוואַטע פּראַקטיק איז אָפּגע־שאַפט... פּריוואַטע פּראַקטיק איז נאָר נאָך געבליבן ביי גנבים... זייער פּראַקטיק האָט מען נאָך נישט אָפּגעשאַפט... אַלץ איז אָפּגעשאַפט געוואָרן נאָר נישט רויב און גנבה!... נאַ,

מילא," האָט ער פּלוצלונג איבערגעריסן אין זיין בייזקייט, „דערציילט עפּעס וועגן אַמעריקע..."

אָבער אינמיטן געשפּרעך, אין וועלכן ער האָט אָנטייל גענומען מיט קענטיקער אָנשטרענגונג, האָט ער זיך צוגעווענדט צו זיין פרוי און אַ פרעג געטאָן פול ביטערקייט:

„איז וואָס וועט זיין?"

זי האָט נאָר טרויעריק אָפּגעשמייכלט און האָפענונגסלאָז אַ הייב געטאָן די הענט, און ער האָט זיך ווידער געווענדט צו אונז:

„די צרה איז נאָך, וואָס מיר קאָנען אַפילו נישט מאַכן קיין הלואה..."

„פאַראַן דאָ לייקאַסעס?"

„ניין, צווישן פריינט. איינער העלפט אויס דעם אַנדערן מיט די אָפּשפּאָרונגען, מיט דעם, וואָס מען לייגט אָפּ אויף אַ זייט. מען מוז זיך דאָך קליידן און שוכן, דערעסט מען נישט און מען שפּאָרט. ווען דער בגד אָדער די שיך מוזן שוין געקויפט ווערן און די אָפּשפּאָרונגען רייכן נישט אויס, באָרגט מען ביי אַ פריינט זיינע אָפּשפּאָרונגען און צאָלט אים ביסלעכווייז אויס. בין איך שוין אַזאַ פאַרשולדיקטער, צווישן די אוועקגעגנבעטע קליידער איז געווען אַ נייער אָנצוג, וועלכן איך האָב זיך ערשט געקויפט מיט געמאַכטע הלואות... און איך האָב קיינעם נישט אין אַמעריקע! קיינעם נישט, וואָס זאָל מיר קאָנען אַרויסהעלפן... איך האָב ברידער און שוועסטער אין לאַטוויע, רייסן זיי זיך אַליין אהער... דאָרטן איז נאָך ערגער..."

„אָן האָפנונגען אויף בעסער," האָב איך צוגעשטעלט.

„מיינע האָפנונגען אויף בעסער זיינען אויך נישט אַזעלכע ראָזעווע," האָט ער געזאָגט מיט אַ זיפץ. „איך דערוואַרט נישט, אַז דאַנטיסטן וועלן אָנהויבן מער פאַרדינען. נאָר וואָס דען? עס וועט דאָ אַמאָל אַ ביסל ביליקער ווערן... איז ביז וואַנען מיר וועלן עס דערלעבן, קאָנען מיר דערשטיקט ווערן אין די איצטיקע אומשטענדן. איז עס עפּעס

א לעבן צו וואוינען אין אזא דירה? מען מוז דאָך ווערן מרה שחורהדיק... פאַלאַצן בויען זיי... פאַרשיידענע פּאַלאַצן פאַר אַלץ אין דער וועלט, ריזיקע פּראַכטגעביידעס, וועלכע קאָסטן אָפּ מיליאָנען... האָבן זיי נישט געקאָנט בעסער אויפ־בויען פאַר דעמזעלביקן געלט געוויינלעכע הייזער מיט באַקוועמלעכע דירות, אַז דער פּשוטער בירגער פון דעם סאָציאַליסטישן פאָטערלאַנד זאָל נישט פאַרמרה־שחורהט ווערן אין אַזעלכע חורבות? כ׳עון האָט אויפגעבויט דאָרטן אַ מעטראָ מיט לוקסוס־סטאַנציעס, וועלכע טרעפן אָן מיליאָנען... צו וואָס איז דאָס נויטיק געווען? איך מיין נישט די מעטראָ, נאָר די ליקסוס־סטאַנציעס. איר אין אַמעריקע, הער איך, האָט די איינפאַכסטע סטאַנציעס. איז אייך, די גבירים, אָנגעשטאַנען צו האָבן איינפאַכע געביידעס, און אונז, די קבצנים, האָט זיך דווקא געוואָלט פּאַלאַצן, מוזייען, קונסט־טעמפּלען... סיין אַנדערע סטאַנציעס האָט אונז נישט געפּאַסט, כאָטש דערווייל ווערן מיר דערשטיקט אין דעם עיפּוש פון אונזערע דירות!... דאָס הייסט ביי אונז „געפּלאַנטע ווירטשאַפט”. שיין ווערט עס געפּלאַנט! מען בויט אַלץ אין דער וועלט, נאָר אויף וואוינהייזער סטייעט שוין נישט...”

ביים צושיידן זיך האָט ער געזאָגט:

„פונדעסטוועגן דאַרפט איר נישט מיינען, אַז איך רעד שטענדיק אַזוי. איך בין בלויז זייער בייז און פאַרביטערט וועגן דער גנבה. איך קאָן אייך זאָגן, אַז ווען איר וואָלט אַריסגערעדט כאָטש איין שלעכט וואָרט וועגן סאָוויעט־רוסלאַנד, וואָלט איר פון מיר געהערט גאָר אַן אַנדער לשון. אָבער וואָס אמת איז אמת: די לוקסוסדיקע מעטראָ־סטאַנציעס און די פאַרשיידענע מיליאָנענדיקע פּאַלאַצן האָבן געמעגט נישט געבויט ווערן. וואָלט אויך קיין סכנה נישט געווען. ווען אויף זייער אָרט וואָלטן אויסגעבויט געוואָרן אַ פּאָר הונדערט וואוינהייזער, וואָלט געווען אַ סך אַ גרעסערע מצוה... איך זאָג עס און הער עס נישט אויף

צו זאָגן. און אויך וועגן די גנבים. אַז מיר האָט געראַפּט אַנגעמען שטאַרקערע מיטלען, אַז עס זאָלן אויפהערן די גנבות, איז ביי מיר קיין ספק נישט. איך האָב עס געזאָגט, נאָך איידער איך בין באַגנבעט געוואָרן. אָבער בכלל וועט ביי אונז זיין גוט צו לעבן, נישקשה. איר וועט זען, מיר וועלן יאָגן און איבעריאָגן...״ — —

גוטמוטיק, אָן בייזקייט און איראָניע, האָט אונז דערציילט דער אַלטער בוכהאַלטער, ווי ער איז געוואָרן אַ „פאַרברעכער״.

אַ מענטש אַרום זעכציק, געוועזן אַמאָל אַ רייכער סוחר, דערנאָך אַ דעקלאַסירטער „לא יבוא בקהל״, איצטער אַ בוכהאַלטער, מיט וועלכן זיינע קאָמוניסטישע באַלעבאַטים זיינען זייער שטאַרק צופרידן. ער איז געוועזן אַן ערלעכער באַלעבאָס, איצטער איז ער אַן ערלעכער אַנגעשטעלטער. ער האָט געלעבט אַ שווייגנדיקער אונטער ניקאָלאַי דעם צווייטן, איצטער שווייגט ער אונטער סטאַלינען. ער האָט אַמאָל געלעבט רייך, איצטער לעבט ער אָרעם, אָבער ער איז צופרידן מיט זיין גורל.

שווער איז אים נאָר געוועזן אין די יאָרן פון זיין דעקלאַסירטקייט. נישט אַזוי די אומדערטרעגלעכע נויט, ווי די נאָך מער אומדערטרעגלעכע באַליידיקונג. מיט אַ מאָל אַ לא יבוא בקהל, אַ מצורע, אויס מענטש, גאָרנישט — אַ לעבעדיקער שאָטן, אַ פאַרעכטלעכע שפּייקעסטל... נישט געהאַט גאַנצע טעג וואָס צו טאָן, נישט געהאַט צו וואָס אַ האַנט צו צולייגן, אַן איבעריקער מענטש אויף דער וועלט. ער איז שטענדיק געוועזן אַ באַשעפטיקטער, אַ טוער, און דאָ פּלוצים אין די בעסטע יאָרן ביי אַלע חושים, כאָטש נעם און טו זיך אָן אַ מיתה. און וואָס האָט מען צו אים געהאַט? איז ער שולדיק געוועזן, וואָס ער איז נישט געוועזן קיין בעל מלאכה? מען האָט אים נישט געמאַכט פאַר קיין בעל מלאכה, איז ער עס נישט געוועזן... ער האָט עמיצן ווען געטשעפּעט? האָט זיך עמיצער ווען באַקלאָגט אויף אים? ער האָט קיינמאָל קיינעמס נישט פאַרנומען און קיינער האָט קיינמאָל צו אים גאָרנישט געהאַט...

אַזוי פּלעגט ער אומגיין און טענהן, געפאָדערט גע־

רעכטיקייט צו זיך, צו א מענטש, וואָס האָט קיינמאָל קיינעם נישט געקריוודעט, נישט געטשעפּעט קיין פליג אויף דער וואַנט. ביז מען האָט אַראָפּגענומען פון אים דעם חרם. אויס דעקלאַסירטער, א בירגער מיט אַלעמען צוגלייך. דעמאָלט האָט ער אינגאַנצן שלום געמאַכט מיט דעם נייעם רעזשים. איז אפילו זייער דאַנקבאַר. דער עיקר פאַר זיינע קינדער. זיי האָבן נעקראָגן גוטע שטעלעס, לעבן גאַנץ נישקשהדיק...

זיין געהאַלט איז 350 רובל א חודש. גייט דערפון אַראָפּ אויף שטייערן און נאָך אַזעלכע זאַכן, בלייבן אים ריינע 310—315 רובל. איז עס נאַטירלעך זייער ווייניק, און ער וואָלט בשום אופן נישט געקאָנט אויסקומען, ווען זיין טאָכטער וואָלט נישט אָפּגעגעבן אים און זיין פרוי א צימער. איז אַן דירה־געלט קאָן ער שוין ווי עס איז דורכקומען, הונגערן זיי נישט. אָבער מיט א שוך און א בגד איז שוין שלעכט. פון דעם קאָנען זיי אפילו נישט טראַכטן. האָבן זיי אָפּגעמאַכט ביי זיך, אַז עס זאָל זיי נישט אַרן, ווי זיי זיינען אָנגעטאָן. פופציק יאָר אָפּגעלעבט אויסגעפּוצטע אין עסיק און אין האָניק, און די איבעריקע יאָרן וועלן זיי שוין דערטראָגן די קליידער מיט זיך צוזאַמען, ביז די ערד וועט צודעקן, און מען וועט קיין קליידער אינגאַנצן נישט דאַרפן. ער וועט נישט גיין גנבענען צוליב דעם, וועט נישט באַגיין גאָרנישט, וואָס איז קעגן דעם סאָוויעטישן געזעץ.

מאַכט זיך היינטיקן זומער, אָט טאַקע דאָ נישט לאַנג, אַז זיין ברודער און שוועגערין קומען צו פאָרן פון אַמעריקע און ברענגען מתנות: אים א נייעם אַנצוג און שיך און איר א נייע קלייד און שיך. מילא. יענע האָבן געבראַכט, האָבן זיי נישט געוואוסט, אַז מען טאָר נישט, אָבער ווי זאָלן זיי צונעמען די זאַכן? ער וועט נישט גיין קעגן געזעץ. דאָס איז שמוגל, קאָנטראַבאַנדע. פאַרבאָטן איז פאַרבאָטן, ער וויל האָבן א ריין געוויסן. ער וויל קאָנען קוקן זיינע קאָמוניסטישע באַלעבאַטים גלייך אין די אויגן.

וואָלטן כאָטש די טייערע געסט געבראַכט די קליידער און די שיך גלייך צו אים אהיים, דעמאָלט וואָלט געווען —

פארפאלן. געבראכט און איבערגעלאָזן — וואָס קאָן ער טאָן? דאָך נישט ארויסווארפן אויפן גאס. אָבער זיי האָבן די מתנות געהאט ביי זיך אין האָטעל — גיי טראָג זיי איצטער ארויס פון האָטעל! ווי קאָן מען זיי גאָר ארויסטראָגן פון האָטעל? אויב ער וועט ארויסגיין פון האָטעל מיט א גרויסן פאַק וועט מען אים געוויס פארהאלטן... איז וויל ער די מתנות נישט. א דאנק!

א פראכט אָן אנצוג, מוז קאָסטן א סך געלט. אויך די שיך... די שיך האָט ער אָנגעמאָסטן. פאַסן גוט. ער און זיין ברודער האָבן טאַקע איין פוס. און שיך און אנצוג זיינען גויטיק, שוין לאנג נויטיק. און די ווייב זיינע קוקט אויף איר קלייד, און טרערן גיסן זיך איר פון די אויגן. א פיין זיידן קלייד, נייעסטער פאַסאָן... קוקן זיי ביידע אויף די מתנות, קאָנען די אויגן נישט אוועקרייסן. אָבער צו וואָס פייניקן זיך?

„נעמט אוועק די מתנות! באהאלט! מיר וועלן זיי נישט צונעמען, פון האָטעל נישט ארויסטראָגן."

זאָגט די שוועגערין צו זיי.

„מיר וועלן זיך אָפּקערן אָן א זייט און איר וועט אָנמעסטן די זאכן."

„צו וואָס? אז מיר וועלן זיי נישט צונעמען!"

„טוט, וואָס מען הייסט אייך."

בקיצור, אָנגעמאָסטן. אויסגעצייכנט, ווי אויף זיי גענייט. איך ווייס דאָרטן, א פאָר קליינע ענדערונגען.

זאָגט די שוועגערין ווייטער:

„פרואוו אָנטאָן דעם אלטן אנצוג אויף דעם נייעם."

קוקט ער זי אָן גאנץ פארחידושט:

„צו וואָס דאָס?"

„איך וועל דיר זאָגן שפּעטער."

וויל ער פארשטיין איר כוונה, אָבער זיין פרוי האָט מען עס אפילו נישט געדאַרפט איבערחזרן, זי האָט גלייך געכאַפּט איר אלט קלייד און אָנגעטאָן אויפן נייעם.

מילא, וואָס וועט ער זיך דאָ חקירהן? האָט ער גענומען

און אָנגעטאָן דעם אַלטן אַנצוג אויפֿן נייעם. מיט צרות אַרויפֿ־
געקראָכן.

„איצטער,“ זאָגט די שוועגערין, „וועט איר אָנטאָן אייע־
רע מאַנטלען.“

האָבן זיי אָנגעטאָן די מאַנטלען.

„איצטער,“ זאָגט די שוועגערין ווייטער, „וועט איר גיין
אַהיים.“

ער איז שיר נישט געפאַלן אין חלשות. ביי דער טיר
שטייען פּאָרטיערן. זיי וועלן זיכער דערקענען אויף אים.
אויפֿן גנב ברענט דאָס היטל.

אָבער די שוועגערין לאָזט נישט אָפּ.

„מיר וועלן אייך אַרויסבאַגלייטן. מיר וועלן גיין אַלע צו־
זאַמען, וועלן זיי זיך נישט אומקוקן אויף אייך. אָבער וואָס
טוט מען מיט די שיך?“

מיט די שיך? אָ, ער האָט מיט זיך זיין פּאָרטפעל! אַ גרוי־
סער, ברייטער פּאָרטפעל. אַ גאַנצער טשעמאָדאַן.

אַריינגעלייגט די שיך אין פּאָרטפעל... אַ ביסל צו בויכיק...
אָבער מען איז דאָ געוויינט אַרומצוגיין מיט בויכיקע פּאָרט־
פעלן...

מען האָט זיך געלאָזט גיין. זיין ווייב איז געגאַנגען, ווי
נישט זי מיינט מען גאָר, אָבער ער האָט זיך געפילט שרעק־
לעך אומבאַקוועם און היים אין די ביידע אַנצוגן, און די הויט
האָט אויף אים געברענט פֿאַר שרעק. די שוועגערין האָט אים
געמוזט נעמען אונטער דער האַנט.

בקיצור, אַלץ איז אַראָפּ בשלום, נאָר ער קאָן עס זיך
נישט מוחל זיין. זיין געוויסן איז נישט מער ריין, און דאָס
איז אַ סך ערגער, ווי אַ צוריסענער אַנצוג.

אָבער ער האָט טענות צו דער סאָוויעטישער רעגירונג.
צו וואָס אַזאַ פֿאַרבאָט? וואָס אַרט זיי, אַז מען ברענגט אַריין
אַזעלכע מתנות? זיי האָבן דען וואָס צו פֿאַרקויפֿן אין מען
קויפֿט נישט? אַז זיי וועלן האָבן וואָס צו פֿאַרקויפֿן און מען
וועט אַריינברענגען פֿון אויסלאַנד, דעמאָלט וועט דאָס זיין אַ

פארבערך. אָבער צו וואָס זאָלן זיי איצטער מאַכן פון אים
אַ פארברעכער גאַנץ אומזיסט און אומנישט?

„מיינט איר, אז איך וואָלט ביי זיי נישט געפרעגט,
וואָס איז דער שכל פון אזא מין פארבאָט? אָבער איך האָב
מורא, זיי זאָלן זיך נישט עפּעס אָנשטויסן און אָנהייבן צו
פרעגן קשיות וועגן דער אָפּשטאַמונג פון דעם נייעם אנצוג און
די נייע שיך... איז שווייג איך בעסער. איך קאָן אייך דאָס
נאָר זאָגן: זיי זיינען גערעכט גאָר אין אַ סך זאַכן, די באָלשע־
וויקעס, אָבער אָפּט טוען זיי עפּעס אָפּ אזוינס, אַז איך הויב
זיי נישט אָן צו פארשטיין...”

# סטאלין

מיר האָבן אָנגעשטעלט דעם ראַדיאָ אין אונזער האָטעל־צימער אונזער ערשטן פרימאָרגן אין מאָסקווע, געוואָלט וויסן, מיט וואָס טשובעט מען פאַנאַנדער די מאָסקווער באַפעלקערונג, מיט וועלכן גייסטיקן אינהאַלט פילט מען זיי אָן אויפן וועג צו זייערע טעגלעכע באַשעפטיקונגען.

דאָס ערשטע וואָרט, וואָס מיר האָבן דערהערט, איז געווען ס ט אַ ל י ן.

דאָס איז געווען באַלד נאָך דעם טראַגישן פּראָצעס פון די זעכצן, און אַ פרוי האָט גערעדט וועגן די „פּאַרדעטערישע הינט", די „נידעריקע נפשות", די „שופטן און מערדער", די „טראָצקי־זינאָוויעווישע פאַשיסטישע באַנדיטן", וועלכע האָבן געוואָלט אומברענגען „אונזער גרויסן סטאַלין" און פאַרכאַפּן די מאַכט. איר קלאַנגפולע שטים איז געווען דורכגענומען מיט שנאה און גיפט יעדעס מאָל, ווען זי האָט דערמאָנט די „פאַשיסטישע הינט, וועלכע האָבן פאַרדינט זייער הינטישן טויט", אָבער איז אָנגעפילט געוואָרן מיט וואַרעמקייט און צערטלעכקייט, מיט זוניקער העלקייט, ווען זי האָט זיך צולאָזן וועגן דעם „גרויסן פירער און לערער", דעם „פאָטער פון דעם פילפעלקערישן ראַטנפאַרבאַנד", דעם „באַפרייער פון דער מענטשהייט", דעם „געניאַלסטן מענטש פון אונזער צייט", דעם „באַליבטסטן חבר סטאַלין"...

מיר זייגען אַרויס אין גאַס. אַ רווישיקער דרויסן פול באַ־

וועגונג. אויטאָמאָבילן, וועגענער, באָסעס, קאַרס, און מענטשן, מענטשן. שרייערייַ, קלאַפּערייַ, קלינגערייַ, פּייפּערייַ, בלאָ־זערייַ, און איבער אַלעמען, אַלץ און אַלעמען אַריבערשרייענדיק, דער ראַדיאָ־פּאַרפּילפּאַכער, וועלכער האָט פונאַנדערגעטראָגן אין דער לופט אַ פּאַטריאָטישע רעדע וועגן „אונזער פאָטער, דעם געניאַלן פעלקערפירער” יאָסיף וויסאַריאָנאָוויטש סטאַלין...

אין אָוונט האָבן מיר געוואָלט וויסן, מיט וואָס לייגט מען אַוועק שלאָפן די מידע בירגער, וועלכע קריאת שמע לייענט מען מיט זיי. מיר האָבן אָנגעשטעלט דעם ראַדיאָ. און ווי־דער סטאַלין, דער גרויסער פעלקערפירער, דער פאָטער אונ־זערער...

און אַזוי דעם צווייטן טאָג און דעם דריטן טאָג... טאָג־איין טאָג־אויס. רעדעס און געזאַנגען, לידער, וואָס באַזינגען די גרויסקייט פון דעם גרעסטן פון אַלע מענטשן, געזונגען פון כאָרן, פרייליך און דערהויבן.

זיינען די אויערן פול געוועזן, אָבער די אויגן האָבן נישט געדאַרפט מקנא זיין. וואוהין זיי האָבן זיך געקערט און גע־ווענדט, האָבן זיי געהאַט פאַר זיך דאָס מאַטע געזיכט מיט די דיקע קורצע וואָנצן און די דורכדרינגענדיקע קלוגע אויגן פון יאָסיף סטאַלין. אויף שריט און טריט, בילדער פון פאַר־שיידענער גרויס, אָפט פאַרטרעטן, וואָס פאַרשטעלן מיט זיך עטלעכע עטאַזשן, מיט אויפשריפטן, וועלכע פאַרכלינגען זיך אין לויב און טיטולן: דער גרויסער, דער געניאַלער, דער פאָ־טער, דער פריינט, דער אומפאַרגלייכלעכער...

און ערשט די צייטונגען! זעלטן אַ נומער אָן זיין בילד. זעלטן אַן אַרטיקל, איבער וואָס עס איז פאַר אַ פראַגע, אַז סטאַלינס נאָמען זאָל דאָרטן נישט דערמאָנט ווערן מיט איינעם אָדער מיט עטלעכע פון זיינע גרויסע טיטלען. אָפט גאַנץ אומ־נויטיק. אפילו נישט אַזאַ געניטער לייענער קאָן אָפט מערקן, אַז דער שרייבער האָט געמאַכט אָן אומוועג, פאַרנומען זיך אָן אַ זייט, אַבי אַריינצוברענגען דעם פירערס נאָמען.

אַט אַן אַרטיקל אין דעם מאָסקווער מאָנאַטלעכן זשורנאַל „טעאַטער אי דראַמאַטורגיאַ”, אַ זשורנאַל, וואָס באַשעפטיקט

זיך ספעציעל מיט טעאטער און פיעסן, און דער ארטיקל איז איבער דעם גרויסן פראנצויזישן שריפטשטעלער ראמען ראלאן צו זיין זיבעציקסטן געבורטסטאג. עס ווערט ארומגערעדט זיין אנטוויקלונג, זיין הומאניסטישע וועלט־אנשויאונג, עטלעכע פון זיינע פיעסן ווערן אנאליזירט. מען האט געקאנט זיכער זיין, אז דער ארטיקל וועט אריבער אין לויב־געזאנג פאר דעם פידער פון ראטנפארבאנד. אבער ניין! ביים סוף פון דעם ארטיקל שטייט געדרוקט: „די געשטאלט פון דעם ראטן־פארבאנד, די מעכטיקע פיגורן פון לענין און סטאלין האבן באגייסטערט דעם גרויסן פראנצויזישן שריפטשטעלער צו אן ענדגילטיקער רעוויזיע פון זיינע אלטע פאזיציעס פון נישט־אנטקעגנשטעלן זיך. אמאל האט ער געזאגט: „מער פאר אלץ פעלן דער וועלט שטארקערע כאראקטערן.“ איצטער זעט ער, ווען ער קוקט זיך איין אין די באלשעוויקעס: אט זיינען זיי די שטארקע כאראקטערן, די אידעאיש, מאראליש און פיזיש מעכטיקע.“

ווען און וואו האט עס ראמען ראלאן געזאגט? וואו האט ער אנגעוויזן, אז ווייל ער איז באגייסטערט געווארן פון די מעכטיקע פיגורן לענין און סטאלין, האט ער געביטן זיין וועלטאנשויאונג פון נישט שטעלן זיך אנטקעגן רשעות, אבי נישט פארגיסן קיין בלוט, אבי נישט געברויכן קיין געוואלט? האט ראמען ראלאן געשאפן א נייע דראמע, אויפגעשריבן א נייעם ראמאן, וואו ער ברענגט ארויס די שטארקע כאראקטערן פון די באלשעוויקעס און פארטיידיקט געוואלט און מארד? גישטא אזא זאך. דער שרייבער פון דעם ארטיקל ציטירט נישט קיין איין שורה פון ראמען ראלאן, וואס זאל באקרעפטיקן זיינע באהויפטונגען. און מיר מוזן חושד זיין, אז דער שרייבער האט זיך דא דערלויבט א פרייהייט, אבי א חנפע טאן סטאלינען...

דער דאזיקער טעאטער־זשורנאל האט זיך נאטירלעך אפגערופן אויף דעם פראצעס פון די זעכצן. זיינע רעדאקטארן זיינען קינסטלער־דראמאטיקער, רייך אין שפראך און בילדלעכקייט. זיי שמייסן די זעכצן, צווישן וועלכע עס זיינען

געוועזן עטלעכע זייערע מיטארבעטער, מיט אייזערנע־ריטער־ווערטער. און שטעלן־צו צו סטאלינען דעם העכסט־מעגלעכן מיטל: דער געניוס פון דער באפרייטער מענטש־הייט — א טיטל, וועלכן ערשט די באפרייטע מענטשהייט וועט דארפן אויסטיילן אין איר לעתיד לבוא...

איך האב געפרעגט א פראפעסאר פון מאטעמאטיק, וועלכער שרייבט א לערבוך איבער אריטמעטיק, ווי וועט ער אריינברענגען אין זיין בוך סטאלינס נאמען. דאס האט געזאלט הייסן, אז איך צווייפל נישט, אז ער וועט דעם נאמען אריינברענגען, נאר איך וויל וויסן, ווי וועט ער עס טאן. ווי וועט ער קאנען אריינפלעכטן אין אזא וויסנשאפט, ווי אריטמעטיק א לויב־געזאנג פאם דעם פירער? דער פראפעסאר האט זיך נישט פארוואונדערט איבער מיין פראגע. זי איז אים אויסגעקומען גאנץ זעלבסטפארשטענדלעך, און ער האט געענטפערט:

„אין דער אריטמעטיק גופא וועט אפשר זיין שווערלעך, אבער אין וועל שרייבן א פארערדע..."

איינע פון די דערפאלגרייכסטע פיעסן אין דעם רעפערטואר פון די טעאטערס אין ראטנפארבאנד איז די דראמע „די אפטימיסטישע טראגעדיע". די האנדלונג פון דער דאזיקער פיעסע קומט פאר אין 1919 — 1920, אין די יארן פון אינטערווענציע און בירגערקריג. אונזער דור געדענקט נאך די דאזיקע יארן און די ראליע פון לעאן טראצקי אין ארגאניזירן די רויטע ארמיי, און געדענקט אויך, אז דעם נאמען סטאלין האט מען דעמאלט נישט צו אפט געהערט, ווי אויך דעם נאמען וואראשילאוו. אבער אין דער פיעסע זאגט איינער: „עס האט אונז געלויכטן די זון, עס האבן געפינקלט די נעמען פון לענין, סטאלין, וואראשילאוו..."

פאראן אין מאסקווע א לענין־מוזיי, א ריזיקע געביידע, וואס איז פון אונטן ביז אויבן, שטאק איבער שטאק, זאל נאך זאל, די לעבנסגעשיכטע פון וולאדימיר איליטש לענין, און נאטירלעך אויך די געשיכטע פון דער באלשעוויסטישער רעוואלוציע. אין שריפט און בילד ווערט פארגעפירט לענינס

לעבן און אַלץ און אַלע, וואָס האָבן געהאַט מיט אים כּאָטש די קלענסטע שייכות. פאָטאָגראַפישע בילדער, געמאָלטע פּאָר־טרעטן, סטאַטועז, גרויסע וואַנטגעמעלדן — קונסטאַרבעטן פון ריסישע מאָלער, וועלכע זיינען באַאויפטראַגט געוואָרן פון דער סאָוויעטישער רעגירונג צו פאַראייביקן מיט זייער קונסט, מיט פאַרבן און פּענזל, פאַרשיידענע עפּיזאָדן פון לענינס לעבן און פון דער רעוואָלוציע.

אָבער דער מוזיי ווערט גלייכצייטיק אויך סטאַלינס מוזיי. מיט 1917 ווערט סטאַלין לענינס שטענדיקער באַגליי־טער. פון איצטער אָן איז קיין בילד נישט אָן אים. ער פאַר־נעמט אפילו דעם אויבן־אָן. ווערט דער הויפּט־באַוועגער, דער בעסער־ווייסער, בעסער־טוער. ווערט דער מיטלפּונקט. טראָצקי איז גאָר אויף איין אָדער צוויי בילדער, אַזוי אויך קאַ־מעניעוו און זינאָוויעוו. אָבער זיי ווערן אָפּגעמאָלט אין מאָ־מענטן, ווען זייערע מיינונגען זיינען זיך צוגאַנגען מיט לע־נינס, אָפּגעמאָלט מיט שנאה און פאַראַכטונג, און די גיידס, וואָס דערקלערן די אומצייליקע באַזוכער דעם אינהאַלט פון די בילדער, דערציילן מיט האַס, אַז שוין דעמאָלט זיינען די דאָזיקע „מנוולים" געווען פאַררעטער פון דער רעוואָלוציע...

אַן עלטערער אַמעריקאַנער אין אונזער גרופּע האָט זיך נישט איינגעהאַלטן און אַ פרעג געטאָן אין דער לופט אריין:

„איז ווי זיינען זיי דערנאָך דאָך געוואָרן די גרויסע פירער?"

קיינער האָט אים נישט געענטפערט.

איך בין אַ שטאַרקער אָנהענגער פון סטאַלינען און דעם סטאַליניזם. איך האָב נאָך אין 1920 — 1921 גערעדט און געשריבן, אַז רוסלאַנד איז גרויס גענוג און רייך גענוג מיט די פאַרשיידנסטע אוצרות פון דער ערד און קאָן דורכפירן ביי זיך די סאָציאַלע רעוואָלוציע, נישט וואַרטנדיק אויף אַ וועלט־רעוואָלוציע. אין מיין דראַמע „איסאַק פיניעוו", וועלכע איך האָב געשריבן אין די יאָרן 1922 — 1924, ווערט אויפגע־שטעלט פאַר סאָוועט־רוסלאַנד דער לאָזונג „הדרך לידן זיגן". סטאַלינס ליניע. ארויפלייגן די שווערסטע אָנשטרענגונגען,

נישט אפשרעקן זיך פאר אלערליי לײדן און יסורים, פיזישע און מאראלישע, און גיין רואיק און אנטשלאסן דעם וועג, וואס פירט נאך זיין מיינונג צום זיג פון קאמוניזם אין ראטנ־פארבאנד. דער געדאנק פון א וועלט־רעוואלוציע האט געקאנט געבארן ווערן אין דעם מוח פון א מאן, וואס איז אין ערגעץ קיין בירגער נישט געוועזן און האט זיך געהאלטן פאר א וועלטבירגער, פאר איינעם, וואס די גאנצע וועלט איז זיין פאטערלאנד. ווייל ער האלט זיך פאר א וועלט־בירגער, טראכט ער נאטירלעך אין די טערמינען פון א וועלט־רעוואלוציע. סטאלינס געדאנקען לויפן אין די גרעניצן פון זיין אייגענעם לאנד, אין נאציאנאלע פארמען. ער מאכט די סאציאלע רעוואלוציע פאר זיך. איז זיכער, אז ער וועט זיגן און זיין זיג וועט זיין אן אנשטעקנדיקער ביישפיל פאר אלע אנדערע לענדער און פעלקער.

איך זע דאס קומען. אזוי וועט עס זיין.

אבער צו וואס די סטאלין־פארגעטערונג, די איבערטרייבונגען, די געשיכטע־פעלשונגען? ווי קומט עס בכלל צו מארקסיסטן, צו דער היסטאריש־מאטעריאליסטישער וועלט־אנשויאונג ארויסצושטעלן אזוי דעם איינצעלנעם, דעם העלד?

מיר האבן באמערקט, אז די דאזיקע סטאלין־פארגעטערונג גייט שטארק דארטן אויף די נערוון. מען מאכט זיך נישט זעענדיק און נישט הערנדיק, מען וויל פון דעם נישט רעדן. ווען מיר האבן עס בארירט, האט מען פארפירט דעם געשפרעך אויף עפעס אנדערש. אבער מיר האבן געוואלט וויסן, צי ווערט עס אלץ געטאן מיט סטאלינס וויסן און אפשר גאר אויף זיין באפעל. נאר ווער אייגנטלעך קאן אויף דעם ענטפערן?

דאך איינער, א דראמענדיכטער, האט געענטפערט.

עס איז א מוז, האט ער געזאגט. א מוז, וועלכן סטאלין האט זיך אונטערגעווארפן. מען קאן נישט רעדן צו גרויסע מאסן אין אבסטראקציעס. מען מוז פאר זיי די אבסטראקציעס פארקערפערן. אויך דער יידישער גאט האט געמוזט פארקערפערט ווערן. די אידעע פון קריסטנטום האט זיך אנגעטאן אין גוף

פון א יעזוס, וועלכער האט אפשר גאר קיינמאל נישט געלעבט. די טאטן פון דעם איינצלנעם וועלן זיי פארשטיין, די אידעע וועלן זיי קיינמאל נישט באגרייפן. מוז פאר זיי באשאפן ווערן דער איינצעלנער, דער וואונדערטועער, דער אויספירער און פאר־קערפער־ער פון דער אידעע. סטאלין איז אזוי געווארן, האט געמוזט ווערן דער פארקערפערער פון דער אידעע פון קאמוניזם, ווי זי ווערט דורכגעפירט ביי אונז אין ראטנפארבאנד. סטאלין טוט, סטאלין זאגט, סטאלין הייסט, סטאלין וויל — דאס פארשטייט דער עולם. אבער כדי דער עולם זאל אויך אזוי וועלן און אויך אזוי טאן, מוז ער סטאלינען ליב האבן, באוואונדערן, שפרינגען פאר אים קדוש...

אבער עס זיינען פאראן קעגנאידעען, אפנייגן, אפווייכונגען. זיי זיינען אויך אבסטראקציעס. שווער אריינצולאזן זיך אין דערקלערונגען, אין די דינקייטן פון חקירות און פלפול און דער עולם זאל פארשטיין און קאנען פארנאנדער־קלייבן זיך אין וואס איז וואס. האבן די אפאזיציע־אידעען אויך געמוזט פאר־קערפערט ווערן, קריגן א נאמען. און דער דאזיקער גוף איז געווארן טראצקי.

עס איז די גרעסטע פאראיינפאכונג פון א קאמף. עס זיי־נען דאך געווען צייטן, אז ווען צוויי פעלקער זיינען ארויסגעגאנ־גען אין מלחמה איינס קעגן אנדערן, האבן זיי אויסגעקליבן פון צווישן זיך צוויי שטארקע מענער, זיי זאלן זיך שלאגן, און דאס איז געווען די גאנצע מלחמה.

די מיליאנען און איבערמיליאנען הארעפאשניקעס אין ראטנ־פארבאנד דארפן זיך איצטער נישט פאנאנדערקלייבן אין דעם ווערטערקנויל פון פארוואלקנטע טעאריעס. זיי ווייסן, סטאלין איז גוט, טראצקי איז שלעכט. סטאלין איז גאט, טראצקי דער שטן. מיר דארפן זיך נישט אריינלאזן מיט זיי אין ווייטע דערקלערונגען וועגן אן אפנייג פון אונזער גלייכן וועג. מיר זאגן, דאס איז טראצ־קיסטיש, און פארטיק. דער אפנייג וועט זיך זייער שנעל מוזן אויסגלייכן.

און נאך א זאך. סטאלין אין בילד און ראדיא, סטאלינס נא־מען שטענדיק אויף די ליפן, זיינען געווען א שטארקער פאראיי־

ניקנדיקער עלעמענט. זיי האָבן דערגרייכט אַלע פעלקער פון אונזער ריזנלאַנד, אויך די פאַרוואָרפנסטע און אָפּגעשטאַנענסטע, און געבראַכט זיי אַלעמען נענטער צו מאָסקווע. פון דער ווייטסטער ווייטקייט, מיט אויגן, וועלכע פאַרשטייען קוים, וואָס זיי זעען אין דער וועלט, קוקן זיי אַרויס צו מאָסקווע, וואו עס זיצט דער חבר סטאַלין, דער פאָטער, דער וואונדערטוער. און זיי אַלע ווערן נאָענט צו מאָסקווע, ווערן איינס מיט מאָסקווע.

און בכלל, איר זייט דאָך אַ דראַמאַטיקער, איר מוזט דאָך וויסן. ווען מיר ווילן דראַמאַטיזירן דעם קאַמף פון אידעען, טוען מיר זיי אָן אין געשטאַלטן. נישט אין מאַסן, נאָר אין יחידים, אין „העלדן”. אַלץ, וואָס מען האָט ביי אונז אָנגערעדט וועגן מאַסן־דראַמען, וועגן דער מאַסע אַלס העלד אין דער נייער סאָוויעטישער דראַמאַטורגיע, איז געווען גערעדט פון היץ. די דאָזיקע טענדענץ האָט פאַראורזאַכט די פאַראָרמונג פון אונזער דראַמע. גאָרקי האָט אויפגעהייבן אַ טרעוואָגע. זיין „יעגאָר בוליטשעוו” האָט צוריק אַריינגעפירט דעם איינצעלנעם, דעם „העלד”.

און ווי אין דער דראַמע אויף דער בינע, אַזוי אין דער דראַמע פון גרויסע וועלט־געשעענישן. אַלע סאָציאַלע טרייבקרעפטן ווערן פאַרקערפערט אין איין מענטש, ער ווערט דער סימבאָל פון די געשעענישן. אין דער גרויסער וועלטהיסטאָרישער דראַמע פון דעם רוסישן קאָמוניזם איז סטאַלין אַזאַ סימבאָל.

און מיר נוצן אים אויס, מאַכן פון אים דעם שטאַרקסטן געברויך. סטאַלין האָט זיך געמוזט געבן דערצו, צי ער האָט געוואָלט אָדער נישט. איך בין זיכער, אַז ער מוז קוקן אויף זיך, ווי אויף לענינס פאַרבאַלזאַמירטן קערפער, וואָס איז געוואָרן אַ „הייליקע רעליקוויע”, ווי די הייליקע רעליקוויעס פון קריסטלעכע צדיקים און די אַלטע מאָנאַסטירן. דאָס איז אויך געשען ביי אונז צוליב גרעסערע פאַריייניקונג. איך קאָן אייך גאַראַנטירן, אַז ווען אונזער וועג וועט אַוועק אָן שטערונגען, וועט לענינס קערפער באַגראָבן ווערן, און סטאַלין וועט צוריקציען זיין בילד און נאָמען פון די גאַסן און דער ווייטער עפנטלעכקייט, אָבער ער וועט בלייבן דער סימבאָל. אויך אין די ווייטסטע צייטן. פאַרקערט, וואָס ווייטער, אַלץ מערקווירדיקער און באַדייטנדיקער.

# די דיקטאטור פון מורא

אויף א פארזאמלונג פון רוסישע שריפטשטעלער אין מאסקווע איז דערקלערט געווארן די קינסטלער, אז זיי מוזן זיין גוט באַ־הצוונט אין די ווערק פון מארקס, ענגעלס, לענין און סטאלין. די קינסטלער האָבן עס אויסגעהערט און צוגעשאָקלט מיט די קעפּ. קיינער האָט נישט געפונען דעם מוט עפּעס צו זאָגן, צו דערווי־דערן. דעם מוט האָבן זיי געפונען, ווען זיי זיינען געווען אין די אייגענע פיר ווענט.

„וואָס פאר אן אומזין!" האָט בייז געשיפּעט א זייער באַ־רימטער שריפטשטעלער. „גוט, די קינסטלער וועלן זיך אוועקזעצן און אויסלערנען אלע ווערק פון די פיר זשעניען אויף אויסווייניק. וואו איז אָבער די גאראנטיע, אז זיי וועלן זיי ריכטיק פאַ־שטיין און ריכטיק אויסטייטשן? איינער פון די גרעסטע מארקסיסטן איז געווען פּלעכאנאָוו. אין לענינגראד איז א גאַס אָנגערופן גע־וואָרן אויף זיין נאָמען. דאָס הייסט, מען האָט דרך ארץ פאר אים און זיין וויסן. אָבער ער איז געוועזן דער פירער פון די מענשע־וויקעס. ווי וועלן זיך די קינסטלער פאנאנדערקלייבן? טעאָריע איז גלייכלייניק, ווירקלעכקייט איז זיגזאגיש. די קינסטלער מוזן זיין טריי דער ווירקלעכקייט, וועלן זיי קומען אין קאָנפליקט מיט דער טעאָריע, אָדער זיי וועלן טענהן, מיר האָבן אזוי פארשטאנען די טעאָריע, און דער קריטיקער און דער געזעצ־

געבער וועלן שרייען, אז מען האט אומגליקלעך געמאכט די טעאָריע. איןביידע פאלן אז אך און ווי די קינסטלער!״

געוועזן א רוסישער שריפטשטעלער פרידלאנד, היסטאָרי־קער, קריטיקער און גרויסע אויטאָריטעט. מיט איבער א יאר צוריק האט ער פארעפנטלעכט אן אפהאנדלונג וועגן דעם ענין היסטאָרישער ראמאן פון מארקסיסטיש־לעניניסטישן שטאנד־פונקט. גאנצע עלף חדשים איז זיין טעאָריע פון קיינעם נישט אפגעפרעגט געוואָרן, קיינער האט אין איר נישט אנטדעקט קיין אפיקורסות. זי איז הייסט עס אנגענומען געוואָרן.

אבער אט ווערט פרידלאנד פארמישט אין דעם פראצעס פון די זעכצן, ווערט פאראורטיילט צו פינף יאר זיצן און דער־קלערט אלס טראָצקיסט און „פיינט פון פאָלק״. איצטער האט געמוזט פארניכט ווערן אלץ, וואס ער האט אמאל געזאגט און געשריבן, אויך זיין מארקסיסטיש־לעניניסטישע טעאָריע וועגן דעם היסטאָרישן ראמאן. און טאקע גלייך האט זיך גע־פונען א שריפטשטעלער וויסמאן, וואס האט אין דער צייט־טונג „איזוועסטיא״ באוויזן מיט אותות און מופתים פון מארקסן און לענינען, אז נאר דער טראָצקיסט און באנדיט פרידלאנד האט געקאנט אזוי טעאָריזירן וועגן דעם היסטאָ־רישן ראמאן. ווי זאל זיך דא פאנאנדערקלייבן דער קינסטלער, וואס גייט שרייבן א היסטאָרישן ראמאן?

ריטשארד פיקעל, איינער פון די זעכצן, איז אמאל גע־וועזן מיטארבעטער פון דעם זשורנאל „טעאטער אי דראמאט־טורגיא״. נאך דעם פראצעס האט די רעדאקציע פון דעם זשורנאל געמוזט זיך אליין אפשמייסן, פארוואס דער „באנדיט און זינאָוויעוום איסהאָדעוועניש״ פיקעל, „באנוצנדיק זיך מיט דער אומדערלאזבארער אפשוואכונג פון אונזער וואכזאמקייט אין דער רעדאקציע פון „טעאטער אי דראמאטורגיא״ איז דורכגעקראָכן אויף די זייטן פון דעם זשורנאל, דרוקנדיק זיך ביז מאי 1934.״

איינע פון זיינע לעצטע ארבעטן אין דעם זשורנאל איז געוועזן דער ארטיקל „קריטיק איבער אונזערע קריטיקער״ אין דער אפריל־נומער פון 1934. די סאָוויעטישע קריטיק האט

איין מאָס פאַר אַפּשאַצן זאַכן: די מאַרקסיסטיש־לעניניס־טישע. איז ווי קומט עס, פרעגט פּיקעל, וואָס צוויי קריטיקער שרייבן איבער דערזעלביקער פּיעסע און איינער שרייבט פּונקט פאַרקערט פון דעם אַנדערן? עס איז נאַטירלעך, אַז צוויי מענטשן זאָלן קאָנען אָפּשאַצן אַ זאַך פון פאַרשיידענע שטאַנדפּונקטן, אָבער ווען ביידע פון איין שטאַנדפּונקט, פון אַ פעסטגע־שטעלטן וויסנשאַפטלעכן שטאַנדפּונקט? זיי האָבן געדאַרפט קומען צו איין שלום. ווען זיי קומען נישט צו איין שלום, טאָרן זיי עס נישט אַזוי לאָזן. מוזן זיי אונטערזוכן, וואו ליגט דער טעות. עס פירט זיך אין דער קאַפּיטאַ־ליסטישער וועלט, אַז צוויי קריטיקער זאָגן אַרויס גאַנץ אַנט־קעגנגעזעצטע מיינונגען און עס אַרט זיי נישט. זיי האָבן זייערס אָפּגעזאָגט און פאַרטיק. די סאָוויעטישע קריטיקער טאָרן אַזוי נישט האַנדלען, זיי דאַרף יאָ אַרן. זיי דאַרפן פאַרטיידיקן זייער אויסטייטשונג פון דער מאַרקסיסטיש־לע־ניניסטישער גרונטליניע פון דער סאָוויעטישער וועלט־אָנשוי־אונג. ביי זיי איז נישט שייך אָפּגעזאָגט זייערס און פאַרטיק. זיי מוזן זיך דערגרונטעוווען צום אמת. און פּיקעל ענדיקט זיין אַרטיקל מיט די דאָזיקע ווערטער:

„דער געניאַלער פירער פון אונזער פאַרטיי חבר סטאַלין... האָט גערעדט וועגן... אַ נישט מיד ווערנדיקער פּראָפּאַגאַנדע פון לעניניזם... וועגן אַ מוטיקער קריטיק פון „דעם אָפּנייג פון אייניקע חברים פון מאַרקסיזם־לעניניזם".

„סטאַלינס אָנווייזונגען מוזן מיר אָנווענדן און אויסנוצן אין אונזער קריטישער אַרבעט. די קריטיק איז איינע פון די אידעאָלאָגישע געביטן פון אונזער פאַרטיים אַרבעט. אין דעם איז אַריינגערעכנט אויך די טעאַטער־קריטיק. און אַז זי זאָל ווערן אַן אמת באָלשעוויסטישע, אַ מאַרקסיש־לעניניש־סטאַ־לינשע, דאַרפן מיר אויפהייבן אונזער טעאָרעטישן ניוואָ אויף דער נויטיקער הויך, דאַרף מען מוטיק קריטיקירן די פעלער און אָפּווייכונגען אין אונזערע אייגענע רייען, דאַרף מען (ווי סטאַלין זאָגט) סיסטעמאַטיש אויפדעקן די אידעאָלאָגיע און די רעשטלעך פון דער אידעאָלאָגיע פון די דעם לעניניזם פיינטלעכע שטרעמונגען."

ווען יעדער פון די רעדאקטארן פון דעם זשורנאל וואלט געוועזן מיט הונדערט קעפ, און אלע זיינע צווייהונדערט אויגן וואלטן געוועזן וואך. און אלע זיינע הונדערט נעזער וואלטן געהאט דעם חוש הריח פון א פאליציייהונט, וואלטן זיי אלץ נישט געקאנט אנטדעקן אין דעם דאזיקן אויסגעצייכנטן און זייער גערעכטן ארטיקל, אז זיין מחבר, וואס רעדט נאך אזוי גוט און פרום וועגן דעם געניאלן פירער פון דער פארטיי חבר סטאלין, וועט זיך גאר מיט צוויי יאר שפעטער ארויסווייזן פאר א צוויי־פנימדיקן, אדער ווי זיי זאגן אין רוסיש, צווייהענטיקן „באנדיט", וואס האט געדורשט נאך סטאלינס בלוט! פארוואס האבן זיי זיך געדארפט אליין אפשמיימן? מען האט אפילו אינטערגערעדט אין מאסקווע, אז דער פאראנטווארטלעכער רעדאקטאר אפינאגענאוו וועט אראפ פון בענקל... וואס פאר א העסלעכע, אוממעגלעך־העסלעכע שפיאן־באציאונג צום ווארט! דאס איז דערשטיקונג פאר שאפנדיקע כוחות.

יעדער קינסטלער האט גאנץ אפט אויסצושטיין א שווערן געראנגל מיטן ווארט. ער ווייס, וואס ער וויל זאגן, האט פאר זיך די פולע זעאונג, אבער קאן נישט געפינען די ריכטיקע ווערטער. אפט גאר נאר איין ווארט. א, ווען ער האט נאר אט דאס איין ווארט! ווי לייכט וועט אים ווערן! ווי וועט עס אויפזינגען אין אים!

אבער דער סאוויעטישער קינסטלער האט פאר זיך גאר אן אנדער ווארט־געראנגל, א געראנגל, וואס האט גארנישט צו טאן מיט זיין קונסט. ער מוז גאר אכטונג געבן, אז זיינע ווערטער זאלן זיין פאליטיש ריכטיקע. אט האט ער געפינען דאס ווארט, וואס ער האט געזוכט אלס קינסטלער. עס האט אויפגעיובלט אין אים. ער קאן זיך צוזינגען. אבער — שטיי! דאס קינסטלעריש נויטיקע ווארט איז גאר א פאליטיש נעפערלעך ווארט. עס איז צווייִדייטיק, קאן שלעכט אויסגעטייטשט ווערן. עס קאן פון אים ארויסגעלייענט ווערן אן אפנייג. פארזיכטיק, ביכטער, דיין געפונען ווארט קאן דיך

:אָך ארויסברענגען אויפן פייער! היט זיך, עמיצער קאָן אין אים ארייגלייגען טראַצקיזם...

קיין אויטאָר קאָן נישט זיין זיכער מיט זיך און זיין ווערק די שטרענגע צענזור וועט דורכלאָזן, די קריטיק וועט לויבן, דאָס פּובליקום וועט הנאה האָבן, אָבער פּלוצלונג וועט עמיצער אַנטדעקן אין דעם ווערק אַן אָפּנייגעריזשן, אפּיקורסישן מיין, וועלכער האָט זיך דעם מחבר אפילו נישט געחלומט, און דאָס ווערק איז פאַרלאָרן.

אזעלכע געפּסלטע ווערק זיינען פול און פיל אין ראַטנ־פאַרבאַנד. פּיעסן זיינען אויפגעפירט געוואָרן, ביכער זיינען אָפּגעדרוקט געוואָרן. זיי האָבן געהאַט די דערלויבניש פון דער צענזור. וועלכע האָט זיי גוט דורכגעטרייבערט, ביז זי האָט זיי דערקלערט פאַר כשר, און פּלוצלונג אַ געשריי: זיי זיינען טרייף! רירט זיך נישט צו צו זיי! וואַרפט זיי ארויס!

די פּיעסע „פאַרשווערונג פון גלייכע" איז אויפגעפירט געוואָרן אין דעם בארימטן „קאַמערני טעאַטער" נאָכדעם, ווי זי איז דורכגעגאַנגען אַלע מעגלעכע אינסטאַנצן, וועלכע זיינען משגיח אויף כשרות. און פּלוצלונג אַ ליאַרם: אַראָפּ מיט איר! דאָס איז „טראָצקיסטישע רכילות, וועלכע גיט זיך ארויס פאַר געשיכטע"! אויך די פּיעסע „דער פּאַרטייבילעט", וועלכע איז געגעבן געוואָרן אין דעם „טעאַטער פון דער רע־וואָלוציע", איז נאָך דער אויפפירונג דערקלערט געוואָרן פאַר טראָצקיסטיש און פאַרשוואונדן פון דער בינע. דאָסזעלבע איז געשען מיט דער פּיעסע „נישט אויסמאַכנדיק זיך פון פער־זאָנען", וואָס איז אויפגעפירט געוואָרן אין דעם טעאַטער „פּראָלעטקולט". און אָט ערשט די אָפּערע „באָגאַטירי", וואָס איז געשריבן געוואָרן פון דעם דיכטער פון דער רעוואָלוציע דעמיאַן בעדני. האָט ער אַן אָפּנייג? וויל ער אַן אָפּנייג? האָט טאַאיראָוו דער דירעקטאָר פון דעם קאַמערני טעאַטער אַן אָפּנייג? זיינען די קריטיקער, וועלכע האָבן געלויבט דעמיאַן בעדנים אינהאַלט און ווערטער, אָפּנייגער? ניין. אָבער זיי האָבן נישט געוואוסט די מיינונג פון דעם קאָמיסאַר

סקרעזשענצעוו. איצטער ווייסן זיי און שלאָגן זיך על חטא.

דער יידישער דיכטער משה קולבאַק האָט אָנגעשריבן א דראמע וועגן א יידישן גזלן באָיטראָ. איך ווייס נישט, אויף וויפל דער באַגנאַדעטער דיכטער קולבאַק איז באַהאַוונט אין מארקס־לענין־סטאַלין, אָבער אויף אַזויפיל איז ער שוין סאָוויעטישער שרייבער, אַז ער האָט געזוכט די דערקלערונגען פאַר א יידישן גזלן אין דעם יידישן קלאַסנקאַמף. ווען די פיעסע איז אָנגעקומען אין די הענט פון די טעאַטערלייט, האָט מען ערשט אָנגעהויבן אויסצושטאָפּן זי מיט מארקס־ענגעלס־לענין־סטאַלין. ער האָט באַלד שוין נישט דערקענט זיין ווערק. און אָט לייען איך אין „איזוועסטיא“, אַז דאָס מאָסקווער יידישע טעאַטער איז באַגאַנגען א טעות מיט אויפפירן קולבאַקס „באָיטראָ“...

דוד בערגעלסאָן האָט מיר דערציילט, אַז ער איז שוין פאַרטיק מיט דעם צווייטן טייל פון זיין „פּענעק“, און דער צווייטער טייל איז א סך בעסער פאַר דעם ערשטן. האָט עס מיך זייער געפרייט צו הערן און האָב עס דערציילט אַן אַנדערן יידישן שרייבער אין מאָסקווע. אָבער דער אַנדער יידישער שרייבער האָט מיר געזאָגט — הלוואי זאָל עס ליגן זיין: — אַז דער דאָזיקער צווייטער טייל פון „פּענעק“ וועט אפשר זיין דער סוף פון בערגעלסאָנען. די אַרט און ווייזע, ווי ער שילדערט דאָרטן איינע פון זיינע געשטאַלטן, א קאָמוניסט, וועט אים נישט אַראָפּגיין גלאַט...

בערגעלסאָן, ווייזט אויס, ווייס שוין עפּעס דערפון, ווייל ער האָט מיר געזאָגט, אַז אין זיין ווייטערן שאַפן וועט ער זיך האַלטן אָן דעם עבר... אָן דער פאַרגאַנגענהייט, וועלכע ער קען אַזוי גוט, אָן די צייטן פון „אַרום וואָקזאַל“ און „נאָך אַלעמען“. דאָרטן וועט ער זיך נישט אויסגליטשן...

אָבער אויך דאָרט: קאָן ער גישט זיין זיכער פון דעם אריינטייטש... אָ, דער אריינטייטש!

ביים שלום פון מיין דראמע „איסאַק פּיניעוו“ דערשיסט פּיניעוו א באַבאַרניק, וואָס איז געוועזן אין דער ארבעטער־באַוועגונג און אין דער רעוואָלוציע צוליב קאַריערע. א צוויי־

טער באָלשעוויק קלאַפּט פּיניעון אויפן פּלייצע: „געטאָן, וואָס געמוזט.“ און פּיניעו. א באָלשעוויסטישער קאָמיסאַר, דערווידערט: „איך וועל ווידער טאָן, וואָס איך מוז... דער קאַמף איז נאָך פאַרויס. א גרויסער, שווערער קאַמף...“ און מיט אַן אָנווייז אויף דעם פאַרגאָסענעם בלוט זאָגט ער: „דאָס האָט נישט געקאָנט פאַרמיטן ווערן.“ און ער ענדיקט, רעדנדיק צו זיין געליבטער: „איצטער ברויך איך ליבע. די וואַרעמקייט פון ליבע. זי מוז אָוועקנעמען די בלוטקעלט פון מיין האַרץ. ווי שיין, ווען קיין בלוט וואָלט נישט פאַרגאָסן געוואָרן...“

וואָס האָט איר דאָ פאַר זיך? א רעוואָלוציאָנער, וואָס דענקט, אַז עס וואָלט געוועזן זייער שיין, ווען די רעוואָלוציע וואָלט געקאָנט דורכגעפירט ווערן אָן בלוטפאַרגאָס. נאָר ליי־דער קאָן עס נישט פאַרמיטן ווערן, און ער האָט פאַרגאָסן בלוט, ווען ער האָט געמוזט, און ער וועט עס ווידער טאָן, ווען ער וועט מוזן.

אָבער דער סאָוויעטישער שרייבער ש. קליטעניק מאַכט אויף דעם אַזאַ פּירוש:

„דער רעוואָלוציאָנערער טעראָר, וואָס די באָלשעוויקעס ווענדן אָן קעגן די מערדער פון אוריצקין, וואָלאָדאַרסקין, קעגן די אָנפאַלער אויף לענין, קעגן דער צובושעוועטער קאָנטררעוואָלוציע שרעקן אָפּ דעם „באָלשעוויסטישן קאָמי־סאַר“ איסאַק פּיניעו. ער קערט זיך אָפּ פון דער רעוואָלוציאָ־נערער אַרבעטער־באַוועגונג, ווערט אין תוך א פיינט פון דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער־באַוועגונג...“

האָט דאָס געשריבן א רשע אָדער א נאַר אָדער איינער, וואָס פאַרשטייט נישט, וואָס ער לייענט? אָבער פאַרפאַלן! מיין דראַמע וועט זיך שוין קיינמאָל נישט קאָנען אויסקויפן.

אַט די מעגלעכע אוממעגלעכע אַריינטייטשונגען מאַכן דעם סאָוויעטישן שריפטשטעלער אומזיכער. ער איז ווי א שטריקגייער, ווען מען רוקט אין די הענט פאַר א באַלאַנ־סיר־שטעקן די ווערק פון מאַרקס־ענגעלס־לענין־סטאַלין. אָבער אַפילו מיט דעם דאָזיקן באַלאַנסיר־שטעקן אין די הענט באַ־

װעגט ער זיך פול מיט שרעק און מורא פאר די פלוצימדיקע שטורים פון די אריינגייטשער...

איז עס א חידוש, וואס א סך שריפטשטעלער — שריפט־שטעלער, וואס האבן זיך דערוואָרבן א גרויסן נאָמען — האָבן אײַנגעהערט צו שרייבן? אין אן ארטיקל „שרייבער, וואס זיינען אנטשווינדן געוואָרן" איז אויך דערמאָנט געוואָרן דער זייער טאלאנטירטער באבעל.

מיט עטלעכע יאָר צוריק איז אין א ניו־יאָרקער קלוב פאָרגעקומען א סימפּאָזיום אויף דער טעמע „קונסט אונטער דיקטאטור". איך בין געוועזן איינער פון די באטייליקטע און האָב דאָרטן געזאָגט: די שריפטשטעלער ארבעטן אויך דאָ אין אמעריקע אונטער דיקטאטור — אונטער דער דיקטאטור פון דעם געשמאַק פון פובליקום... ווייל איך בעסער ארבעטן אונטער דער דיקטאטור פון אן אידעע. אַנשטאָט צו באדויערן די רוסישע שריפטשטעלער, מעגן מיר ארויפקוקן צו זיי...

איך האָב דעמאָלט נישט געוואוסט פון דער ערגסטער דיקטאטור — פון דער דיקטאטור פון מורא. דער סאָוויעטישער מענטש פון גאס קען זי נישט, דער סאָוויעטישער אר־בעטער אין דער פאבריק און אין די מינען קען זי נישט, דער סאָוויעטישער פויער אין די קאָלכאָזן קען זי נישט. אָבער זי שטייט, ווי א שרעקלעכער פאנטאסטישער מחבל איבער דעם סאָוויעטישן אינטעליגענט און דער עיקר דעם שריפטשטעלער, זויגט ארויס פון אים יעדן טראָפּן לעבע־דיקייט, פילט אים אָן מיט אומזיכערקייט, באדריקט זיינע געדאנקען און לייגט זיך בארגשווער אויף זיין שאפונגס־קראפט.

איז עס דערפאר אויך קיין חידוש נישט, וואס די רו־סישע ליטעראטור איז איצטער אזוי אָרעם.

# סאָציאַליזם איז נישט קיין עטישע אידעע, נאָר אַן עקאָנאָמישע לעבנספאָרם

מיר זיינען געזעסן אין אַ צימער און האָבן געשעפּטשעט. דאָס איז געווען אונזער צווייטע וואָך אין סאָוויעט־רוסלאַנד, און אויך איך און מיין פרוי האָבן זיך אויסגעלערנט צו שעפּטשען. אונזערע פיר געזעלשאַפטלער — דריי מענער און איין פרוי — האָבן געשעפּטשעט אויס געוווינהייט.

דאָס זיינען געווען דריי ברידער — דער עלטערער אַ דאָקטאָר, דער צווייטער אַ דיכטער, דער דריטער, דער יינגסטער, אַן אָנגעשטעלטער אין אַ צייטונג. די פרוי איז געווען דעם דיכטערס ווייב און אַליין אַ מאָלערין. פון זיי אַלעמען איז נאָר דער צייטונגסמענטש געווען אַ מיטגליד פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, און פון די אַלע פיר האָט ער אַליין גערעדט מיט פעסטער אויטאָריטעט, מיט אַ טאָן וועלכער האָט פאַרבאָטן ווידערשפּרוך.

דער ערשטער טייל פון דעם שטילן געשפּרעך איז געווען אַמעריקע. זיי האָבן געוואָלט וויסן, וואָס עס טוט זיך אין אַמעריקע. ווי שטייט עס מיט די צען מיליאָן אַרבעטסלאָזע? פאַרגרעסערט זיך דער הונגער? בעסערן זיך די צייטן?

די נישט־פּאַרטייער האָבן אויפגענומען אונזערע ענטפערס שטאַרק פאַראינטערעסירט, ווי עפּעס וואָס זיי האָבן

ביז איצט נישט געוואוסט און איצטער וועלן זיי וויסן. אָבער דער באַרטייער האָט אויפגענומען אונזערע ענטפערס מיט א שמייכל. וועלכער האָט אונז געדאַרפט לאָזן וויסן, אַז ער וויים בעסער, זאָגן אויב ער האָט וואָס געפרעגט, איז עס נאָר דערפאַר, ווייל ער האָט זיך געוואָלט איבערצייגן ווי ווייט די אַמעריקאַנער ווילן פארלייקענען דעם אמת און מאַכן א גן עדן פון זייער גיהינום, אָדער ווי ווייט זיי וויסן טאַקע אַליין נישט, וואָס עס קומט פאָר ביי זיי אין לאַנד. און כאָטש ער האָט שוין געוואוסט, אַז איך האָב קיין אַנונג נישט פון דעם, וואָס עס טוט זיך אין אַמעריקע, האָט ער נאָך אַלוויסנדיק אַרויסגעשמייכלט, וואָס מיין איך וועלן זיין די רעזולטאַטן פון די וואַלן, און ווי וועלן אַרויסקומען פון זיי די אַרבעטער־פאַרטייען, די קאָמוניסטישע און די סאָציאַליסטישע, אויב די עקזיסטירט נאָך.

אָבער אויך איך האָב שוין געוואוסט, וואָס ער וויים און ווי ער וויים, און וואָס פאַר ענטפערס ער אַליין וואָלט געגעבן אויף די דאָזיקע פראַגן. ער האָט מיך גערייצט צו ווידערשפרוך, און אין יענעם מאָמענט בין איך געוואָרן נביא און פאָרויסזאָגער אַזוי גוט, ווי מאַרלי, דער פירער פון דעם רוזוועלט־קאַמפיין. איך האָב פאָרויסגעזאָגט, אַז רוזוועלטס זיג וועט זיין אַ מבול, וואָס וועט אַראָפּשווענקען אַלע קעגנער און אָנמאַכן אַ גרויסן חורבן אין די אַרבעטער־פאַרטייען.

ער האָט זיך צולאַכט:

„איר וועט שוין האָבן א סיורפריז!"

„דהיינו?"

„די קאָמוניסטישע פאַרטיי וועט אַרויסקומען אַלס איינע פון די שטאַרקסטע פאַרטייען אין לאַנד."

איצטער האָבן מיר זיך צולאַכט.

אָבער ער איז נישט נתפעל געוואָרן. ער האָט די ציפער אין דער האַנט. מיליאָנען שער־קראָפּערס, מיליאָנען שוואַרצע, אַ גרויסער טייל פון די זעכצן מיליאָן אַרבעטסלאָזע. וועלכע זיינען שוין זאַט פון רוזוועלטס פאַרשפּרעכונגען, און אַ גרויסע מאַסע פון דער אינטעליגענץ און שטודירנדיקער יוגנט...

„רעכנט צוזאַמען, וועט איר שוין זען. דעמאָלט וועט איר נישט לאַכן."

איך האָב אים צוגעוואונטשן, ער זאָל נישט דאַרפן אַנ־טוישט ווערן. איך האָב זיך נישט געוואָלט מיט אים אַמפּערן, געוואָלט אַריבערטראָגן דעם געשפּרעך אויף סאָוויעט־רוסלאַנד.

דאָס זיינען געווען געציילטע טעג נאָך דעם אומגליקלעכן פּראָצעס פון די זעכצן, און מיר האָבן געזוכט אַריינצודרינגען אין די באַהעלטענישן פון דעם רוסישן געוויסן. שוין אויף מאָרגן נאָך דעם פּראָצעס, אין דעם טאָג, ווען מיר זיינען אָנגעקומען אין ראַטנפאַרבאַנד, האָבן מיר געשטוינט איבער דער גלייכגילטיקייט צו דער גאַנצער געשעעניש. מען האָט אויפגענומען דעם טויטאורטייל און זיין שנעלע אויספירונג ווי עטוואָס זעלבסטפאַרשטענדלעכס, און מען איז רואיק אַריבער צו דער ווייטערער טאָגאָרדנונג. קיין איין אויסדרוק נישט פון צווייפל אין דער ריכטיקייט און דער גערעכטיקייט, קיין איין וואָרט נישט פון פּראָטעסט. די אומגעבראַכטע זיי־נען דאָך נישט געווען אַבי ווער. זיי זיינען דאָך יאָרנלאַנג געשטאַנען אין שפּיץ פון דער מאַרשירנדיקער רעוואָלוציע. זיי זיינען אַ טייל פון איר העלדישער געשיכטע. זיי זיינען אין איר וויכטיקע באַדייטונגספולע בלעטער. ווי קאָן מען זיי אַזוי אַכזריותדיק אַרויסרייסן? אַזוי שענדלעך אויסמעקן? אָבער קיין איין וואָרט פון באַדויער, קיין איין זיפץ. ווי איז עס מעגלעך? וואו איז כאָטש אַ ביסל געוויסן?

און איך האָב געשעפּטשעט פאַר מיינע פיר געזעל־שאַפטלער:

„אָט האָבן מיר געלייענט אַלע איינצלהייטן פון דעם פּראָצעס, און דאָך גלויבן מיר נישט אין זיין ריכטיקייט. זיי האָבן זיך אַליין מודה געווען, און מיר גלויבן נישט, קאָנען נישט גלויבן. עס שטימט נישט מיט דעם, וואָס מיר ווייסן וועגן רעוואָלוציאָנערן אין גערינכט. ווי איז עס מעגלעך, אַז די, וואָס האָבן געמאַכט די רעוואָלוציע און יאָרנלאַנג געפירט זי — מענטשן מיט וויסן, מענטשן דענקענדיקע, און מענטשן

מיט מוט — זאָלן זיך אַזוי פּחדניש און אַזוי אידיאָטיש־פּוסטקעפּיק באַנעמען איבער פּראָצעס, ווי זיי וואָלטן קיינמאָל קיין געדאַנקען נישט געהאַט, קיינמאָל נישט געקעמפט פאַר אַן אייגענעם שטאַנדפּונקט און קיינמאָל אַזאַ גאָר נישט גע־האַט? די זעכצן אומגעבראַכטע...״

„נישט זעכצן, נאָר זעכצנטויזנט,״ האָט אַרויסגעשעפּ־טשעט דער דאָקטאָר.

איך און מיין פרוי האָבן אים דערשטוינט אָנגעקוקט, און ער האָט ווייטער געזאָגט אין גלייכגילטיקן טאָן:

„זעכצנטויזנט זיינען אין דעמ׳עלביקן טאָג אומגעבראַכט געוואָרן.״

דעם פּאַרטייערס געזיכט האָט אָנגענומען אַ האַרטן בייזן אויסדרוק.

„ווי זאָגסטו עס?!״ האָט ער אַרויסגעבייזערט.

דער דיכטער האָט זיך אַריינגעמישט:

„זעכצנטויזנט אפשר נישט. אָבער פינפטויזנט אוודאי.״

„ווי ווייסטו עס?״ האָט דער פּאַרטייער שטרענג אַ פרעג געטאָן.

ער איז געווען גערעכט מיט דער דראַזיקער פראַגע. אויב אַפילו עס זיינען אומגעבראַכט געוואָרן מער ווי די זעכצן געריכטלעך פּאַראורטיילטע, קאָן עס קיינער נישט וויסן, און געוויס קאָן קיינער נישט וויסן די גענויע צאָל. אָבער נישט דער דאָקטאָר און נישט דער דיכטער און נישט זיין פרוי, וועלכע האָט מיט איערע אויגן אונז באַשטעטיקט איר מאַנס ציפער, האָבן נישט געפונען פאַר נייטיק צו ענטפערן דעם פּאַרטייער. עס איז געווען אין זייער שווייגן, ווי זיי וואָלטן אים געענטפערט, אַז ער ווייס דאָך צו גוט, אַז עס זיינען אומגעבראַכט געוואָרן אין יענעם טאָג אַ סך אַ סך מער ווי די זעכצן. און דאָך האָב איך נישט געקאָנט אויסכאַפּן, צי זיינען זיי אומצופרידענע פּראָטעסטלער אָדער נישט. זיי האָבן אַרויסגערעדט זייערע ציפער מיט אַ גלייכגילטיקייט, ווי עס וואָלט זיך געהאַנדלט וועגן זעכצן טויזנט אָדער פינפטויזנט צודריקטע מאָסקיטאָס...

איך האָב פאַר איבעררראַשונג פאַרגעסן, וואָס איך האָב געוואָלט זאָגן, און אָנגעהויבן עפּעס אַנדערש.

„אַ טעאָריע איז אויסגעשפּראָכן געוואָרן,“ האָב איך געזאָגט, „ווייט נישט קיין מאַרקסיסטישע טעאָריע, אַז קיין איין גרויסע סאָציאַל־עטישע אידעע קאָן נישט געווינען דורך געוואַלט און בלוטפאַרגאָס.“

קיינער פון די פיר האָט נישט געמאַכט קיין שום באַ־מערקונג צו דער דאָזיקער טעאָרעמע. זיי האָבן געוואַרט, וואָס האָב איך נאָך צוצוגעבן, און איך האָב ווייטער געזאָגט:

„אַ גרויסע סאָציאַל־עטישע אידעע וועט וואַקסן און פאַרשפּרייטן זיך אין איר גאַנצקייט און שיינקייט און ניצ־לעכקייט אַזוי לאַנג, ווי אירע פרייידיקער וועלן זיך אַליין מקריב זיין פאַר איר, אָפּגעבן זייער אייגן בלוט. אין זייער בלוט, מיט זייער בלוט וועט זי לעבן און וואַקסן. אָבער ווען זיי וועלן אָנהייבן פאַרגיסן אין איר נאָמען דאָס בלוט פון אירע קעגנער, פון די, וואָס ווילן זי נישט אָננעמען, וועלן זיי זי אומברענגען.“

מיינע צוהערער האָבן ווייטער געשוויגן. נאָר דער פאַר־טייער האָט אָנגעקנייטשט דעם שטערן מיט אַ היפּש ביסל איראָניע, ווי ער וואָלט הייזעריק געפרעגט: צום ביישפּיל? אָבער איך בין שוין געווען גרייט מיט דעם ענטפער:

די קריסטלעכע אידעע פון מענטשנליבע האָט זיך פאַר־שפּרייט, כל זמן זי איז געווען די רעליגיע פון זעלבסט־אָפּפערונג. אין דעם מאָמענט אָבער, ווען מען האָט זי גענומען אַרויפצווינגען מיט פייער און בלוט אויף די פעלקער, וועלכע האָבן זי נישט געקענט און נישט געוואָלט קענען, איז זי אַליין דערמאָרדעט געוואָרן. איר נשמה איז אַרויף אין הימל, און אין איר טויטן אויסגעליידיקטן קערפּער האָבן זיך אַריינ־געקליבן די מורא פאַר דעם אַלטן גאָט אין הימל און אַ בלומרשטיקע ליבע צום סימבאָל פון דער מענטשנליבע, אַ דאַנקבאַרקייט צו אים דערפאַר, וואָס ער האָט גענומען אויף זיך דעם טויט פאַר די זינד פון די מענטשן, די געבאָרענע און נאָך נישטגעבאָרענע, ביז צום סוף פון אַלע דורות. די

ישועה, וועלכע דאָס קריסטנטום האָט פאַרשפּראָכן דער ליידנדיקער מענטשהייט, איז נישט געקומען. די מענטשנליבע, וועלכע האָט געדאַרפט אויסגלייכן אַלע מענטשן צווישן זיך און אָפּשאַפן הערשער און באַהערשטע, איז דערטרונקען געוואָרן אין דעם בלוט פון די נישט־גלויביקע, וואָס אירע פריידיקער האָבן פאַרגאָסן. די מענטשן זיינען ווייטער געבליבן צווישן זיך ווי וועלף. דאָס קריסטנטום איז געוואָרן אַ פאַלשער משיח. די ליידנדיקע אַרבעטנדיקע מענטשהייט איז נישט אויסגעלייזט געוואָרן... צי וועט אויך נישט דער סאָציאַליזם..."

דער פאַרטייער האָט מיך נישט געלאָזן ענדיקן.

„איך ווייס, וואוהין איר צילט," האָט ער געזאָגט. „איז ערשטנס, ווער דאַרף זיך רעכענען מיט דערדאָזיקער טעאָריע? איר האָט דאָך אַליין געזאָגט, אַז זי איז נישט מאַרקסיסטיש. דאָס קריסטנטום האָט באַנקראָטירט צוליב גאָר אַנדערע סיבות, צוליב טאַקע יענע סיבות, וועלכע אונזער סאָציאַליזם האָט אָפּגעשאַפט. אָבער צוגעגעבן פאַר אַ מאָמענט, אַז אייער טעאָריע איז גערעכט, איז ווער זאָגט אייך, אַז סאָציאַליזם איז אַן עטישע אידעע?..."

„ווי?! איז נישט סאָציאַליזם..."

„אַלץ אין דער וועלט, אָבער נישט קיין עטישע אידעע, נישט קיין צוקראָכענע מענטשנליבע און אַזוי ווייטער. סאָציאַליזם איז סאָציאַל־עקאָנאָמיש, איז אַ פאָרם פון לעבן, ווי דער קאַפּיטאַליזם איז אַ פאָרם פון עקאָנאָמישן לעבן. די קאַפּיטאַליסטישע פאָרם פון עקאָנאָמישן לעבן מיינט קלאַסנהערשאַפט, מיינט פּריוואַט־אייגנטום פון פּראָדוקציע־מיטלען, מיינט אויסבויטונג פון איין מענטש דורך דעם אַנדערן, מיינט רייכע הערשער און אָרעמע באַהערשטע. די סאָציאַליסטישע פאָרם פון עקאָנאָמישן לעבן מיינט אָפּשאַפונג פון קלאַסן, פון פּריוואַט־אייגנטום פון די פּראָדוקציע־מיטלען, פון אויסבויטונג, פון רייכער הערשאַפט און אָרעמער קנעכטשאַפט. יעדע פאָרם פון עקאָנאָמיק קאָן איינגעפירט ווערן, ווי עס גיט זיך. דער סאָציאַליזם האָט געמוזט איינגעפירט ווערן דורך רעוואָלוציע, ווייל דער קאַפּיטאַליזם האָט זיך נישט געוואָלט אָפּטראָגן מיט גוטן, און

רעוואָלוציע מיינט בלוט. האָט מען פאַרגאָסן בלוט, פאַרגיסט מען בלוט, אָבער די סאָציאַליסטישע עקאָנאָמיק טריאומפירט. קלאַסן זיינען אָפּגעשאַפט געוואָרן, פּריוואַט־אייגנטום פון פּראָ־דוקציע־מיטלען איז אָפּגעשאַפט געוואָרן, אויסבויטונג איז אָפּ־געשאַפט געוואָרן, קאָלעקטיוויזירונג פון דער ערד איז איינגע־פירט געוואָרן. איצטער אַז דידאָזיקע פאָרם פון לעבן, וועלכע הייסט סאָציאַליזם, וועט ביי אונז איינגעפונדעוועט ווערן, באַ־פעסטיקט ווערן, וועט אויפהערן מורא צו האָבן פאַר פיינט און פאַרראַט, וועלן זיך אין איר אַריינגיסן אַלע אַנדערע. די עטישע, אידעען פון דער מענטשהייט. אָפּשאַפונג פון מלחמות, אייבי־קער שלום, פאַרניכטונג פון אימפּעריאַליזם, פאָלק וועט נישט הערשן איבער פאָלק, ווי מענטש וועט נישט אויסבויטן מענטש. אדרבא ווערט דאָ באַקאַנט, ווי אונזער סאָציאַליזם האָט שוין געלייזט די נאַציאָנאַלע פראַגע..."

„האָט איר דאָ נישט קיין פּריווילעגירטן קלאַס?"

„וואָס?!" האָט ער אויפגעשריען. „ווער איז ער?"

„אָט באַטש די קאָמוניסטישע פּאַרטיי."

„דאָס זאָגט מען אין אויסלאַנד?"

„און אפילו פריינט פון דער רעוואָלוציע."

„אַזעלכע פריינט זיינען זיי... וואָס פאַר אַן אומזין! אָט בין איך אַ פּאַרטיי־מיטגליד און זיי נישט. זאָלן זיי אייך זאָגן, וועלכע פּריווילעגיען האָב איך, וועלכע זיי האָבן נישט. סיידן די פּריווילעגיע אַכטונג צו געבן, זיי זאָלן קיין נאַרישקייט נישט רעדן... נעמען מיר זיך אַוועק די בעסערע שטעלן? אַר־בעטן מיר נישט פונקט אַזוי שווער און ווערן מיר נישט באַ־צאָלט מיט אַלעמען צוגלייך? איך פאַרדין אַ סך ווייניקער פאַר אים..." ער האָט אָנגעוויזן אויף דעם דיכטער.

„ווי איז עס מיט דער פּריווילעגיע צו באַשטימען, וואָס אַזוינס איז נאַרישקייט?" האָב איך געפרעגט. און ער האָט געענטפערט:

„איך האָב אייך נישט געזאָגט, אַז מיר האָבן אָפּגעשאַפט די דיקטאַטור, אָבער דאָס הייסט נישט אַ פּריווילעגירטער קלאַס."

„אָבער איר האָט דאָ רייך און אָרעם...״

„מער־פאַרדינער און ווייניקער־פאַרדינער,״ האָט ער אונ־טערגעזאָגט. „נו איז וואָס? איז דעם מער־פאַרדינער בעסער, דעם ווייניקער־פאַרדינער ערגער. פאַראַן אויך געזונטע און קראַנקע. איז דעם געזונטן בעסער, דעם קראַנקן ערגער. פאַראַן אויך שיינע און מיאוסע, איז דעם שיינעם בעסער, דעם מיאוסן ערגער. דאָס שטעלט אָבער קיינעם נישט איבער דעם אַנדערן. מיר האָבן אַבסאָלוטע גלייכהייט.״

„און פרייהייט?״

„אויך פרייהייט, אויב איר ווילט וויסן.״

„פרייהייט נאָכצורעדן, וואָס מען הייסט, פרייהייט צו טאָן וואָס מען פאָדערט, פרייהייט צו דענקען, ווי עס איז פאָר־געשריבן...״

„ווערט נאָר נישט סאַרקאַסטיש. א י י ע ר פרייהייט אין אייער דעמאָקראַטיע איז דאָך בלויז די פרייהייט צו צופּאַסן זיך צו די פאָדערונגען פון די ברויטגעבער. אָט וועט איר גלייך אַרויסקומען און דערציילן, אַז ביי אייך אין דער איבערקאַפּי־טאַליסטישער אַמעריקע איז דערלויבט אַפילו אַ קאָמוניסטישע פּאַרטיי, און ביי אונז דאָ זיינען אַלע פּאַרטייען, אויסער דער קאָמוניסטישער, פאַרבאָטן. וועל איך אייך זאָגן: עס איז אַזויפיל אומגליק און נויט און עלנט און האָפענונגסלאָזיקייט אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט, אַז אָדער עס קומט אויס צו פאַרמאַכן די מיליאָנען און אָבערמיליאָנען האָפענונגסלאָזע דעם מויל מיט געוואַלט, ווי עס טוט דער פאַשיזם, אָדער לאָזן זיי פריי אָראָפּרעדן זיך פון האַרצן, אַבי זיי זאָלן קיין רע־וואָלוציע נישט מאַכן. האָט איר אין אַמעריקע פאָרלויפיק אויסגעקליבן די צווייטע מעטאָדע. מיר האָבן דאָ נישט קיין האָפענונגסלאָזע, וואָס זאָלן דאַרפן עפּעס אַראָפּשרייען פון האַרצן. עס איז פאָרלויפיק ענג און שלעכט, ווייסן אַלע, פאַר־וואָס עס איז ענג און שלעכט, און אַלע ווייסן, אַז עס וועט באַשטימט ווערן בעסער, ווייל עס איז שוין געוואָרן בעסער און עס ווערט בעסער מיט יעדן טאָג. איך בין זיכער, אַז איר האָט עס זיך דאָ גענוג אָנגעהערט פאַר די אַכט טעג, און איר

וועט זיך עס מער און מער אָנהערן, אַז איר וועט באַרייזן דאָס לאַנד...״

„און איך וויל נאָך צוגעבן,״ האָט זיך דער דיכטער אַריינגעמישט, „אַז סאָציאַליזם פירט צו דעמאָקראַטיע, אָבער דעמאָקראַטיע פירט קיינמאָל נישט צו סאָציאַליזם. מיר וועלן דאָ האָבן דעמאָקראַטיע מיט אַלץ, וואָס איז שיין און גוט אין איר, אָבער איר וועט אין אייער דעמאָקראַטיע נישט האָבן קיין סאָציאַליזם, סיידן איר וועט דאָרטן אַ ביסל אונטערשטופּן... איז וואָס ווילט איר בעסער: סאָציאַליזם, וואָס פירט צו דעמאָקראַטיע, אָדער בלייבן ביי דעמאָקראַטיע, וועלכע וועט אייך קיינמאָל דעם סאָציאַליזם מיט גוטן נישט געבן?״

„סאָציאַלדעמאָקראַטן גלויבן נישט אין דעם קיינמאָל.״

„זיי האָבן נאָך נישט גענוג אָפּגעלערנט,״ האָט געזאָגט דער פּאַרטייער. „אָבער ווייסט איר: אויב אייער דעמאָקראַטיע וועט אָפּשאַפן ביי זיך קאַפּיטאַליזם און איינפירן ביי זיך סאָציאַליזם, וועט עס זיין, ווייל זי וועט געצוואונגען זיין נאָכצומאַכן אונז און איבערנעמען אונזער פאָרם פון לעבן. דעמאָלט האָבן מיר פאַרגאָסן אייגן און פרעמד בלוט נישט נאָר פאַר זיך, נאָר פאַר אייך אויך...״

## ווי סאָוויעטרוסלאַנד האָט געלייזט די נאַציאָנאַליטעטן - פראַגע

„אדרבא ווערט דאָ באַקאַנט, ווי אונזער סאָציאַליזם האָט געלייזט די נאַציאָנאַליטעטן־פראַגע!" האָט אונז צוגערופן אין מאָסקווע אַ מיטגליד פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

אַ קליין ביסל זיינען מיר שוין באַקאַנט געוואָרן מיט דעם אין אונזער ערשטן טאָג אין מינסק, וואָס איז איצטער די הויפּטשטאָט פון דער סאָציאַליסטישער סאָוויעטישער רעפּובליק בעלאַרוסיאַ.

איך בין אַ געבאָרענער פון בעלאַרוסיע, אָבער זי איז פאַר מיר געוועזן רוסלאַנד. איך האָב געוואוסט, אַז דער עכטער בעלאַרוס רעדט אַן „אַנדער" רוסיש. אָבער איך האָב אויך געוואוסט, אַז ער רעדט זיין „ערגער" רוסיש, ווייל ער איז נישט־געלערנט, ווייל ער האָט קיין שולע נישט באַזוכט. קומט ער נאָר אַריין אין אַ שולע, ווערט זיין שפּראַך „אמת" רוסיש. די בעלאָרוסישע אינטעליגענץ פון מיין געבורטשטאָט מאָהליוו האָט גערעדט רוסיש, נאָר דער מוזשיק אין דאָרף און דער אומוויסנדיקער מעשטשאַנין אין שטאָט האָבן פּאַרמיאוסט אונזער געהער מיט אַ שווערן דיאַלעקט, מיט אַ מין קאַריקאַטור און פאַרשוועכונג פון דער רוסישער שפּראַך.

ווי איבערראַשט בין איך געוואָרן, ווען איך האָב זיך דערוווּסט אין אַ בעלאַרוסישער מלוכה! דער נאָמען פון מיין

האָטעל בעלאָרוסיש, די שילדן אויף די געשעפטן בעלאָרוסיש, אַלע אויפשריפטן אין דער גאָסבאַנק בעלאָרוסיש, די לאָקאַלע צייטונג בעלאָרוסיש.

און איך האָב זיך דעמאָלט דערוואוסט: דעם ערשטן יאַנואַר 1919 איז בעלאָרוסיאַ דערקלערט געוואָרן פאַר אַ זעלבסטשטענדיקער סאָציאַליסטישער סאָוועטישער רעפובליק. צום ערשטן מאָל אין איר געשיכטע איז זי געוואָרן זעלבסט־שטענדיק און אַ מלוכה מיט אַ הויפּטשטאָט.

פון אַמאָל האָב איך געוואוסט, אַז בעלאָרוסיע איז זייער אָרעם. שטעט אָן אינדוסטריע, גענערט פון קליינהאַנדל, גע־שפּייזט פון דעם עלנט פון דאָרף. און איצטער, האָט מען מיר דערציילט, האָט זי אַנטוויקלט אַן אינדוסטריע פון צוויי מיל־יאַרדן יערלעכער פּראָדוקציע. מינסק, וויטעבסק, באָברויסק זיינען געוואָרן גרויסע אינדוסטריע־צענטרען מיט אַ שטאַרק פאַרגרעסערטער באַפעלקערונג. דאָס אָרעמע פאַרליאַפּטשעטע דאָרף איז איצטער אינגאַנצן באַשטיוולט. אויף די פעלדער אַרבעטן קאָמבאַינס און טראַקטאָרס. אין די הייזלעך, וועלכע מען האָט אַמאָל באַלויכטן אין די נעכט מיט ברענענדיקע שפּענדלעך, לייכטן איצטער עלעקטרישע לאָמפּן. די אַלטע שליאַכן, אויף וועלכע עס האָבן זיך געשלעפּט בוידן און דיליזשאַנסן און וועלכע זיינען אין פרילינג און הערבסט געווען דערטרינקעניש, נישט דורכצופאָרן, זיינען איצטער גוט ברוקירטע, טיילווייז מיט אַספאַלט באַגאָסענע שאָסייען, אויף וועלכע עס טראָגן זיך אויטאָמאָבילן און אויטאָבוסן. בעלאָרוסיע איז אַמאָל טרויעריק באַרימט געווען מיט אירע בלאָטעס און זומפּן. גרויסע שטרעקעס ערד זיינען שטענדיק געשטאַנען אונטער וואַסער, פאַרלאָרן פאַר יעדער מעגלעכקייט צו קול־טיווירן. איצטער —

„געווען בלאָטעס, און באַלד וועלן זיי מער נישט זיין. די רעוואָלוציע האָט זיי אויסגעטריקנט. אַכטהונדערטטויזנט העקטאַר ערד זיינען שוין אויסגעטריקנט געוואָרן מיט דעם באָלשעוויסטישן כּוח! אָט ווי!“ האָט גדלותדיק דערציילט די בלאָנדע אינטוריסטקע.

אָבער מיין גרעסטע איבערראַשונג איז געווען דער קול־טורעלער וואוקס פון בעלאָרוסיע. ווער האָט זיך גאָר געקאָנט ריכטן! די שפּראַך פון דעם אומוויסנדיקן פּויער איז געוואָרן מלוכה־שפּראַך, איז געוואָרן ליטעראַטן־שפּראַך, געוואָרן שפּראַך פון וויסנשאַפט, שפּראַך פון שולע, אוניווערזיטעט, אַקאַדעמיע, שפּראַך פון בוך און בינע.

אַ שטאַרק איבערראַשטער בין איך געשטאַנען אין דער גרויסער, שיינער ביבליאָטעק אין מינסק און האָב מיינע אויגן נישט געגלויבט. גרויסע ליכטיקע זאַלן, אויסגעמעבלירט מיט פּאָליצעס אויף פּאָליצעס און אָנגעפּילט פון אויבן ביז אונטן מיט ביכער—מיט ביכער אין דער בעלאָרוסישער שפּראַך! ביכער אי־בער אַלץ אין דער וועלט, אָריגינעלע און איבערגעזעצטע... ווען איז דאָס אַלץ געשען? ווען האָט מען די מאַסן ביכער געשריבן, גע־דרוקט? וואָס פאַר אַ מלאך גבריאל האָט דאָס דערוויזן צו טאָן?

„דאָס איז דער מלאך גבריאל פון דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע, דער נס פון לענעניזם־סטאַליניזם," האָט אַ ביב־ליאָטעקאַר דערקלערט. „ווייסט איר, אַז חבר סטאַלין איז גע־ווען אונזער אָרגאַניזאַטאָר? יאָ, מיר זיינען געגאַנגען צו אים אין חדר, ער האָט אונז געמאַכט פאַר לייט... מ'דאַרף נאָר געבן אַ פאָלק די פולע פרייהייט און אַ וועק טאָן אין אים זיינע כוחות... מיר זיינען אַ פאָלק פון זעקס מיליאָן מענטשן, איז אָט האָבן מיר זיך אַ נעם געטאָן. אין איינע זעכצן יאָר, און וואו ענגשאַפט איז געוואָרן רחבות, און וואו אומוויסנ־שאַפט איז געוואָרן הויכע קולטוראַנטוויקלונג..."

דער איינדרוק פון דער בעלאָרוסישער ביבליאָטעק האָט מיך באַגלייט ביז מאָסקווע און איז אויפגעפרישט געוואָרן דורך דעם צורוף פון דעם פּאַרטייער.

„דערציילט אונז עפּעס מער וועגן די נאַציאָנאַליטעטן פון ראַטנפאַרבאַנד," האָב איך אים געזאָגט.

„מיט פאַרגניגן," האָט ער געענטפערט. „איך וועל אייך איבערגעבן מיין גאַנץ וויסן און איר וועט שוין אַליין אָפּלערנען. אז גאָר אונזער סאָציאַליסטישע מלוכה האָט געקאָנט אַזוי

גליקלעך לייזן די אַנגעוויטיקסטע פעלקער־פראַגע, אונזער סאָ־ציאַליסטישע מלוכה, וועלכע איז דעמאָקראַטישער פאַר אַלע אייערע דעמאָקראַטיעס, ווייל זי איז די מלוכה פון ארבעטער און פויערים... אנטשולדיקט, איך קום צום פונקט.

„דער ראַטנפאַרבאַנד, ווייסט איר דאָך, פאַרנעמט אַ זעקסטל פון דער ערדקויל, אָדער זאָגן מיר בעסער אַ זיבעטל פון דער יבשה, און עס וויינען אין אים נישט מער און נישט ווייניקער ווי אַ הונדערט און עטלעכע און פופציק נאַציאָ־נאַליטעטן... וואָס קוקט איר מיך אַזוי אָן? איר האָט עס נישט געוואוסט? איר מאָגט מיר גלויבן אויפן וואָרט. איך קאָן זיי אייך נישט אויסרעכענען, אָבער אַזוי איז עס. הונ־דערט און עטלעכע און פופציק פעלקער און פעלקערלעך. נאָר צוועלף פון זיי זיינען איבער אַ מיליאָן, די איבעריקע זיינען קליין קליין קלענער.

„די גרויסרוסישע נאַציע איז די גרעסטע פון אַלע. זי אַליין ציילט אירע אכציק מיליאָן נפשות און איז אַ טייל פון דער רוסישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע פון סאָוויעטישע רעפובליקן — די ראשי תיבות זיינען רספס"ר, — וועלכע פאַראייניקט הונדערט און צוואַנציק נאַציאָנאַליטעטן... קוקט מיך ווידער אַזוי נישט אָן. איך ווייס, וואָס איך רעד. איך קען מיינע ציפער, כאָטש איך קען נישט די נעמען. טאָטערן, קירגיזן, קאַלמיקן, קאַזאַכן — נישט קאָזאַקן, נאָר קאַזאַכן פון קאַזאַכאַסטאַן, טשואַוואַשן, באַשקירן, מאָרדווינען, קאַרעלן, לעזגינען, טשעטשענטשעס, אַרמעניער, גרעקן, דייטשן, אַסיר־יער, קאַבאַרדינצעס, טורקמענער, בוריאַטן, יאַקוטן, טשוקצעס, און נאַטירלעך, יידן... דאָס איז נאָר אַ ביסל פון די נעמען.

„די 120 נאַציאָנאַליטעטן זיינען אָרגאַניזירט אין פופצן אויטאָנאָמישע סאָוויעטישע סאָציאַליסטישע רעפובליקן — די טאָטערשע, טשואַוואַשישע, קאַלמיקישע, יאַקוטישע און אַזוי ווייטער — און עלף אויטאָנאָמע געגנטן, אין וועלכע עס ווערט אַריינגערעכנט די יידישע אויטאָנאָמע געגנט ביראָבידזשאַן. דערפאַר דער נאָמען רוסישע סאָציאַליסטישע פעדעראַציע פון סאָוויעטישע רעפובליקן.

„די ר ס פ ס ״ר צוזאמען מיט אייער בעלארוסיע, מיט אוקראינע, טראנסקאווקאזיע, וואס איז אויך א פעדעראציע פון סאציאליסטישע סאוויעטישע רעפובליקן — גרוזיניע, ארמעניע, אבבאזיע, סערבאדזשאן און אזוי ווייטער —, דערנאך אוזבעק, טורקאמען און טאדזשיק, שטעלן צוזאמען די פאראייניקונג פון די סאציאליסטישע סאוויעטישע רעפובליקן, וואס ליגט אויף אייערע אמעריקאנער צינגער מיט די ראשי תיבות יו עס עס אר.

די גרויסרוסישע נאציע וואלט לייכט געקאנט ווערן א שמעלצטאפ פאר אלע איבעריקע הונדערט און פופציק נאציאנאליטעטן. זי האט עס געוואלט ווערן אין די צארישע צייטן, און האט עס געוואלט ווערן נאך דער פעברואר רעוואלוציע, ווען די רוסישע בורזשואזיע איז אויף א ווייליע ארויפגעקראכן אויפן בענקל. אבער זי האט נישט געוואלט און וויל עס נישט ווערן אונטער די שרעקלעכע באלשעוויקעס.

„אלע לערנען רוסיש, אלע ליבן רוסיש, פון אלע שפראכן איז זי די רייכסטע, פון אלע ליטעראטורן איז די רוסישע די מעכטיקסטע, פון אלע קולטורן איז די רוסישע די אנציענדיקסטע. גרויסרוסלאנד וואלט לייכט געקאנט פארשלינגען און אסימילירן אין זיך אלע קליינע פעלקער, מ׳וואלט אפילו נישט געוואוסט, וואו זיי זיינען אהינגעקומען. זי וואלט זיי נישט געדארפט צווינגען, זיי וואלטן אליין אריין. עס וואלט געשען, וואס אין אייער דעמאקראטישער אמעריקע. די ענגלישע שפראך האט פארשלונגען אלע אנדערע שפראכן, די אנגלאזאקסישע קולטור האט אויפגעפרעסן אלע אנדערע קולטורן און נישט דערוואָרגן זיך. אפילו געגנטן, אפגעזונדערטע שטאטן, באפעלקערטע פון קאמפאקטע מאסן פון אנדערע נאציאנאליטעטן, ווי צום ביישפיל אייערע נארדוועסטלעכע שטאטן, וועלכע זיינען באזעצט פון סקאנדינאוויער, אדער אייערע מיטלוועסטלעכע שטאטן, וועלכע זיינען באזעצט פון דייטשן, זיינען אלע באהערשט געווארן פון דער ענגלישער שפראך און דער אנגלא־זאקסישער קולטור, אדער, ווי איר רופט עס פאלש, זיינען אמעריקאניזירט געווארן.

„נישט דאָ, נישט ביי אונז. דאָ אונטער דער פירונג פון לעניניזם־סטאַליניזם, איז גרויסרוסלאַנד געוואָרן נאָר דער עלטערער ברודער. דער עלטסטער, דער גרעסטער, דער שטאַרק־סטער, דער פאָרטגעשריטנסטער, און דאָך אַ גלייכער מיט אַלעמען, אַ העלפער, אַ באַהעלפער, אַן אונטערשטופער, אַן אויפמונטערער. ער האָט געמאַכט די אַלע איבעריקע 150 נאַציאָנאַליטעטן פאַר גלייכע שותפים אין דעם אויפבוי פון סאָציאַליזם. מען האָט אויסגעפאָרשט און אויסגעשטודירט די נאַטור־רייכטימער פון יעדער רעפּובליק און יעדער געגנט און אָנגעהויבן ארויסגראָבן זיי, אנטוויקלען זיי, פאַרוואַנדלען זיי אין מזל און ברכה פאַרן גאַנצן לאַנד. דער לעניניזם־סטאַליניזם איז געגאַנגען אפילו אַזוי ווייט, אַז ער האָט גע־געבן די אַלע נאַציעס דאָס רעכט אויף פולער פּאָליטישער זעלבסטבאַשטימונג. זיי האָבן זיך אפילו געקאָנט אָפּטיילן און ווערן זעלבסטשטענדיקע מלוכות. אויב דאָס איז נישט געשען, איז דאָס דערפאַר, וואָס קיין איין נאַציאָנאַליטעט האָט דאָס נישט געוואָלט.

איז דאָס אַלץ געזאָגט וועגן נאַציאָנאַליטעטן, וואָס זיצן אויף זייערע אייגענע טעריטאָריעס. וועט איר וועלן וויסן, ווי ווערן ביי אונז באַהאַנדלט די פאַרשיידענע מינאָ־ריטעטן, וועלכע וואוינען אין די גרענעצן פון אַנדערע נאַ־ציאָנאַליטעטן. נו, איז אויך זיי האָט דער לעניניזם־סטאַלי־ניזם גוט באַזאָרגט, זיי זאָלן נישט געקריוודעט ווערן. קודם כל די פולע נאַציאָנאַלע גלייכבאַרעכטיקונג, וועלכע גאַראַנ־טירט קולטורעלע זעלבסטשטענדיקייט. יעדער מינאָריטעט איר שפּראַך, אירע שולן, אירע צייטונגען, איר ליטעראַטור, איר טעאַטער, איר געריכט, איר אָנטייל אין דער רעגירונג פון דער געגנט, אין וועלכער זי געפינט זיך. איך פרעג אייך, קאָן נאָך זיין ערלעכער, גערעכטיקער, דעמאָקראַטישער?

„אָט דערלויבט מיר און איך וועל אייך אָנגעבן איינצל־הייטן. איינצלהייטן! יעדע איינע פון די 150 נאַציאָנאַ־ליטעטן האָט געקאָנט דינען אַלס ביישפּיל. אָט ווייסט איר אַליין פון בעלאָרוסיע. און וואָס איז אוקראַינע? איר וועט

זיין אין קיעוו, כארקאָוו... קוקט זיך צו. וואָס פאַר אַן עקאָ־נאָמישע פאַנאַנדערבליאונג! און וואָס פאַר אַ קולטורעלער אויפשטייג! די שפּראַך פון שעווטשענקאָ קומט ערשט צו זיך. אַ גלייכבאַרעכטיקטע, מיט די רייכסטע מעגלעכקייטן פאַר אַ קאָלאָסאַלער אַנטוויקלונג.

„אָבער מיר פעלט איצטער איין סוואַנעטיע. איר קוקט מיך אָן... איר ווייסט אפילו נישט, וואו זי ליגט... און איך האָב ריכטיק אַרויסגערעדט. סוואַנעטיע. ליגט אויבן אין די קאַווקאַזער בערג. נישט זייער ווייט פון באַטום... אַ קליין לענדל, באַוואוינט פון אַ באַרג־פעלקל, די סוואַנען. זיי האָבן זיך גערופן די פרייע סוואַנען, ווייל זיי וואוינען זייער הויך אין די בערג און עס איז געווען זייער שווער צו צוקומען צו זיי. אָבער אינדעראמתן איז געווען, אַז אַך און וויי צו זייער פרייהייט. סוואַנעטיע אַליין האָט נישט געקאָנט שפּייזן אירע קינדער. די סוואַנען האָבן געמוזט גיין אויף אַרבעט. און גיין ווייט, דער נעענטסטער אָרט איז געווען באַטום, גאַנץ אונטן ביים ים, צענדליקער קילאָמעטער ווייט. און גיין טאַקע. פאָרן האָט מען נישט געקאָנט, עס זיינען קיין וועגן נישט געווען. און עס איז נישט געווען, אויף וואָס צו פאָרן. דער סוואַנישער פויער פלעגט צושפּאַנען זיין אָקס צו צוויי גרויסע בערוועגעס, און דאָס איז געווען זיין וואָגן פאַר זיינע תבואות. האָט דער סוואַן, וואָס איז אַוועק זוכן אַרבעט, גע־דאַרפט גיין צופוס נאָך באַטום. פאַר זיין לוין פלעגט ער זיך דערווערבן אַ גרויסן זאַק מיט מעל און עסנוואַרג, אַרויפלאָדן אים אויפן רוקן און קלעטערן מיט אים אויף די בערג צוריק די צענדליקער קילאָמעטער. נאָר די פריצים, דורך וועמענס פעלדער און וועלדער ער האָט געמוזט דורכגיין, פלעגן אים לייכטער מאַכן דעם זאַק — ער האָט זיי געמוזט באַצאָלן מיט דעם אינהאַלט פון דעם זאַק פאַר דאָס רעכט דורכצוגיין איבער זייער ערד... אַהיים פלעגט ער שוין ברענגען — דעם הונגער...

„איצטער אָבער, איצטער! קודם כל האָט מען פעסטגע־שטעלט, אַז די סוואַנען דאַרפן נישט גיין זוכן קיין אַרבעט.

זיי האָבן געגוג ביי זיך. סוואַנעטיע איז זייער רייך מיט וואַלד, און די פּאַפּיר־אינדוסטריע פון די אַרומיקע רעפּובליקן דאַרף האָבן די בוימער. איז אָט האָט איר אַ רייכע אַרבעט פאַר דער באַפעלקערונג. און אַראָפּצוברענגען די בוימער פון די בערג, מוז מען האָבן גוטע וועגן. לייגט מען דאָרטן אויס גוטע וועגן. האָט איר ווידער אַ רייכע אַרבעט פאַר דער באַ־פעלקערונג. אָבער ביז וואַנען די וועגן זיינען געוואָרן, ווי האָט מען צוגעשטעלט פּראָוויאַנט צו אַ באַפעלקערונג, וועלכע קאָן זיך נישט שפּייזן פון דער אייגענער ערד? איז אויף דערויף פאַראַן אַן אַעראָפּלאַן... איר פאַרשטייט, איידער די סוואַנען האָבן דערלעבט צו זען ביי זיך אַ וואָגן אויף רעדער אָדער אַן אויטאָמאָביל, האָבן זיי שוין באַוואונדערט אַן אַעראָפּלאַן. און גלייכצייטיק האָט מען זיך גענומען צו זייער קולטורעלער אַנטוויקלונג. דאָס פאָלק האָט נישט געקאָנט לייענען און שרייבן, נישט געוואוסט פון קיין שולן, געלעבט אין פאַרשיי־דענע אָבערגלויבנס. איצטער האָט עס שוין שולן, לערנט, לייענט און בענטשט צען מאָל אַ טאָג די באָלשעוויקעס מיט לענינען און סטאַלינען...

„גלייך ווי דער מאָנגאָל־בוריאַט, און דער טשואוואַש, און דער קאַלמיק, און דער קירגיז, און דער יאַקוט. פעלקער, וואָס זיינען געוועזן אַרומגערינגלט מיט נאַטור־רייכטימער און האָבן געהונגערט, ווייסן איצטער, ווי צו אַנטוויקלען דידאָזיקע רייכטימער, און לעבן אַ זאַטן לעבן. זיי האָבן געהאַט זייערע שפּראַכן, אָבער קיין אלף בית נישט געהאַט, נישט געהאַט קיין שריפט פאַר זייערע ווערטער. איצטער האָבן זיי שריפט, און זיי לערנען זיך צו שרייבן און צו לייענען די שפּראַך, וועלכע זיי האָבן בלויז גערעדט, און עס זיינען שוין פאַראַן שולן, און ביכער, און צייטונגען... נו?!

„שאַ, וואָס דאַרפט איר מער? די ציגיינער! נעמט די ציגיינער! זיי האָבן דאָך שוין קאָלכאָזן, זעקס אָדער זיבן קאָלכאָזן. זיי הייבן זיך שוין אָן צו באַזעצן אויף ערד, וואַרפן אַוועק זייער נאָמאַדן־לעבן. אַ סברא, אַז מען וועט זיי צוטיילן אַ גרויסן שטח לאַנד, דאָרטן טאַקע, וואו זיי האָבן זייערע

קאַלכאַזן אונטן אין דרום, דערקלערן אים פּאַר ציגיינער־טערי־טאָריע און אַן אויטאָנאָמע געגנט אין רספּס״ר... מזל טוב מיט אַ נייעם פּאָליטיש זעלבסטשטענדיקן פאָלק, אַ נייעם לאַנד און אַ נייער קולטור!

„איר דאַרפט וויסן, אַז עס איז שוין פאַראַן ביי אונז אַ ציגיינער־טעאַטער. אַ זייער טאַלאַנטירטער יידישער שוי־שפּילער, דער פאַרדינטער אַרטיסט פון דער רעפּובליק גאָלד־בלאַט איז געקומען אויף דעם געדאַנק און האָט אָרגאַניזירט אַ ציגיינער־טעאַטער. גענומען אַ ציגיינער־בויד און געמאַכט פאַר אַ בינע. צוערשט האָבן זיינע ציגיינער־אַקטיאָרן באַגנבעט אים פון קאָפּ ביז פוס, צוגענומען אַלץ, וואָס ער האָט גע־בראַכט פאַר דער בינע. אָבער ער האָט זיי איינגעבראָכן. איצטער איז דער ציגיינער־טעאַטער איינע פון די גרעסטע זעענסווירדיקייטן. די רעגירונג זשאַלעוועט אויף אים נישט קיין געלט, פאַרשאַרפט מיט אים דאָס זעלבסטבאַוואוסטזיין ביי די ציגיינער. וואָס זאָגט איר דערצו? ווי געפעלט אייך אַזאַ לייזונג פון דער נאַציאָנאַליטעטן־פראַגע? און איר וואַרפט דאָרטן שטיינער אויף אונז! האַהאַהאַ...״

# די יידן אין סאָוויעטרוסלאַנד

פון אַלע גרויסע וואונדער פּיליכט דאָס גרעסטע — די לאַגע פון די יידן אין ראַטנפאַרבאַנד. שווערע, פינסטערע יאָרהונדערטער איז די געשיכטע פון די יידן אין דעם צאַרנ־לאַנד. ווען אומעטום האָט מער אָדער ווייניקער אויפגעהעלט דער יידישער טאָג, איז דאָרטן אַלץ פינסטערער און באַדריקנ־דיקער געוואָרן. שוידערלעכע פאַרפאָלגונגען, אוממענטשלעכע באַליידיקונגען אין די מלחמה־יאָרן, גרויזאַמע פּאָגראָמען נאָך דער מלחמה — און פּלוצלונג די לאַנג געחלומטע, ווייטיקדיק געבענקטע גלייכבאַרעכטיקונג, נאָך מיט אַ וואונדערלעכן צוגאָב: גלייכוועטיקייט! די יידן אין ראַטנפאַרבאַנד זיינען נישט נאָר גלייכבאַרעכטיקט געוואָרן מיט אַלע אַנדערע פעלקער פון דעם סאָציאַליסטישן פאָטערלאַנד, נאָר זיינען גלייכווערטיק גע־וואָרן, האָבן אויפגעהערט מינדערווערטיק צו זיין. אויפגעהערט צו זיין מענטשן פון אַ צווייטער מדרגה. אויפגעהערט צו זיין אַ צילברעט פאַר הפקרותדיקע שטיינוואַרפער, אַ שפּייקעסטל פאַר שפּייער און באַשמוצער. די זייט יאָרהונדערטער איינ־געוואָרצלטע יידנפיינטשאַפט איז אויסגעריסן געוואָרן מיט די וואָרצלען אָדער אַזוי טיף פאַרטריבן געוואָרן אונטער דער ערד, אַז מען זעט זי נישט, הערט זי נישט, פילט זי נישט. יידן־באַליידיקונג איז געוואָרן קרימינעלער פאַרברעך, איז קאָנטר־

רעוואָלוציע. וועמען עס געפעלט נישט דער יידישער נאָז, טאָר זיך אפילו נישט פאַרקרימען.

איך האָב אין מיינע יינגליאָרן געוואוינט אין מאָסקווע. ווי געדענק איך נאָך די ביינאַכטיקע „אַבלאַוועס" אויף יידן! אָפּגעשטעלט אינמיטן גאַס, אַרויסגעטרייסלט פון די בעטן, אויפגעשראָקן ביי אַ רואיקער מאָלצייט: פּאַספּאָרט און וואוינרעכט! ווי געדענק איך נאָך דעם חזיר־אויער, די גראָבע ווערטער, דעם זשיד־זידל אויף יעדן יידישן שריט און טריט אין די גאַסן פון מאָסקווע. איך בין איצטער אַרומגעגאַנגען דאָרטן מיט מיין פרוי און אויפגעלעבט פאַר איר די אַמאָליקע בייזע, באַשעמענדיקע באַליידיקונגען פון יידישער רעכטלאָזי־קייט און ווערטלאָזיקייט. וואו איז דאָס אַלץ אַהינגעקומען, ווי איז דאָס אַזוי שנעל פאַרשוואונדן? הער איך טאַקע נישט מער דעם „זשיד"? זע איך טאַקע נישט מער דעם חזיר־אויער? וועט מען מיך טאַקע נישט אָפּשטעלן אין מיטן גאַס און נאָכפרעגן זיך אויף מיין וואוינרעכט?

איך האָב שוין דערציילט וועגן אַ געוועזענעם מאָסקווער קופּיעץ, וועלכער האָט זיך שיכורערהייט צורעדט אין אַן אוי־טאָבוס וועגן „ירושלימער בירגער" און איז דערפאַר גלייך אַרעסטירט געוואָרן.

און אָט נאָך אַ מעשה.

אַן אַלטער מוזיק־פּראָפעסאָר פון דער מאָסקווער קאָנ־סערוואַטאָריע איז געקומען אין ווין מיט עפּעס אַ שליחות. ער איז געוועזן אַן איבערבלייבעניש פון דער אַלטער צייט, ווען יידנהאַס איז געוועזן אַ סגולה צו אַרויפשטייגן, צו מאַכן קאַריערע; אין יענע יאָרן איז ער געוועזן איינער פון די גרעסטע בילער אויף יידן. ווען די באָלשעוויקעס זיינען געקו־מען צו דער מאַכט, האָט ער נעבעך געמוזט פאַרשטומט ווערן, באַהאַלטן אין זיך זיין גאַנצן לעקסיקאָן קעגן יידן. אָנקומענדיק אין ווין, האָט ער פריי אויפגעאָטעמט. איצטער וועט ער זיך נאָכגעבן דאָס האַרץ און פאַרנאַנדערלאָזן די צונג אויף יידן. דער ערשטער, פאַר וועמען ער האָט אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם, איז געוועזן דער באַלעבאָס פון דער מוזיק־

פירמע „אוניווערסאל״. אָבער יענער האָט אים העפלעך אָפּ־
געשטעלט: „מיין האר, איך בין אליין א ייד...״ דער פּראָ־
פעסאָר איז שיר נישט געפאלן אין חלשות. שפּעטער האָט
ער גערדאַרפט זיין אין דער ווינער פּאָליציי וועגן זיין פּאַס־
פּאָרט. די ווינער פּאָליציי איז איצטער אויסגערייניקט פון
אַלע יידישע באאמטע, געבליבן נאָר נאָך איין קאָמיסאַר, א
ספרדישער ייד, און דווקא צו אים האָט גערדאַרפט אָנקומען
אונזער פּראָפעסאָר. ווייסנדיק, אַז ער געפינט זיך אין דער
יידנריינער ווינער פּאָליציי, האָט ער געוואָלט איצטער אויס־
גיסן זיין גאנצן כעס אויף די פארדאמטע יידן. אָבער דער
הער קאָמיסאַר האָט אים אָפּגעשטעלט מיט א קלאַפּ אויפן
טיש: „מיין האר, ווי דערוועגט איר זיך! איך בין אַליין
א ייד!״ בקיצור, דער פּראָפעסאָר איז פארבליבן אין אויס־
לאַנד, האָט מורא אומצוקערן זיך אין מאָסקווע. ער איז זי־
כער, אַז דאָרטן ווייס מען שוין, ווי ער האָט זיך באַנומען
קעגן יידן, און ער ווייס, וואָס עס דערוואַרט אים...

די פּוילישע פּרעסע האָט פון דעם פּראָצעס פון די
זעכצן, פון וועלכע צען זיינען געוועזן יידן, געוואָלט מאַכן
א יידישן פּראָצעס. זי האָט דערקלערט דעם פּראָצעס דערמיט,
וואָס סטאַלין וויל פּטור ווערן פון יידן. אויף מאָרגן נאָך דעם
פּראָצעס זיינען מיר געוועזן אין דעם צוג, וואָס האָט אונז
אוועקגענומען פון ווילנע צו דער רוסישער גרענעץ. אין קופּע
מיט אונז זיינען געוועזן צוויי פּוילישע אָפיצירן. באַלד איז
אריינגעקומען א דריטער און האָט טריאומפיש דערקלערט:
„דערשאָסן די יידן!״ אזוי איז אויך געשטאַנען אין דער
פּוילישער צייטונג, וועלכע ער האָט אריינגעבראַכט. אין דער
רוסישער פּרעסע אָבער איז קיין וואָרט נישט געשטאַנען
וועגן דער אָפּשטאַמונג פון די אָנגעקלאָגטע. זי האָט פלייסיק
ציטירט די אויסלענדישע פּרעסע וועגן דעם פּראָצעס, אָבער
אויסגעלאָזן יעדע דערמאָנונג וועגן אָפּשטאַמונג פון די אָנ־
געקלאָגטע און פארייִדישירונג פון דעם פּראָצעס. עס איז נישט
דערלויבט געוואָרן די קלענסטע שפּור פון אנטיסעמיטיזם.

אין איר וואונדערלעכער לייזונג פון דער נאַציאָנאַליטעטן־

פראגע האָט די סאָוויעטישע רעגירונג אויך באַשטימט דעם סטאַטוס פון די צוויי און א האלב מיליאָן רוסישע יידן. זיי זיינען א פאָלק, א נאַציאָנאַליטעט, איינע פון די הונ־דערט און עטלעכע און פופציק נאַציאָנאַליטעטן, וואָס שטעלן צוזאַמען דעם ראַטנפאַרבאַנד. צוזייט און צושפּרייט איבער די רעפּובליקן פון ראַטנפאַרבאַנד, אומעטום א מינאָריטעט, האָבן זיי, ווי אַלע מינאָריטעטן, וואָס וואוינען אין די גרענעצן פון אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן, זייער קולטור־אויטאָנאָמיע. דאָס רעכט צו לעבן און צו אַנטוויקלען זיך אַלס קולטור־איינהייט אין זייער אייגענער שפּראַך מיט זייער אייגענער שולע, ליטעראַטור, טעאַטער, געריכט און אזוי ווייטער. א פאָלק מיט אַלע פעלקער פון ראַטנפאַרבאַנד צוגלייך.

אָבער זיי ווילן עס נישט זיין. זיי אליין פון אַלע פעל־קער פון ראַטנפאַרבאַנד ווילן פאַרשווינדן, פאַרשלונגען ווערן, איינגעשמאָלצן ווערן. זיי זיינען אויסגעלייזט געוואָרן פּאָליטיש, איצטער ווילן זיי אויסלייזן זיך פון זיך אליין.

אויפן וועג פון גאַנצן גלות איז רעליגיע געווען אַן אָפּ־זונדערנדיקער כוח. זיינען יידן געווען רעליגיעז, איז זייער רעליגיע געווען א צוים ארום זיי. זיינען זיי נישט געווען רעליגיעז, איז די קריסטלעכע רעליגיע געווען א וואַנט. אין ראַטנפאַרבאַנד זיינען אַלע ווענט און צוימען פון רעליגיע אוועקגענומען געוואָרן. יידנטום און קריסטנטום דערלעבן דאָרטן זייערע לעצטע טעג, האָבן אויפגעהערט צו זיין א פאַק־טאָר אין דעם לעבן פון די פעלקער.

וואָס קאָן איצטער אָפּשיידן דעם ייד פון זיין נישט־יידישן שכן? פאָלקסגעשיכטע איז אַן אָפּשייד. באַוואוסט־זיניקע באַציאונג צו דער אייגענער פאַרגאַנגענהייט איז אַן אָפּזונדערונג. די אייגענע שפּראַך איז א צוים. דער ווילן אויסצולעבן זיך אין דער אייגענער שפּראַך איז א ווילן צו זעלבסטשטענדיקייט. קולטור־אויטאָנאָמיע איז באָדן אונטער די פיס, איז זעלבסטבאַשטימונג, איז ווילן פאָלק צו זיין און פאָלק צו בלייבן.

איך האָב דאָס אַלץ ביי די יידן אין ראַטנפאַרבאַנד נישט

נעפינען. מיט דעם דאטום פון דער באלשעוויסטישער רעוואָ־לוציע האָט אויפגעהערט די טויזנטיעריקע יידישע געשיכטע, איז איבערגעריסן געוואָרן די פאַרגאַנגענהייט, און קיין בריק פירט צו איר נישט צוריק. די באַצייכנונג דאָס יידישע פאָלק רופט ארויס פּראָטעסט, יידישע נאַציע איז אָפּגעשטאַנענקייט, בורזשואַזער ציוניזם, קאָנטררעוואָלוציע. די יידישע וואָרטפירער האָבן דאָס אַזוי דעקרעטירט, נישט פאַר־שטייענדיק אָדער נישט וועלנדיק פאַרשטיין די נאַציאָנאַלע די צוקינפט פון די יידן איז — פאַרשווינדן, אויפהערן צו זיין, פאַרשמאָלצן ווערן. צו וואָס זיך נאָך אַרומדרייען צווישן די פעלקער אַלס אַ באַזונדערע איינהייט? אונזער עקאָנאָמיק איז די עקאָנאָמיק פון די פעלקער, צווישן וועלכע מיר וואוינען, און קולטור איז אונז שטענדיק אַנציענדיקער די פרעמדע. אוים!

די סאָוויעטישע רעגירונג גיט די יידן יעדע מעגלעכקייט אויסצולעבן זיך אַלס באַזונדער פאָלק. די רעגירונגס־קאַסע איז אָפן פאַר שולן, צייטונגען, זשורנאַלן, טעאַטער, ביכער. זיינען די שולן האַלב ליידיק, ווערן די צייטונגען נישט גע־לייענט, ווערן די טעאַטער שלעכט באַזוכט, און די ביכער ווערן געדרוקט אין קליינע צאָלן, ווייל נישטאָ קיין קויפער.

די מינסקער שטאָטביבליאָטעק האָט אַ גרויסע יידישע אָפּטיילונג. מיר האָבן דאָרטן געפונען איין לייענער. אַן אַל־טער אַכציק־יעריקער ייד איז געזעסן און האָט געלייענט מאַסליאַנסקיס דרשות.

אין מינסקער שטאָטפּאַרק איז געזעסן לעבן אונז אויף דער באַנק אַ יונג פּאָרפאָלק. זיי האָבן גערעדט צווישן זיך יידיש, אַ גוט ליטעראַריש יידיש. זיי האָבן מסתמא באַזוכט די יידישע שול. אָבער מיט זייער פיר־יאָריקן יינגעלע האָבן זיי גערעדט רוסיש.

„דערקלערט אונז, ליבע לייט, פאַרוואָס רעדט איר צו אייער קינד רוסיש?"

גאָר פּשוט. דאָס סאָוויעטישע געזעץ שרייבט פאָר, אַז

א קינד דאַרף גיין אין דער שולע פון דער שפּראַך, וועלכע ער האָט געערדט, ביז ער האָט אָנגעהויבן צו גיין אין דער שולע, ווייל מען טאָר נישט ברעכן די צונג פון א קינד. ווען מיר זאָלן רעדן מיט אים יידיש, וועט ער מוזן גיין אין דער יידישער שולע. אָבער מיר ווילן, ער זאָל גיין אין דער רוסי־שער שולע. רעדן מיר מיט אים רוסיש, וועט ער שוין מוזן גיין אין דער רוסישער שולע..."

„פאַרוואָס ווילט איר, ער זאָל גיין אין דער רוסישער שולע?"

„עס איז מער תכלית..."

מיר האָבן א יידן אין מינסק געבראַכט א גרוס פון זיין ברודער, וואָס איז א לערער אין א יידישער פאָלקס־שול אין פּוילן, א מאַרטירער פון זיין באַרוף. דער מאַן האָט זיך אָפּגעזאָגט צו פאַרשטיין זיין ברודער. ווי קאָן מען זיך מקריב זיין אַזא זאַך, ווי א יידישע פאָלקשול? דאָס איז דאָך רעאַקציע!

„האָט איר דען דאָ נישט יידישע פאָלקשולן?"

„מיר ווילן זיי נישט. מיר דאַרפן זיי נישט. זיי זיינען האַלב ליידיק. זיי וועלן ווערן גאַנץ ליידיק. זיי וועלן צוגע־מאַכט ווערן. זיי זיינען דאָך אויך רעאַקציע, אַפילו ווען מען שטודירט אין זיי בלויז קלאַסנקאַמף. זייער ציל איז אָפּגע־זונדערטקייט, און דאָס איז רעאַקציע. מיר ווילן נישט זיין אָפּגעזונדערט. מיר דאַרפן נישט זיין אָפּגעזונדערט."

„און יידן זאָלן פאַרשווינדן?"

„נו איז וואָס?"

אַמאָל איז ער אויך געוועזן אַזא נאַר ווי זיין ברודער. א יידישיסט געוועזן, געיום־טובט די טשערנאָוויצער קאָנפע־רענץ, געשטודירט די שריפטן פון דר. חיים זשיטלאָווסקי. איצטער וויים ער גענוי: מען איז געשטופּט געוואָרן דערצו. די ברוטאַלע צאַרישע רעגירונג האָט געשטופּט דערצו. זי האָט געטריבן אין געטאָ, האָט מען זיך געטאָאיזירט. איז געוועזן א קרן אייגענע שפּראַך, אייגענע ליטעראַטור, אייגן שאַפן. צו וואָס דאָס אַלץ איצטער? אין זיין שטוב קומט נישט

אריין קיין יידיש וואָרט. ער געדענקט שוין די צייט נישט, ווען ער האָט געזען אַ יידיש בוך. פאַראַן אין מינסק אַ יידישע צייטונג. „אָקטיאַבר" הייסט זי. דורך צופאַל ווייס ער, אַז זי עקזיסטירט.

„וואָלט איך געזען אַ צייטונג! אַ שמאַטע!... מיר האָבן אין מינסק אַ יידישע באַפעלקערונג פון איבער פופציק טויזנט, און די צייטונג דרוקט זיך, אויב איך איבערטרייב נישט, אין קוים דריי טויזנט עקזעמפּליאַרן. ווער לייענט זי? ווער זעט זי אָן אין די אויגן? און ווער דאַרף זי? מיר האָבן דאָך דאָ אין מינסק אויך אַ יידישן טעאַטער, קאָן איך אייך פאַרזיכערן, אַז איך בין נאָך קיינמאָל זיין שוועל נישט אריבערגעטראָטן;..."

און ווי אין מינסק, אַזוי אין אָדעס, אַזוי אין קיעוו. די יידישע פאָלקשולן האַלב ליידיק, די צייטונגען, וועלכע גייען אַרויס נישט יעדן טאָג און אויף זייער שלעכטן פּאַפּיר, ווערן נישט געלייענט, דאָס טעאַטער ווערט שלעכט באַזוכט.

די אַקטיאָרן פון יידישן טעאַטער רעדן אַלע צווישן זיך רוסיש. יידיש איז פאַר זיי נישט קיין שפּראַך פון אַ קולטור, וועלכע זיי דאַרפן דערהאַלטן און אַנטוויקלען, נאָר אַן אינסטרומענט, מיט וועלכן זיי מאַכן אַ לעבן. אָפּגעשפּילט, אַראָפּ פון דער בינע, אַוועקגעלייגט דעם אינסטרומענט...

„עס שטייט שלעכט ביי אייך מיט יידיש," האָב איך געזאָגט צו אַ דירעקטאָר פון אַ יידישן טעאַטער.

„שלעכט? אין וועלכער הינזיכט?" האָט ער זיך געוואונדערט.

„עס וועט פאַרשווינדן."

„זאָל עס אפשר פאַרגיסן אַ טרער? איך נישט. עס פאַרשווינדט, וואָס דאַרף פאַרשווינדן. אויב יידיש וועט פאַרשווינדן, איז אַ סימן, אַז מיר דאַרפן עס נישט האָבן."

„וואָלט איר עס נישט דערהאַלטן?"

„צו וואָס?"

„כאָטש צוליב קולטור־אויטאָנאָמיע."

„קולטור־אויטאָנאָמיע איז נישט קיין מוז, נישט קיין

חוב. ווער עס וויל זיך אפזאגן פון איר, קאן זיך אפזאגן פון איר..."

די פאלקסציילונג פון יאר 1926 האט אנגעגעבן צוויי מיליאן זעקסהונדערט טויזנט יידן אין סאוויעטרוסלאנד. הייר יאר ווערט פארגענומען א נייע פאלקסציילונג. איך בין איבערצייגט, אז די יידנצאל וועט זיין א סך א קלענערע. נישט ווייל די יידישע שטערבלעכקייט איז געווען צו גרויס פאר די לעצטע צען יאר, געווים איז די יידישע באפעלקערונג אנגעוואקסן. אבער גרויסע צאלן יידן וועלן נישט פיגורירן אין דעם צענזוס אלס יידן, ווייל זיי וועלן נישט אנגעבן יידיש אלס זייער מוטער־שפראך. זיי וועלן צוגעשריבן ווערן צום פאלק, וועמעס שפראך זיי וועלן אנגעבן אלס זייערע.

אזוי הייבט זיך אן דאס אויפהערן, די פארשמעלצונג, דאס פארשווינדן.

# די יידישע ליטעראַטור און טעאַטער אין סאָוויעטרוסלאַנד.

אַ ליטעראַטור, וואָס האָט איר פֿאָלק פֿארלאָרן, אַ ליטער־ראַטור, וואָס הענגט אין דער לופֿטן אויף גאָרנישט. אַ ליטער־ראַטור, וואָס האָט אויפֿגעהערט שאַפֿעריש צו זיין, ווייל זי איז נישט געוואָרן פירערין, נישט אין רעאַלן לעבן און נישט אין דער וועלט פון געדאַנקען.

מיט אַכט יאָר צוריק, אין אָנהייב 1929, האָב איך גע־שריבן אין דעם זשורנאַל „אויפקום״:

„דער דיכטער פון דער רעוואָלוציע דאַרף זיין דער זינ־גער פון אויפבוי, ער מוז זיין פירער, נביא, אויפמונטערער, לערער פאַר זיגער און באַזיגטע, פאַר צוטרעטער און צוריק־טראָטענע, אויך פאַר באַזיגטע און צוטראָטענע...

„מיליאָנען יידן זיינען דאָרטן (אין סאָוויעטרוסלאַנד) אראָפּגעשלאָגן געוואָרן פון זייער וועג... זיי מאָגן אויסזען קאָמיש אין זייער פארלאָרנקייט, אין זייער צאַפּלען זיך, אין זייער אָנכאַפּן זיך אָן ליפּט אַלס אָנהאַלט נישט צו פאַלן, אין זייער רייסן זיך צום אַלטן וועג, וועלכער איז שוין לאַנג אָפּגעווישט געוואָרן. אָבער דער שרייבער דאַרף דאָ נישט זיין דער גאַסניינגל, וועלכער לאַכט, ווען איינער פאַלט. ער דאַרף זיין אויפהייבער, אויגנאויסרייבער, אויגנעפענער, אויפ־קלערער, וועגווייזער. ער מוז דערקלערן דאָס פאַרגאַנגענע און

געבן צו פארשטיין דאָס קומענדריקע, לערנען צו ווערן איינס מיט דער רעוואָלוציע, צו באַגרייפן די גרויסקייט פון אירע ציִלן..."

און איך האָב באַשולדיקט די סאָוויעטישע יידישע שרייבער, אַז זיי פאַרשטייען נישט זייער ראָליע און באַנעמען זיך ווי די גאַסנייִנגלעך.

און אָט איצטער, מיט אַכט יאָר שפּעטער, דער טרויעריקער סך הכל.

עס איז נישט גאָר פרייִלעך אויך אין דער רוסישער ליטעראַטור און דראַמאַטורגיע. ערשט אין 1935 האָט זיך גאָרקי באַקלאָגט: „פאַרוואָס שטייט אָפּ אונזער ליטעראַטור? פאַרוואָס איז אונזער דראַמאַטורגיע שוואַך? פאַרוואָס גיט זי נישט קיין גרויסע כאַראַקטערן, וועלכע זיינען אין דער ווירקלעכקייט פאַראַן? פאַרוואָס דרייט זי זיך אַלץ אַרום אַלטע טעמען, לאַנג אָפּגעלעבטע?"

אין דער יידישער ליטעראַטור און דראַמאַטורגיע איז עס אומענדלעך טרויעריקער. ביי זיי דערגייט עס ביז צו קאַריקאַטור. און אַלץ ביז צו קאַריקאַטור און שיפלות. אפילו די דיקטאַטור פון מורא איז אין דער יידישער ליטעראַרישער וועלט מגושמדיקער, ווירקט קנעכטישער, ווערט קאַריקאַטור. אויב דער נישט־יידישער שרייבער האָט מורא פאַר אַ שלעכטן אויסטייטש פון זיינע ווערטער, איז די מורא פון די יידישע שרייבער אַ געכפּלטע און אַ באַגרינדעטערע. זייערע ווערטער וועלן געווים געפינען אַ בייזן אויסטייטשער: צוליב דער יידישער פּילפּוליסטיק. וואָס פאַר אַ בריות זיינען דאָרטן די יידישע קריטיקער אויף צו פאַרדרייען ווערטער און זין! און עס גייט אַ גאַנג. הייבט אַ פּוסק, מאָרגן אַ געפּסקנטער. הייגט דערקלער איך עמיצן פאַר פּסול, מאָרגן בין איך אַ געפּסלטער. היינט כיר איך די גרענדע, מאָרגן בין איך אַ לא יבוא בקהל. היינט בין איך אַן אויסטייטשער און שטראָפער, מאָרגן וועל איך זיך דאַרפן שלאָגן עפּנטלעך על חטא. דער וועג פון דער יידישער ליטעראַטור אין ראַטנפאַרבאַנד איז אויסגעלייגט מיט אַזעלכע אַראָפּגעזעצטע און געפּסלטע דיינים. דוניעץ, נוסי־

נאָוו, ב. אָרשאַנסקי און נאָך, און נאָך... ביי דער ווייט גרעסטער צאָל פון זיי קאָן מען פרייליך פריי אויפאָטעמען מיט דעם טראַדיציאָנעלן „ברוך שפטרני", אָבער פאַראַן אויך פאַרדראָסן.

נסתר האָט אוועקגעלייגט זיין פען, ל. קוויטקאָ האָט אויפגעהערט זיין גערעננל. אַ טאַלאַנטירטער נייער שרייבער א. אבטשוק האָט אויפגעשריבן אַ פיינע דערציילונג „הערשל שאַמאַי". די דערציילונג איז זייער גוט אויפגענומען געוואָרן, אבטשוק האָט געוואונען אָנזען. אָבער פּלוצלונג האָט מען אַנטדעקט אין זיין דערציילונג אַ „געפערלעכן אויסדרוק", און אבטשוקס נאָמען טאָר נישט דערמאָנט ווערן. ווען איך האָב זיך נאָכגעפרעגט אויף אים, האָט מען אראָפּגעלאָזן די קעפּ אין דערשראָקנקייט.

אַ באַגאַבטער יונגער יידישער דיכטער האָט איבערגע־לעבט אַ פּערזענלעכע טראַגעדיע. זיין געליבטע פרוי איז גע־שטאָרבן אין קימפּעט. זיין שווערע שטימונג האָט ער אויס־געדריקט אין עטלעכע לידער. זיי האָבן אָבער נישט געטאָרט געדרוקט ווערן, ווי ער האָט זיי אָנגעשריבן, ווייל דער רע־דאַקטאָר האָט געפּסקנט, אז אין ראַטנפאַרבאַנד טאָר מען נישט טרויעריק זיין. דער יונגער יידישער דיכטער וועט אָבער אויפהערן צו זיין אַ יידישער דיכטער.

עס איז געשען עטוואָס אין דער יידישער ליטעראַטור, וואָס עס איז נישט געשען, ווי ווייט מיר איז באַקאַנט, אין קיין איין ליטעראַטור פון אַלע אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן אין ראַטנפאַרבאַנד. באַלד נאָך דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע איז ביי אַלעמען געוועזן אַ טענדענץ איבערצוווייזן מיט דער פאַרגאַנגענהייט. אויך די גרויסע רוסישע קלאַסיקער זיינען פאַראורטיילט געוואָרן אויף באַהאַלטן צו ווערן אַלס קלאַסנ־פיינט. סטאַלין און דער סטאַליניזם האָבן זיי באַפרייט, אומ־געקערט צוריק דער רוסישער עפנטלעכקייט. פּושקין איז איצ־טער דער געפייערטסטער דיכטער, טאָלסטאָיס ווערק דרוקן זיך אין מיליאָנען עקזעמפּלאַרן, אָסטראָווסקי איז ווידער געוואָרן דער פּאָפּולערסטער דראַמאַטיקער, קאָנקורירנדיק מיט שעקס־

פירן פאר דעם ערשטן פלאץ אין דעם רוסישן טעאטער. טאראס שעווטשענקא, וואס האט געזונגען זיינע לידער אין די פופ־ציקער יארן פון דעם פאריקן יארהונדערט, איז איצטער דאס גייסטיקע ליכט פון דער סאוויעטישער סאציאליסטישער אוקראינע. עס איז באלד נישטא קיין איין שטאט אין אוקראינע, וואו עס זאל נישט שטיין קיין שעווטשענקא־דענקמאל. דער מיטלאלטערלעכער דיכטער רוסטאוועלי איז געקרוינט אלס דער קעניג פון דער גרוזינישער ליטעראטור אין דער סאוויעטיש־סאציאליסטישער גרוזיע. אין דער סטאלינשער קולטור־אויטא־נאמיע בכלל פארנעמען א גרויסן פלאץ די שאפונגס־כוחות פון דער פארגאנגענהייט. מען פאדערט דרך ארץ פאר די שאַ־פונגען פון א פאלק און פאר זייערע שאפער.

אליין די יידישע ליטעראטור האט ארויפגעלייגט א חרם אויף אירע שאפער. זי נעמט נאר אריין די ווערק און די שריפטשטעלער, וועלכע זי קאן כשרן מיט דער פלאמבע פון קלאסנקאמף.

שלום עליכם איז געוועזן צו פאפולער ביי די יידישע מאסן און דערצו נאך שטארק אנגעזען ביי גארקין. מען האט זיך נישט דערוועגט צו פארבאטן אים, האט מען אויף אים אנגעטאן די פלאמבע פון דער קלאסנאידעע. אין א נויט איז שלום עליכם געווארן דער דיכטער פון דעם יידישן פראַ־לעטאריאט, שיר נישט א רעוואלוציאנער און סאציאליסט. אזוי אויך, נעבעך, מענדעלע מוכר ספרים.

אבער פרץ איז פארבאטן. נישט פרץ פון די זייער שוואכע סאציאלע דערציילונגען, נאר דער גרויסער פרץ פון חסידיש און די פאלקסטימלעכע געשיכטן.

טאראס שעווטשענקא ווערט געליבט און באזונגען פאר זיין „טיפן פאלקסגעפיל" און זיין „ברייטן הומאניזם". אבער פרץ ווערט פארווערט און געאסרט פאר דיזעלביקע מעלות, וועלכע זיינען ביי אים נאך אין א ווייט גרעסערער מאס.

„וואס טוט איר, יידישע שרייבער און ווארטפירער? איר זינדיקט קעגן דעם גייסט פון דער רעוואלוציע! איר באגייט א פארברעך קעגן דער צוקונפט פון דעם קאמוניזם!

די גרויסע עטישע אידעען, דער ברייטער, ברייטסטער הומאניזם, די דערהייבונג פון דעם דערשלאגענעם אונטערדריקטן ארעמאן, די דערהעכערונג פון דער מענטשלעכער נשמה, דאס אלץ, וואס פרץ געשטאלטיקט אזוי מייסטערהאפט אין זיינע חסידישע און פאלקסטימלעכע דערציילונגען, איז דאך א טייל פון דער צוקונפט, וועלכע דער קאמוניזם בויט. ווי קאנט איר עס מחרים זיין און פאראורטיילן צו באהאלטונג?"

„ער איז רעאקציע," האט מיר דערקלערט דוד בערגלסאן אין נאמען פון אלע זיינע חברים. איך האב יעדן איינעם פון זיי צוגעקוקט אין די אויגן. די דיקטאטור פון מורא האט ארויסגעקוקט פון זיי אין העסלעכער פארם.

יא, פרצס מייסטערווערק זיינען אומגליקלעכע קרבנות פון אויסטייטשונגען און אריינטייטשונגען פון פאר שרעק נאריש־געווארענע פען־קוועטשער, פון קליינלעך־פחדנישע אונטער־חנפער און אונטערלעקער פון דער רעוואלוציע, וועלכע זיי הייבן נישט אן צו פארשטיין.

א, איך ווייס צו גוט דעם טעם פון די דאזיקע אריינ־טייטשונגען און פארטייטשונגען. איך בין נעבעך ארויסגעקומען פון זיי שווארצער ווי שווארץ. די אריינטייטשונגען, וועלכע מיינע ווערק האבן באקומען פון שרייבער, וועלכע זיינען פאראידיאטיזירט געווארן פון שרעק, האבן מיך פאר זיך אליין געדארפט דערשרעקן. צום גליק, זע איך זייער גרויסן ליגן, וועלכער האט פארקריפלט זייער ליטעראטור און אויך זייער דראמאטורגיע.

דאס יידישע טעאטער אין ראטנפארבאנד איז רייך אין קרעפטן און מיטלען, אבער האט נישט קיין רעפערטואר. קיין איין יידישע פיעסע נישט, וואס זאל ארויפברענגען אויף די ברעטער דאס איצטיקע יידישע לעבן אין זיין פולער באדיי־טונג. קיין איינע נישט, וואס זאל אנווייזן דעם וועג אין דער צוקונפט. נישטא קיין יידיש פאלק און נישטא קיין יידישע דראמע.

זיי האבן אויף זייער צעטל עטלעכע דראמאטיזירונגען פון

שלום עליכם און מענדעלע, אויף וועלכע מען האָט אָנגעהאַנגען די קלאַסנאַידעע, עטלעכע שוואַכע גאָרנישט זאָגנדיקע דראַמאַ־טישע פּאַרזוכן פון סאָוויעטישע יידישע שרייבער, און צו־לעצט שעקספּירן.

ווען איך בין געווען אין מינסק, האָט מען געהאַלטן אין צוגרייטן משה קולבאַקס „באַיטראַ", די דראַמע פון דעם יידישן גזלן, וועלכע איז שפּעטער אויפגעפירט געוואָרן אויך פון דעם מאָסקווער יידישן טעאַטער און וועט מסתמא אויפ־געפירט ווערן פון אַלע יידישע טעאַטערס. דער אינהאַלט פון „באַיטראַ" איז טיפּיש.

חיים באַיטראַ ווערט אַ גזלן, ווי קאַרל מאָר אין שילערס „רויבער" ווערט אַ גזלן: אין קאַמף מיט די אומגערעכטיקייטן פון דער וועלט. די אומגערעכטיקייטן פון באַיטראַס וועלט זיינען יחוס, וואָס פאַרשטעלט אים דעם וועג צו דער מיידל, וועלכע ער ליבט, אַ רב, אַ ווילדער פאַנאַטיקער, אַ צבועק און אַ געלטפּרעסער, אַ ראש הקהל, וואָס איז אַ שפּיאָן, דורכ־געקניפּט מיט דער פּאָליציע, און אַזוי ווייטער. צבועצטווע, וואָס רעדט מיט גאָט און קריכט אין פרעמדע קעשענעס; מוסר זאָגעריי, וועלכע וויל בינדן דעם שמשון הגיבור, דעם פּראָ־לעטאַריאַט...

נישט אַלץ געהערט דער פּען פון דעם זייער טאַלאַנטפולן משה קולבאַק, וועלכער זעט די יידישע פאַרגאַנגענהייט נישט דווקא אין דורכאויס עקלהאַפטע פאַרבן. גאָר אַ סך איז צוגע־טאָן געוואָרן פון די טעאַטערלייט, וועלכע זיינען ספּעציאַ־ליסטן אין קלאַסנקאַמף. פון די דיזעלביקע, וואָס האָבן פאַר־קלאַסנקאַמפט גאָלדפאַדנס „שולמית".

איך האָב זיך געוואונדערט, ווי קומט דאָס קיעווער טעאַ־טער אויפצופירן „שולמית", אַזאַ פּרימיטיווע זאַך, נאָך מיט אַן ארץ ישראלדיקן אינהאַלט. אָבער עס איז גאָר נישט געווען די אַלט באַקאַנטע שולמית, נאָר אַ לוסטיקער בורלעסק, שולמית מיט קלאַסנקאַמף. אבשלום איז דאָ אַ רייכער יונגערמאַן מיט אַלע געמיינהייטן פון אַ בורזשוי. שולמית איז גאָר פאַרליבט אין אַן אָרעמען פּאַסטוך און איר טאַטע איז קעגן דעם שידוך.

דער כהן גדול און אַלע אַנדערע כלי קודש זיינען העסלעכע אומווירדיקייטן, דעם כהן גדולס טאַכטער איז אַן אויסוואורף, דער איידעלסטער כאַראַקטער פון דעם קלאַסנקאַמף־בורלעסק איז דער אַפריקאַנער שקלאַף צינגונטאַנג...

די טרופּע פון דעם יידישן טעאַטער אין קיום באַשטייט פון 56 מיטגלידער און איז איינע פון די גרעסטע יידישע טרופּעס אין דער וועלט. אַלע שוישפּילער זיינען פאַרזאָרגט מיט געהאַלט. זיי דאַרפן נישט זאָרגן, אַז דער טעאַטער־דירעקטאָר וועט נישט באַצאָלן זייער שכירות, דאַרפן נישט מורא האָבן, אַז דאָס טעאַטער וועט זיך צומאַכן אינמיטן סעזאָן. מען בויט זיי אַ נייעם טעאַטער; מען בויט פאַר זיי באַקוועמע דירות. אָבער קיינער פון זיי גלויבט נישט אין אַ צוקונפט.

דאָס יידישע טעאַטער, ווי די יידישע ליטעראַטור, ווייסן, אַז זיי האָבן פאַרלאָרן דאָס פאָלק. זיי ווייסן ביידע, אַז זיי האָבן נישט קיין לייענער און קיין צושויער. אַ סך פון זיי נעמען זיך עס נישט שטאַרק צום האַרצן. זיי האָבן אין רע־זערוו די רוסישע שפּראַך. אָבער די פון זיי, וועלכע בענקען נאָך אַ צוקונפט אַלס יידישע שרייבער און שוישפּילער, קוקן אַריבער צו ביראָבידזשאַן. אַ יידישע אויטאָנאָמע געגנט, אַ מעגלעכע יידישע רעפּובליק, אַ יידיש אייגן לעבן, יידישע קולטור, אַ יידישע צוקונפט, און יידיש די שפּראַך. ביראָ־בידזשאַן איז די רעטונג.

אָבער זיי ווייסן אויך, אַז די רוסישע יידן ווילן נישט פאַרקלייבן זיך אַזוי ווייט אין אַזיע, האָבן קיין חשק נישט צו פאָרן אין ביראָבידזשאַן. דער עקאָנאָמישער בייטש טרייבט נישט, און דער ווילן פאָלק צו זיין און פאָלק צו בלייבן איז דורך זיי אַליין, די יידישע שרייבער און וואָרטפירער, פאַר־לאַכט געוואָרן, פאַרניכט געוואָרן.

קוקן די יידישע שרייבער אַריבער צו ביראָבידזשאַן מיט בענקענדיקע הערצער, זינגען איר לידער און לויבן זי אין דערציילונגען, זאָגן ווייסן דאָך נישט, פונוואַנען וועלן קומען יידן אין ביראָבידזשאַן. פון אירע גרענעצן וועלן אויפגע־

עפנט ווערן פאר די גרויסע יידישע מאסן אין פוילן און רומעניע, וועלכע זוכן פאר זיך א רעטונגספלאץ. דעמאלט וועט ביראָבידזשאַן אויך ווערן א רעטונגספלאץ פאר דער יידישער ליטעראטור און דעם יידישן טעאטער.

# די יידישע קאָלכאָזן אין קרים.

די קאָלכאָזן זיינען אַן עטאַפּ אויפן וועג צום קאָמוניזם, אַ פאָרשטופע צו דער ארץ ישראלדיקער קבוצה, וועלכע איז די העכסטע פאָרם פון קאָמוניסטישן צוזאַמענלעב. די קאָלעקטיווע ווירטשאַפטן אין ראַטנפאַרבאַנד, אָדער ווי זיי הייסן מיטן צוזאַמענגעצויגענעם נאָמען קאָלווירטן (קאָלכאָזן), זיינען שותפותדיקער באַזיץ פון דער ערד, פון די אַרבעטס־מיטלען און פון אַלע געביידעס, וואָס זיינען נויטיק פאַר קאָאָפּעראַטיווער אַרבעט און פאַר אויפבאַוואַרונג פון אַלץ, וואָס געהערט צום שותפות און קאָאָפּעראַטיוו.

אין אַ קבוצה ווערט קיינער נישט באַצאָלט מיט געלט לויט זיין אַרבעט, יעדער דאַרף קריגן לויט זיינע באַדערפענישן. אָבער יעדער איינער אין דעם קאָלכאָז ווערט באַצאָלט לויט דעם חלק אַרבעט, וואָס ער האָט אַריינגעלייגט. אַ נאָרמע ווערט באַשטימט פאַר אַן אַרבעטסטאָג: אַזויפיל און אַזויפיל, קוואַנטיטאַטיוו און קוואַליטאַטיוו. אַ שלעכטער אַרבעטער וועט אויסאַרבעטן נאָר אַ העלפט פון דער נאָרמע אין זיין אַרבעטסטאָג, וועט אויף אים פאַרשריבן ווערן אַ האַלבער טאָג. אַ גוטער אַרבעטער קאָן אויסאַרבעטן עטלעכע מאָל די נאָרמע אין זיין אַרבעטסטאָג, וועלן אויף אים פאַרשריבן ווערן עטלעכע טעג. און אַזוי וועלן זיי באַצאָלט ווערן פון דעם אַראָפּנעם פון די פעלדער און די גערטנער. נאָכדעם ווי

מען האָט פון דעם אַראָפּנעם אָוועקגעגעבן דער מלוכה איר טייל פאַר אַ פּרייז, וואָס זי אַליין האָט באַשטימט, און נאָכ־דעם ווי מען האָט אָפּגעלייגט אויף אַ זייט ספּעציעלע פאָנדן פאַר דעם קומענדיקן פאַרזיי און פאַר קאָרמע פאַר די בהמות און עופות און פאַר נאָך אַזעלכע נויטווענדיקייטן, וועט מען דאָס איבערגעבליבענע פאַרקויפן אין מאַרק פאַר דעם מאַרק־פּרייז, און דאָס אויסגעלייזטע געלט צוטיילן צווישן די מיט־גלידער פון דעם קאָלווירט לויט דער צאָל פון זייערע אַר־בעטסטעג. נאַטירלעך וועט איינער קריגן גאָר אַ סך, דער צווייטער זייער ווייניק.

יעדער קאָלווירטניק האָט זיין אייגן הייזל, אַ שטיקל ערד ביים הייזל, צו פאַרזייען און פאַרפלאַנצן פאַר אייגענעם געברויך, אַן אייגענע קו אָדער צוויי, אַ ציג, אַ שעפּס, הינער און חזירים. די פּראָדוקטן פון זיין אייגענעם שטיקל ווירט־שאַפט קאָן ער פאַרקויפן אין אָפענעם מאַרק, אויב ער פאַר־ברויכט זיי נישט פאַר זיך און זיין פאַמיליע. אָבער ער טאָר נישט אָפּקויפן זיין שכנס פּראָדוקטן צו פאַרקויפן זיי. דאָס איז פאַרבאָטענער האַנדל.

ווערליק די קבוצה אין א״י איז פרייוויליקע פאַרווירק־לעכונג פון אַ גרויסן אידעאַל, איז די קאָלכאָז־פאָרם דיקטירט געוואָרן פון אויבן, אַרויפגעצוואונגען געוואָרן אויף די פּויערים. זי האָט געקאָסט אַ סך קאַמף און בלוט. אָבער די באַצוואונ־גענע האָבן איצטער קיין חרטה נישט. די קאָאָפּעראַטיווע אַר־בעט און דער בשותפותער באַזיץ פון דער ערד האָט מעגלעך געמאַכט צו אַרבעטן מיט טראַקטאָרס און קאָמביינערס. דאָס האָט כמעט אומאָפּהענגיק געמאַכט די ערדאַרבעט פון וועטער־באַדינגונגען און געזיכערט גוטע אַראָפּנעמס. פּויערים, וואָס פלעגן דאַרפן בעטן אַ שטיקל ברויט, קריגן איצטער אויף זייער חלק הונדערטער פּוד ברויט און טויזנט און מער רובל.

ווען זיי וועלן זיך מער און מער איינלעבן אין דעם בשותפות, וועט אין שפּעטערע צייטן אין אַ געגעבענעם מאָ־מענט לייכטער זיין פאַר דער סאָוויעטישער רעגירונג איינ־צופירן אין די קאָלכאָזן די קאָמוניסטישע פאָרם פון דער

קבוצה. די קבוצה וועט דעמאָלט זיין פאַר זיי אַ גוטער מוסטער.

זאָלן מיר שוין איצטער נישט מאַכן קאָמוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע?

געוויס, מיין ווייב! מיר וועלן באַזוכן די יידישע קאָלאָניעס און דערציילן זיי פון דעם לעבן אין די ארץ־ישראלדיקע קבוצות...

און מיר זיינען אַוועקגעפאָרן אין קרים צו באַזוכן די יידישע קאָלאָניעס.

באַזוכט איין קאָלאָניע, אַ צווייטן, אַ דריטן, אַ פערטן, אַ פינפטן... דאָס רוב באַוואוינט און באַווירטשאַפט פון יידישע מענטשן, וועלכע זיינען דאָ נישט לאַנג געוועזן דעקלאַסירטע קרעמער און סוחרים.

איין קאָלאָניע האָט זיך ספּעציאַליזירט אין וויינטרויבן, דער גרעסטער וויינגאָרטן פון אַלע. דער אָנפירער פון דער אַרבעט האָט אונז מכבד געוועזן מיט פאַרשיידענע סאָרטן וויינטרויבן און דערציילט זיינע דערפאַרונגען. די קאָלאָניסטן האָבן זיך ביי אים געבונטעוועט. וואָס ווייסן זיי פון וויינטרויבן? וואָס איז דער תכלית פון וויינטרויבן? וואָס קאָן מען האָבן פון וויינטרויבן? און ווער קאָן עס וואַרטן, ביז מען וועט דערלעבן צו זען די וויינטרויבן? אָבער איצטער האָבן זיי קיין חרטה נישט. זיי קענען גוט די אַרבעט, ליבן זי און זיינען שטאָלץ מיט די רעזולטאַטן. די רעגירונג האָט זיי געשטעלט אַ נאָרמע, און זיי האָבן זי איבערגעיאָגט!

אַ צווייטער קאָלאָניע האָט זיך ספּעציאַליזירט אין גערטנעריי. דער גרעסטער גאָרטן פון אַלע. ריזיקע פעלדער מיט קאַוואָנעס, מעלאָנען, אייגפּלענטס, בעבלעך, אַרבעס און וואָס נישט. דער פאָרזיצער פון דעם קאָלאָניע, אַ יאָדערדיקער ייד, אַ פאַרגניגן אים אָנצוקוקן, איז אונז מכבד מיט קאַוואָנעס און מעלאָנען און דערציילט זיינע דערפאַרונגען. נישט לייכט אָנגעקומען די אַרבעט. שווער געוועזן איינצובּרעכן זיך. אָבער מען האָט זיך איינגעבראָכן, און נאָך ווי! די בעסטע אַרבעטער

געוואָרן. פאַראַן סטאַכאַנאָוועס און סטאַכאַנאָווצעס. פון דעם דערבייאיקן טאַטערשן קאָלכאָז קומען אַלטע פויערים און באַוואונדערן די יידן און לערנען זיך ביי זיי.

אין אַ דריטן קאָלכאָז — שעפּסן. די פעלדאַרבעט האָט זיך היי־יאָר נישט איינגעגעבן. אַ האָגל האָט אָנגעמאַכט אַ חורבן. אָבער די שעפּסן זיינען געווען אַ מזל און ברכה. האָבן אַריינגעבראַכט אַרום זיבעציק טויזנט רובל.

יעדער קאָלכאָז זיין אייגן מזל און ברכה. בהמות, פערד, הינער. 150 בהמות, 70 פערד, 2000 הינער. איין קאָלכאָז האָט מער, אַ צווייטער ווייניקער. אָבער אַלע נישט צו פאַר־זינדיקן. מען פירט אין מאַרק אַריין מילך און אייער, מען לייזט אויס גרעסערע סומען, די רעגירונג קריגט איר נאָרמע און מער...

דערצו האָט זיך יעדער קאָלכאָזניק זיין אייגענע באַלע־באַטישקייט, אַ הייזל, אַ גאָרטן מיט גרינס, אייגענע עופות, אַ קו, און חזירים, חזירים...

מיר האָבן דערציילט פון דעם לעבן אין די קבוצות. מען האָט אונז אויסגעהערט מיט דער גרעסטער אויפמערקזאַמ־קייט. טאַקע זייער שיין! אָבער דאָ קאָן מען עס נישט. עס באַצאָלט זיך נישט דער רעגירונג. אונזער רעגירונג מוז זיך נאָך האַלטן אָן דעם, אַז יעדער זאָל באַלוינט ווערן לויט זיין אַרבעט. אין איין פּלאַץ האָט אַ גרופּע פון געוועזענע ארץ־ישראלדיקע קבוצה־מענטשן געוואָלט טאַקע איינפירן; אַ קאָמו־ניסטישן צוזאַמענלעב, אויפגעשטעלט דריי גרויסע מויערן, אין וועלכע עס זיינען געווען די בשותפותדיקע קיך, דאָס בשותפותדיקע עסצימער, אַ קינדערהיים, דירות פאַר די דער־וואַקסענע, און אַזוי ווייטער. אָבער די רעגירונג האָט אויס־געפונען, אַז עס באַצאָלט זיך נישט, און זיי האָבן געמוזט ווערן אַ קאָלכאָז.

ווי בענטשן זיי אַלע די סאָוויעטישע רעגירונג, די „פּראַ־וויטעלסטוואָ"! אַ ו נ ז ע ר פּ ר אַ וו י ט ע ל ס ט וו אָ! זי האָט אַלע קאָלכאָזן אויסגעבאָרגט גרויסע סומען געלט, געשטעלט אויף די פיס. איין קאָלכאָז האָט געקראָגן געליען אַ מיליאָן

רובל, א צווייטער זעקסהונדערט טויזנט און אזוי ווייטער. איז עס נישט וואונדערבאר? אזעלכע הלוואות! איז אָט האָט זי א העלפט שוין אָפּגעשריבן!... וואָס הייסט אָפּגעשריבן? פשוט אויסגעמעקט, אָפּגעווישט. געשענקט. און וואָס מיינט איר, וועט זיין מיט דער צווייטער העלפט? וועט אויך אָפּגעשריבן ווערן. וואָס דען אויפמאָנען וועט זי?

„איז ווי געפעלט אייך עפּעס אונזער פּראוויטעלסטווא? הא?"

הלוואי אויף אַלע יידן געזאָגט געוואָרן!

אָבער... אָבער...

„פארוואָס זעען מיר נישט קיין יוגנט? וואו זיינען אייערע אכצן און צוואנציק־יעריקע בחורים און מיידלעך?"

„אָ, אונזערע בחורים און מיידלעך, זיינען זיך צופאָרן אין די שטעט, אוועק שטודירן אָדער אין די פאבריקן. פאר זיי איז דאָ קיין תכלית נישט..."

„מיר האָבן צו סטאלינען גאָרנישט," האָט געזאָגט א מיטעליעריקע פרוי. „אונזערע קינדער איז גוט ווי די וועלט, און מיר וועלן שוין דערלעבן אזוי אונזערע יאָרן."

א זיבעציקיעריקער מאן האָט זיך געפרייט, וואָס קיינער פון זיינע קינדער איז שוין נישטאָ מיט אים. זיי זיינען אין כארקאָוו, אין קיעוו, אין מאָסקווע.

„איך בין שוין ביים סוף," האָט ער געזאָגט. „איז מיר און מיין יידענע גאָרט שוין נישט, אָבער פאר די קינדער און אייניקלעך איז בעסער וואו זיי זיינען."

אין איין קאָלכאָז האָט מען זיך געפרייט, וואָס זיי האָבן דערלעבט צו זען, אז הונדערט און צוואנציק פון זייערע בחורים און מיידלעך זיינען שוין אוועקגעפאָרן. געבליבן זיינען 185 אונטער אכצן יאָר — וועלן זיי אונטערוואקסן און אויך צופאָרן זיך.

„איז וואָס וועט זיין מיט די קאָלכאָזן? ווען די יוגנט וועט זיי פארלאָזן, ווער וועט זיי ווייטער באארבעטן, ווען איר וועט אויסלעבן אייערע יאָרן?"

ווייניקער באוואוסטזיניקע האָבן געענטפערט:

„וועלן מיר זיך טאקע אוועקזעצן זאָרגן!"

מער באוואוסטזיניקע האָבן געזאָגט:

„מיר האָבן געטאָן אונזער פליכט. געאַרבעט, אויפגעבויט קאָלכאָזן, געבראַכט נוצן אונזער סאָציאַליסטישן פאָטערלאַנד. אז מיר וועלן נישט זיין, וועלן איבערנעמען אונזערע קאָלכאָזן און פאָרטזעצן אונזער ארבעט די אַנדערע. טאָטערן, דייטשן, אוקראַינער, מאַלע ווער. וועמען גייט עס אָן."

„און יידישע ערדאַרבעט?"

„געוועזן נויטיק, כל זמן מיר האָבן געהאַט דעקלאַסירטע. איצטער נישט נויטיק. וואו שטייט עס געשריבן, אז יידן מוזן זיין ערדאַרבעטער. מיר קאָנען איצטער זיין נוצלעך אומעטום, וואָס מיינט איר וועט זיין מיט ביראָבידזשאַן? יידן וועלן נישט פאָרן. צו וואָס? אויף וואָס דאַרפן מיר זי! נאָך אין סיביר! א פאַרשיקעניש! איר האָט זיך דאָך מסתמא אָנגעזען מיט יידן אויף אייער רייזע... נו, וואָס זאָגן זיי? מסתמא דאָס אייגענע וואָס מיר..."

„אמת."

„וואָס דען נישט? נאַרן וועלן זיי זיין! זאָל מען שיקן אין ביראָבידזשאַן די יידן פון דייטשלאַנד, פון פוילן... מיר וועלן אייך זאָגן נאָך מער: פאַר אונז איז ביראָבידזשאַן א שרעקוואָרט. אז מיר דאַרפן זי נישט!... זאָלן אונזערע קינדער נעמען און אוועקפאָרן אַהין, וועט עס ביי אונז זיין, ווי מען וואָלט זיי פאַרשיקט..."

„איר האָט דאָך זיי סיי־ווי־סיי נישט מיט זיך."

„דאָך פינדעסטוועגן... זומער קומען זיי צופאָרן, העלפן צרוים..."

האָבן מיר די דערקלערונג, פאַרוואָס די יוגנט איז נישטאָ. אָבער —

„פאַרוואָס האָט איר נישט קיין סימן פון א בוים? פאַר וואָס זעט מען ביי אייך קיין בלומען נישט? בענקט איר נישט אין זומער נאָך א ביסל שאָטן? האָבן אייערע אויגן קיין באַדערפעניש נישט נאָך א ביסל בלומען־שיינקייט? שטייען צוויי לאַנגע שורות מיט ציגלהייזלעך, פיל מיט זכר

לחורבן פלעקן, ווייל דער רעגן האָט ערטערווייז אראָפּגע־שווענקט די שטוקאטורקע, זעען אוים אזוי נעבעכדיק, אזוי פאַרטרויערט. פאַרוואָס נישט פאַרצירן זיי מיט בלומען? פאַרוואָס נישט דערפרייען זיי מיט גרינס? איז אייער ערד, די ערד פון דער קרימער סטעפּ, נישט מסוגל צו בוים און בלום?"

„אָ, ניין! אויף אונזער ערד וואַקסט אַלץ, וואָס מען פאַרזייט און פאַרפלאַנצט. מיר האָבן טאַקע פאַרפלאַנצט אַ וועלדל, האָבן די בהמות צוטראָטן. אַ ביסל שאָטן וואָלט טאַקע גוט געווען, אָבער ווער האָט צייט צו שלאָגן זיך מיט די בהמות. און בלומען... מיר האָבן געלעבט ביז אהער אָן בלומען..."

מיר האָבן זיי דערציילט, אַז אין ארץ ישראל זיינען בלומען געוואָרן אַ מנהג. מען פלאַנצט און מען קויפט בלו־מען. קרעמער און אַרבעטער גייען פרייטיק אַהיים מיט בלו־מען אויף שבת...

אונזערע צוהערער האָבן גערעדט מיט די פּלייצעס.

„איז ווי שטייט עס ביי אייך מיט קולטור?"

„מיר האָבן אַ קלובהויז. דאָרטן פאַרזאַמלט מען זיך צומאָל נאָך דער אַרבעט. פאַרברענגט מען שיין צוזאַמען. מען זינגט, מען טאַנצט — מיר טאַנצן דאָ אַלע אייערע אַמע־ריקאַנער טענץ. טאַקע צוליב אונזערע קינדער. זיי פאָרן אַרוים אין דער וועלט, זאָלן זיי נישט זיין קיין ישובניקעס. און אייערע אַמעריקאַנער טענץ זיינען איצטער די גאַנצע מאָדע."

„און לעקציעס? און ביכער?"

„אָ, יאָ, אַמאָל האָבן מיר אַ לעקציע אויך, ווען איינער קומט צו פאָרן. אַמאָל לייענט מען פאַר עפּעס פון שלום עליכם — אָבער ער הייבט שוין אָן צו דערעסן..."

„און אַנדערע שרייבער?"

„וועלכע אַנדערע שרייבער?"

„די נייע סאָוויעטיש־יידישע ליטעראַטור?"

„מיר קענען זי זייער ווייניק."

„ווי קומט עס?"

„נישט־אינטערעסאַנט. און מיר וועלן אייך זאָגן דעם אמת: זיי פאַרדינען נישט, מיר זאָלן זיי לייענען. אָט האָט דוד בערגלסאָן אָפּגעוואוינט אַ גאַנצן זומער אין יעווּפּאַטאָריע און נישט פאַראינטערעסירט זיך אַראָפּצוכאַפּן זיך און געוואָר ווערן כאָטש איין איינציקן קאַלכאָז. און אַזוי ווי ער, אַזוי די אַנדערע. קומען אַראָפּ אויף זומער אַהער אין קרים, און צו אונז באַווייזן זיי זיך נישט. איין דאַברושין לאָזט זיך אַמאָל זען. איז אַז זיי אינטערעסירן זיך נישט מיט אונז, פאַרוואָס זאָלן מיר זיך אינטערעסירן מיט זיי?"

„ווי האַלט עס מיט דער יידישער שפּראַך?"

דער ענטפער:

זיי האָבן שולן — איין שולע פאַר עטלעכע בשכנותדיקע קאַלכאָזן, — מען לערנט יידיש, אָבער... מען רעדט רוסיש. וואָס דען? ווען די קינדער ווערן אַלט אַכצן יאָר און פאָרן אַוועק אין די גרויסע שטעט, ווערט יידיש סיי־ווי־סיי אָפּגעלייגט אין אַ זייט...

„איז וואָס וועט זיין מיט דער יידישער קולטור?"

מיר זיינען געזעסן אין הויז פון אַן עלטערער קאַלכאָזניצע, וועלכע איז אונז פאַרגעשטעלט געוואָרן פאַר אַן אשת חיל, אַ סטאַכאַנאָווקע. זי האָט אונז מכבד געווען מיט איר יחוס — אַ קוזינע פון איינעם פון די הערלעכסטע פערזענלעכקייטן אין ארץ ישראל — און מיט געפילטע פיש. מיר האָבן נישט געוואוסט, אַז עס איז שבת, האָט מען אונז געלאָזט וויסן, אַז אין זעקס טעג אַרום וועט זיין ראש השנה. ווי אַזוי זיי האָבן עס געוואוסט, כאָטש זיי האָבן נישט קיין לוח, האָבן זיי אונז נישט געוואָלט אויפדעקן. אָבער ווען איך האָב געפרעגט מיין פראַגע וועגן דער יידישער קולטור, האָבן זיך שטאַרק צובריוקעט אונזער באַלעבאָסטעס חזירים. עס האָט אויסגעבראָכן אַ געלעכטער, און איך האָב נישט געדאַרפט קיין אַנדער ענטפער.

ווען מיר זיינען געקומען צוריק אין מאָסקווע, האָבן מיר אָנגעפרעגט ביי בערגלסאָנען און ביי נאָך אַנדערע יידישע

שרייבער: היתכן? פארוואס פארנאכלעסיקט איר אזוי די יידישע קאלכאזן?

דער ענטפער איז געוועזן א מאך מיט דער האנט. זיי ווייסן, אז די קאלכאזן וועלן נישט בלייבן קיין יידישע קאל־כאזן. איז נישטא, מיט וועמען אפצוגעבן זיך. אן עבירה צייט צו פארלירן. די אויגן פון די יידישע שרייבער זיינען געווענדט צו ביראבידזשאן. פאר בערגלסאנען בויט מען דארטן א הויז, ער וועט זיך דארטן באזעצן. איך בין געוועזן דער איינציקער, וועמען עס האט ווי געטאן דאס הארץ, וואס די קאלכאזן, די יידישע קאלכאזן, וועלן פארשווינדן.

# געוועזענע קבוצהניקעס איצטיקע קאַלכאָזניקעס.

פאַראַן אַ יידישער קאָלכאָז אַרום יעווּפּאַטאָריע אין קרים, וואָס הייסט וואָיאָ נאָוואָ. דאָס זיינען נישט קיין רוסישער נאָמען און נישט קיין רוסישע ווערטער. אויך נישט קיין ווערטער פון קיינער פון די הונדערט און עטלעכע און פופציק שפּראַכן, וואָס ווערן גערעדט אין ראַטנפאַרבאַנד. דאָס זיינען צוויי ווערטער פון עספּעראַנטאָ, פון דער שפּראַך, וועלכע האָט זיך פאַרמאָסטן צו ווערן די שפּראַך פון דער גאַנצער מענטשהייט און איז נאָך דערווייל קיינעמס נישט. און מיינען מיינען די צוויי ווערטער: נייער וועג.

ווי קומט עס, אַז אַ יידישער קאָלכאָז זאָל טראָגן אַן עספּעראַנטאָ־נאָמען? פאַרוואָס האָט ער זיך טאַקע נישט אַ נאָמען געגעבן אויף פּשוטן מאַמע־לשון נייער וועג?

האָט מען אונז דערציילט:

ווען די באָלשעוויסטישע רעוואָלוציע און די סאָוויעטישע רעגירונג האָבן זיך אָנגעהויבן אַלץ מער איינצופונדעווען אין געוועזענעם צאַרנלאַנד, האָט זיך אַ געוויסע צאָל מיטגלידער פון קבוצות אין ארץ ישראל שטאַרק פאַרבענקט אַהיים אין דעם סאָציאַליסטישן פאָטערלאַנד. אַהין, אַהין, וואו עס בליט אויף די נייע צוקונפט פון דער אַרבעטנדיקער מענטשהייט!

די קבוצות מאָגן טאַקע זיין קאָמוניסטישע, אָבער זיי זיינען

בלויז קליינע אינזלען אין אַ לאַנד, וואָס ווערט אַלץ מער קאַפּיטאַליסטיש, מוז ווערן קאַפּיטאַליסטיש, און ווער ווייס, צי זיי וועלן אויסהאַלטן און סוף כל סוף נישט גיין דעם וועג פון אַלע קאָמוניסטישע פאַרזוכן אין קאַפּיטאַליסטישע לענדער? און אויסערדעם: די קבוצות זיינען אַ טייל פון דער הסתדרות, און די הסתדרות גייט מיט דעם צווייטן אינטער־נאַציאָנאַל, איז סאָציאַל־פאַשיסטיש, איז אַ פיינט פון סאָ־וויעטרוסלאַנד. מען מוז אַנטלויפן פון דער הסתדרות און די קבוצות. האָבן זיך אויפגעהויבן אַרום 80—90 פאַמיליעס פון די קבוצות בית אלפא, עין חרוד, תל יוסף, און זיינען אַנטלאָפן. אָנגעקומען אין ראַטנפאַרבאַנד און אויפגענומען געוואָרן פאַר גוטע געסט. מען האָט זיי אָפּגעגעבן אַ שטח ערד, וואָס איז גרעסער פאַר אַלע די אָנגערופענע קבוצות צוזאַמענגענומען, געגעבן זיי אַ גרויסע הלוואה פון 600 טויזנט רובל: באַזעצט זיך, אַרבעט, און זאָל אייך גוט גיין!

יאָ, עס וועט שוין גוט גיין! צו דער אַרבעט. חברים און חברות!

ובכן — אַ נאָמען! איידער מען איז נאָך אַרויפגעפאָרן אויף דער ערד, איידער מען האָט נאָך אַריינגעשטעקט אין דער ערד דעם ערשטן גראָבאייזן, מוז זיין אַ נאָמען!

זייער קאָלעקטיוו וועט זיין אַ ריין קאָמוניסטישער. דאָס ערשטע קאָמוניסטישע דאָרף אין דעם קאָמוניסטישן לאַנד. אַ נייע זאַך, אַ נייע פאָרם, אַ נייער וועג פאַר אַלע נאָענטע און ווייטע דערפער, פאַר אַלע יידישע און נישט־יידישע, אַ נייער וועג פאַר דער גאַנצער לאַנדווירטשאַפט פון דעם גאַנצן קאָמו־ניסטישן פאָטערלאַנד. נייער וועג דאַרף אויך זיין דער נאָמען פון דעם נייעם געבענטשטן קינד.

זיי זיינען אַלע געקומען פון ארץ ישראל און האָבן גערעדט צווישן זיך העברעאיש, געטרעדט און געליבט העברעאיש. זיי האָבן נישט געזאָגט, ווען זיי האָבן פאַרהאַנדלט די פראַגע וועגן נאָמען, אויף יידיש נייער וועג, זיי האָבן געזאָגט אויף העברעאיש דרך חדשה. מיט פאַרגעניגן וואָלטן זיי אַ

נאָמען געגעבן זייער קאָלעקטיוו אויף העברעאיש דרך חדשה! אָבער...

איז העברעאיש, אַלס די שפּראַך פון תנ"ך, פאַרבאָטן אין ראַטנפאַרבאַנד?

ניין. אָט האָט אַ יידישער באַרג־שבט אויף קאַווקאַז אָנ־געגעבן העברעאיש פאַר זיין מוטערשפּראַך, כאָטש דאָס איז נישט אמת, ווייל זיי האָבן קוים געקאָנט דאַוונען און צרויס־רעדן שלום עליכם. אָבער זיי האָבן געוואָלט העברעאיש, האָט די סאָוויעטישע רעגירונג נישט געזאָגט ניין. זי האָט אויפ־געעפנט פאַר זיי העברעאישע שולן, צוגעשטעלט זיי העברעאישע לערביכער. איר ווילט העברעאיש, נאַט אייך העברעאיש. אַבי לערנט נאָר און זייט גוטע סאָציאַליסטן.

איז פאַרוואָס האָבן די געוועזענע קבוצהניקעס נישט נע־געבן זייער קאָלעקטיוו דעם העברעאישן נאָמען, וועלכן זיי האָבן אַזוי שטאַרק געוואָלט?

ווייל דאָ איז אַנדערש. דאָ שמעקט העברעאיש מיט ארץ ישראל, מיט ציוניזם, פועלי ציון, צעירי ציון, השומר הצעיר...

איז פאַרוואָס האָבן זיי נישט אָנגענומען דעם יידישן נאָ־מען, אין פשוטן מאַמע־לשון נייער וועג?

זיינען זיי מעשה שטן געוועזן פאַרברענטע העברעאיסטן און האָבן געהאַסט יידיש..

איז פאַרוואָס שוין נישט אויף רוסיש?

דאָס וואָלט געשמעקט מיט אַסימילאַציע. אַלע יידישע קאָ־לאָניעס אין דעם גאַנצן אַרום טראָגן יידישע נעמען, כיידן זיי האָבן זיך אויסגעקליבן דעם נאָמען פון אַ סאָוויעטישן פירער, ווי וואָראָשילאָוו, מאָלאָטאָוו, קאַלינין. אָבער די ארץ ישראלדיקע האָבן נישט געוואָלט אַ נאָמען נאָך אַ מענטשן. זיי האָבן געוואָלט אַ נאָמען נאָך אַ אידעע. דווקא נייער וועג — אַן אַנדייט, אַ סימבאָל, אַ צורות. איז אַז נישט העב־רעאיש, נישט יידיש און נישט רוסיש, איז געבליבן -- עספּעראַנטיש. וואַיאַ נאָוואַ. אי, קיינער פאַרשטייט נישט! אי, דער אַנדייט, דער סימבאָל, דער צורות זיינען פאַרלאָרן גע־גאַנגען!... מילא, עס איז אַרויסגעקומען נאָך אַ סך ערגער.

דער נאָמען ווערט פון אַלעמען אַרויסגערעדט וואָיענאַוואַ, און איז געוואָרן גאָר אַן אַנדערש אויף סאָלדאַטישקייט און מלחמה... אָבער דאָס איז נישט דער איינציקער טעות פון די געוועזענע ארץ ישראל יידן.

זיי האָבן געמאַכט אַ טעות, וואָס זיי האָבן זיך אָנגעכאַפּט אָן אַזאַ ריזיקן שטח ערד. גאָר שנעל זיינען אַ סך פון זיי זיך צולאָפן, און די איבערגעבליבענע האָבן נישט געהאַט גענוג הענט פאַר זייער גרויסער ווירטשאַפט. זיי האָבן געמוזט זוכן נייע מיטגלידער. צווישן יידן האָבן זיי נישט געפונען. דער שטראָם פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע האָט זיך אָפּגעשטעלט, מען לויפט נישט מער פון שטאָט אין דאָרף. האָבן זיי געמוזט זוכן צווישן נישט־יידן, און אויך נישט קיין סך געפונען. עט־לעכע בולגאַרישע פאַמיליעס, אַ פּאָר רוסישע. צושטערט די שפּראַכנאייִנהייט, צובראָכן אַ גאַנצקייט, אַט טאַקע די ארץ־ישראלדיקע גאַנצקייט, וועלכע זיי האָבן געבראַכט מיט זיך. און דערביי זיינען זיי נאָך אַלץ בלויז פינף און זעכציק פאַ־מיליעס, און האָבן נישט גענוג הענט פאַר דער ארבעט. איז זיי נעבעך נישט גאָר גוט.

און דערנאָך זייער שפּראַכלעכער טעות. זיי האָבן געליבט העברעאיש, געהאַסט יידיש. דעם ביישפּיל האָבן מיר אין דעם נאָמען פון זייער קאָלכאָז. אָבער זיי מוזן שיקן זייערע קינדער אין דער שולע פון דעם דערבייאיקן קאָלכאָז מאָלאָטאָוו, וואו די לער־שפּראַך איז יידיש, און העברעאיש טאָר נישט דערמאָנט ווערן. איז עס נישט אַ ריס אין דער נשמה?

אָבער זייער ערגסטער טעות איז אין דעם קאָמוניסטישן אויסלעבן זיך. זיי איז געוועזן אידעאָלאָגיש ענג אין ארץ ישראל, זיי האָבן געבענקט נאָך מער און בעסערן קאָמוניזם, זיי זיינען אַנטלאָפן צו פאַרפלאַנצן קאָמוניסטישן צוזאַמענלעב אין לאַנד פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע און אַרויפצופירן דאָס דאָרף אין ראַטנפאַרבאַנד אויף אַ נייעם וועג. און עס האָט זיך אָנגעהויבן זייער גוט. די סאָוויעטישע רעגירונג איז זיי אַנטקעגנ־געקומען מיט לאַנד און געלט. זיי האָבן גענומען איינבויען זיך אויף דעם קבוצה־פּרינציפּ. אַלץ זאָל געהערן דעם קאָלעקטיוו,

גאַרנישט דעם איינציקן מיטגליד. נישט נאָר די ערד און די ארבעטסמיטלען און דער גאַנצער ווירטשאַפטס־צובאַהער, נאָר אויך דאָס צימער, אין וועלכן דער איינציקער וואוינט, און דאָס מעבל, וואָס אין דעם צימער, און דאָס בעטגעוואַנט אויף די בעטן. אַלץ זאָל געהערן דעם קאָלעקטיוו, פּונקט ווי אין דער ארץ ישראלדיקער קבוצה. אַלץ דער קאָמוניסטישער געמיינ־שאַפט. דאָס עסנוואַרג און די געטרענק, די קיך און דאָס עסצימער און דאָס געשיר — אין אַלץ זאָלן אַלע זיין גלייכע שותפים. און קיינער זאָל נישט באַצאָלט ווערן לויט דער ארבעט וועלכע ער טוט אָפּ. יעדער זאָל נאָר קריגן אויף זיינע באַ־דערפעניש. קיינער זאָל נישט באַצאָלט ווערן מיט געלט, ווי אַ שותף, וואָס צוטיילט זיך מיט די אַנדערע שותפים מיט דער הכנסה.

זיי האָבן אויפגעשטעלט דריי גרויסע טויערן. פּחלשע וואוינונגען, און קיך, און עסזאַל, און קינדערחיים, און וועש־שעריי. אַלץ, אַלץ, צוזאַמען, קאָמונע. איין געלטבייטל פאַר אַלעמען.

מיט אַמאָל קומט אָן פון אויבן, פון דער סאָוויעט־שער רעגירונג: אייער אַרט לעבן באַצאָלט זיך נישט. מיר וועלן מוזן צולייגן צו אייך אַ סך געלט. איר מוזט אויפהערן צו זיין אַ קאָמוניסטישע קאָלאָניע. איר זאָלט איבערבויען זיך אויף די יסודות פון אַ קאָלכאָז. יעדע פאַמיליע וועט זיך אויפ־בויען אַ הויז, מיט אַ גאָרטן ביים הויז, מיט אַ שטאָל פאַר אַ בהמה אָדער צוויי, אַ שטייג פאַר הינער און אַן ארומצוים פאַר חזירים. אַלץ, וואָס אייער אייגענע ווירטשאַפט וועט אייך אריינברענגען, מוזט איר איצטער נעמען פון קהל, דאָס הייסט אויך פון דער רעגירונג, און דאָס איז אונז צו טייער.

בקיצור, זיי האָבן זיך געמוזט אָפּזאָגן פון דער קבוצה־פאָרם און ווערן אַ קאָלכאָז. אויס קאָמוניזם און קאָמוניסטישער צוזאַמענלעב. יעדע פאַמיליע פאַר זיך מיט איר אייגענער בעל־לעבאַטישקייט: הייזל, גאָרטן, בהמה, עופות און חזירים. נאָר געמיינזאַמע ארבעט מיט געמיינזאַמע מאַשינען אויף געמיינ־זאַמער ערד. אָבער די הכנסה ווערט צוטיילט צווישן די מיט־

גלידער פון דעם קאַלכאָז לויט די אַרבעט־טעג, וואָס זיי האָבן אַריינגעלייגט. אויב איינער וויל פאַרדינען אַ סך און לעבן אַ בעסער לעבן, מוז ער זיך אָנשטרענגען און אַרבעטן אַ סך און גוט. אויב איינער פוילט זיך אונטער, זאָל ער אויף זיך אַליין פאַריבל האָבן, ווען אים וועט אויספעלן אויף דאָס נויטיקסטע. און אויב איינער איז בכלל נישט קיין גוטער און שנעלער אַרבעטער, איז עס זיין מזל אַזאַ, אַז ער זאָל פאַרבלייבן אויף אייביק אַ קליינער פאַרדינער...

אַראָפּצוגיין פון דער קאָמוניסטישער קבוצה צום האַלב־קאָאָפּעראַטיוון קאָלכאָז איז פאַר זיי געווען די גרעסטע אַנטוישונג. ווען מיר זיינען אַרומגעגאַנגען צווישן זיי, ווען מיר האָבן באַזוכט וואַיאַ נאָוואַ, האָבן מיר געהאַט דאָס געפיל, אַז מיר גייען אַרום צווישן מענטשן מיט אַ פאַרדראָס און ביטערקייט אין האַרצן.

מיין פרוי האָט געוואָלט אַריינקוקן אין זייער קינדער־היים, האָט מען עס איר נישט געוואָלט דערלויבן. זי האָט געמוזט פאָדערן, אַרגומענטירן, געברויכן איבעררעדונגס־קונסט. ווען מען האָט ענדלעך אויפגעעפנט פאַר אונז די טירן פון דער קינדערהיים, האָבן מיר פאַרשטאַנען, פאַרוואָס מען האָט אונז נישט געוואָלט אַריינלאָזן. די צוויי צימער זיינען געווען פול מיט פליגן, די בעטלעך זיינען געווען נישט־ריין, און אונטער די בעטלעך זיינען געשטאַנען טעפּלעך, און נישט קיין ליידיקע... און ערשט דאָס פאַרנאַכלעסיקטע אויסזען פון די קינדערלעך!...

מיר האָבן אין יענעם מאָמענט געמוזט אַ טראַכט טאָן פון די ליבטיקע, ציכטיקע, פון פליגן און מאָסקיטאָס באַשיצטע קינדער־היימען אין די קבוצות אין ארץ ישראל. איך בין זיכער, אַז אויך אונזערע באַגלייטער האָבן אין דעמזעלביקן מאָמענט אַ טראַכט געטאָן פון זיי און געוואוסט, אַז אין נעראַנקען שטעלן מיר איצטער אויף אַ פאַרגלייך. וואָרום זיי האָבן גלייך גענומען זיך צו דערקלערן, פאַרוואָס דער צושטאַנד פון זייער קינדערהיים איז אַזוי אומהיגיעניש: די קינדערהיים וועט אינגיכן צוגעמאַכט ווערן, די קינדער וועלן איבערגעגעבן

ווערן זייערע מאַמעס אין זייערע אייגענע היימען... איז דיר־ווײַלע...

נאָר מענטשן, וואָס טראָגן אַ ביטערקייט אין זיך, האָבן געקאָנט אַזוי שטעכיק רעדן וועגן די קבוצות אין ארץ ישראל.

„זיי שנאָרן נאָך דאָרטן? בעטלען נאָך? לעבן נאָך אויף קצבה?"

מיין פרוי האָט עס שטאַרק פאַרדראָסן און זי האָט גע־ענטפערט:

„איז אייך גוט, אַז איר האָט אַ וואונדערלעכע רעגירונג, וואָס האָט אייך אויסגעבאָרגט זעקסהונדערט טויזנט רובל און אַ העלפט פון דעם חוב שוין אוועקגעשענקט אייך. וואָס וואָלט איר געטאָן, ווען זי וואָלט אייך די הלוואה נישט געגעבן? וואָלט איר אויך „געבעטלט" ביי אונז אין אַמעריקע. האָט מען ביי אונז נישט געבעטלט אויף דער קאָלאָניזאַציע אין ראַטנפאַרבאַנד? זאַמלט מען ביי אונז נישט קיין געלט אויף ביראָבידזשאַן? און אויסערדעם, די קבוצות לעבן פון קצבה, אָבער לעבן ווי זיי ווילן. איר האָט דאַכט זיך געמוזט ברעכן אייער לעבן..."

צי זיי האָבן געוואָלט הערן אָדער נישט, מיר האָבן זיי דערציילט פון דעם וואוקס און דער אַנטוויקלונג פון די קבוצות אין ארץ ישראל. דערציילט זיי, אַז די קבוצות זיינען שוין אימשטאַנד אָפּצוצאָלן די הלוואות, וואָס זיי האָבן גע־קראָגן פון דעם קרן היסוד, און איבערראַשט זיי מיט דער גרויסער הלוואה, וואָס דער ישוב האָט געקראָגן אין ענגלאַנד אויף דער גאַראַנטיע פון די קבוצות, וועלכע זיי ווילן פאַרלאַכן.

דאָס איז ווירקלעך געווען פאַר זיי אַ גרויסע איבער־ראַשונג. זיי האָבן דערפון נישט געהערט.

„אָבער מען שלאָגט דאָרטן יידן! מען שיסט!" האָט אַ יונגע פרוי ביי זיי אויסגעשריען.

„פרייט עס אייך? דערמיט פרייען זיך קאָן נאָר ביטערע אַנטוישונג."

און מיין פרוי האָט צוגעגעבן:

„אָבער ארץ ישראל האָט אַריינגענומען אין 1935 איבער

זיבעציקטויזנט היימלאָזע יידן! אָבער די קבוצות זיינען גע־וואָרן אַ היים פאַר טויזנטער און טויזנטער פון דער דייטשער יידישער יוגנט!..."

וואָיאַ נאָוואַ איז געווען דער איינציקער קאָלכאָז, וואו מען האָט מיר נישט דערלויבט צו געבריכן מיין קאַדיש. דער פּאָרזיצער פון קאָלכאָז האָט געפאָדערט פון מיר אַ דער־לויבניש־צעטל פון עפּעס אַ קאַנצעלאַריע. איך האָב זיך פאַר־וואונדערט. אין קיין קאָלכאָז האָט מען פון מיר אַזאַ דערלויב־ניש נישט געפאָדערט.

„מיך אַרט נישט, וואָס אַנדערע קאָלכאָזן האָבן געטאָן," האָט ער געענטפערט.

דער אינטוריסט־אַנגעשטעלטער, וועלכער האָט אונז גע־בראַכט אַהער, האָט זיך אַריינגעמישט. ער האָט עס צום ערשטן מאָל, אַז מ'דאַרף אַזאַ דערלויבניש, און ער פאָרט שוין אַרום מיט געסט אַ צייט מיט יאָרן. אָבער דער פּאָרזיצער איז באַשטאַנען אויף זיינס און האָט מיך נישט געלאָזן אָפּנעמען קיין בילדער, באַטש עטלעכע קאָלכאָזניקעס זיינען גע־ווען גרייט צו פּאָזירן. אַך, ווען ער וואָלט געוואוסט, אַז מיינע אָפּנעמונגען האָבן זיך מיר נישט איינגעגעבן, וואָלט ער מסתמא דערלויבט מיר צו פאָטאָגראַפירן און וואָלט נישט פאַרראַטן די ביטערקייט פון זיינע אַנטוישונגען!...

וואָיאַ נאָוואַ איז אויך דער איינציקער קאָלכאָז, וואו איך האָב נישט גערעדט וועגן קולטור און קולטורטעטיקייטן. איך האָב שוין געוואוסט זייער באַציאונג צו יידיש. אָבער איך האָב דערוואַרט, אַז זיי זאָלן ביי מיר פרעגן וועגן דער העב־רעאישער ליטעראַטור אין ארץ ישראל. איך האָב עס דער־וואַרט פון מענטשן, וועלכע האָבן זייער היים אַ נאָמען געגעבן אויף עספּעראַנטיש, ווען זיי האָבן איר נישט געקאָנט אַ נאָמען געבן אויף העברעאיש.

ביים אַ טאָג פריער אין אַן אַנדער קאָלכאָז האָט מען זיך גראָד נאָכגעפרעגט.

„האָט איר אפשר געבראַכט מיט זיך נייע העברעאישע

ביכער? עס מוזן דאָך זיין אַ סך נייע העברעאישע ביכער... פאַראַן טאַקע?"

„פאַראַן. נייע שרייבער, נייע ביכער, נייע גרויסע פאַרלאַגן".

„אָ! און איר האָט נישט מיטגעבראַכט מיט זיך?"

„מען פאָרט נישט אַרום מיט ביבליאָטעקן. און אויסער־דעם, וואָלט מען זיי ביי מיר פאַרהאַלטן אויף דער גרענעץ, ווי אַלע אויסלענדישע ביכער."

„אָ, עס ווילט זיך אַזוי לייענען אַ ניי העברעאיש בוך! די אַלטע האָבן מיר שוין איבערגעלייענט און איבערגעלייענט..."

„לייענט איר די נייע יידישע ליטעראַטור?"

„די זשאַרגאָנע ביכלעך? אַמאָל לייענען מיר, אַמאָל נישט."

„איז עס זיי באַציאונג פון דעם גאַנצן קאָלכאָז צו יידיש?"

„דער גאַנצער קאָלכאָז האָט צו גאָרנישט אַ באַציאונג. האָט נאָר אַ באַציאונג צו דער אַרבעט. אויסאַרבעטן וואָס מער. סטאַכאַנאָווען. ווייטער אינטערעסירט אים גאָרנישט."

„זינט אונזערע יידן האָבן אָנגעהויבן פיטערן חזירים, זיינען זיי פאַרחזירט געוואָרן," האָט אַ זאָג געטאָן אַ בלייכער יונגערמאַן.

זיינען ער און זיינע העברעאיסטישע חברים אפשר אָפּ־נייגער? איך האָב זיי אַ צי געטאָן פאַר דער צונג. ווי ווארעם און געטריי זיי האָבן זיך אַלע צורעדט וועגן סטאַלינען! אָ, סטאַלין איז דער גרעסטער גייסט! עס וועט נאָך קומען אַ טאָג, ווען ער וועט דערלויבן העברעאיש און די העברעאישע ליטעראַטור!

די גרעסטע באַגייסטערונג פון די געוועזענע קבוצה־ניקעס אין וואַיאַ נאָווא זיינען געווען, אויסער נאַטירלעך סטאַלין און זיין רעגירונג, זייערע שעפּסן.

## מיינע באַגעגענישן מיט יידישע שרייבער אין ראַטנפאַרבאַנד.

פאַרגעס, יידישער שרייבער, וואָס דו האָסט אויפגעטאָן פאַר דער יידישער ליטעראַטור, פאַרגעס דיין פּלאַץ אין איר, פאַרגעס דיין נאָמען! געדענק נאָר, צו וועלכער פּאַרטיי דו געהערסט אָדער צו וועלכער פּאַרטיי דו געהערסט נישט, געדענק נאָר דיין פּאָליטישן אני מאמין, ווייל נאָך דעם אַליין בלויז וועסטו געאורטיילט ווערן! דו פאָרסט איצטער צו די יידן אין ראַטנפאַרבאַנד!

געדענק, אַז דו ביזט אַ פּועל ציוניסט, און דאָס איז דיין פאַרניכטונג. אַלץ, וואָס דו האָסט געשאַפן, זינט דו האָסט זיך אַריינגענומען אין קאָפּ, אַז ארץ ישראל דאַרף און קאָן ווערן אַ יידיש סאָציאַליסטיש לאַנד, איז ערגער ווי ערגער, שטייט אונטער יעדער קריטיק, איז דיין קינסטלערישער און גייסטיקער באַנקראָט. האָסט גאָר פאַרגעסן ווי צו שרייבן. אויב דו האָסט געהאַט ווען טאַלאַנט, האָסטו אים אומגע־בראַכט דורך דער גאַנגרענע פון דער צופוילטער פּועלי־ציוניסטישער קאָנטררעוואָלוציע...

אויב דו ווייסט עס נאָך נישט, לייען, וואָס עס שרייבן וועגן דיר די קריטיקער און וואָרטזאָגער אין דער יידישער ליטעראַטור פון סאָוויעטרוסלאַנד. עס מאַכט נישט אויס, וואָס אין די יאָרן פאַר דער רעוואָלוציע האָבן זיי זיך גע־

סוויקט מיט אַלץ, וואָס דו האָסט געשריבן. דעמאָלט האָבן זיי אַליין נישט געוואוסט, אויף וועלכער וועלט זיי זיינען. דעמאָלט זיינען זיי גאָר אַליין געוועזן פּועלי ציון, צעירי ציון, עסעסניקעס, עסטעניקעס. אָבער איצטער האָבן זיי זיך גיזפּור־נען און דיך אויסגעפונען. ביזט אַ סאָציאַל־פּאַשיסט, אַ פּאַר־שפּרייטער פון פּאַנאַטיזם, אַ פינסטערלינג, אַ פּאָגראָמיסט, אַ פּאַררעטער פון דעם אַרבעטערקלאַס, אַ פּאַרקויפטע נשמה, אַ קנעכט פון דער בורזשואַזיע, אַ געמיינער פּאַרכאַפּערישער אימפּעריאַליסט — ביזט וואָס נאָר אין אַ קאָרט!...

דו לעבסט גאָר נישט מער. ביזט טויט ווי אַלע טויטע. דערפאַר פאַרדינסטו די פולע פאַראַכטונג, ווי יעדער גייסט, וואָס גייט אַרום אין עולם התוהו...

טראָג דיין שאַנד מיט זיך און באַווייז זיך בעסער נישט פאַר די אויגן. און אויב דו וועסט זיך צופעליק אָנטרעפן אין ראַטנפאַרבאַנד מיט זיי, דורך וועמען די רעוואָלוציע זינגט און קדושט אַרויס, באַהאַלט דיין נאָמען, רוף זיך בעסער נישט אָן, כדי זיי זאָלן דיך נישט דאַרפן מבייש זיין!...

„מיינסטו נישט, מיין ווייב, אַז דאָס איז אַ גוטער פּלאַן? איך וועל דאָך מסתמא וועלן וויסן, ווי זעט אויס דער אַ־ער יענער יידישער שריפטשטעלער, וועל דאָך מסתמא וועלן אָנ־קוקן יענע גרויסע גייסטער, וואָס ווייסן אַלץ, פאַרשטייען אַלץ און האָבן דעם גאַנצן יידישן אמת אין זייער רשות. וועל איך אָנקלאַפּן אין זייערע טירן, אַריינקומען און פאָרשטעלן זיך: אַן אַמעריקאַנער. אַ נייגעריקער אַמעריקאַנער פעטער, וואָס איז געקומען אין ראַטנפאַרבאַנד צו שטעקן זיין נאָז אומעטום, און שטערן מענטשן אין זייער אַרבעט, און פאַרנודיען אַלעמען די נשמה...”

מיר זיינען אין מינסק. ווי טוט מען עפּעס נישט אַ קוק אויף איזי באַריקן? איך קען זיינע שאַפונגען און וויל קענען דעם שאַפער. וועל איך אָנקלאַפּן אין זיין טיר, אַ קוק טאָן אויף אים אַמעריקאַניש־פעטעריש. האָב איך אָנגעקלאַפּט. ער איז נישטאָ. ער וועט זיין פּונקט איינס אַ זייגער בייטאָג. באַשטימט? באַשטימט.

פונקט איינס א זייגער האָב איך טעלעפאָנירט.

„איז חבר כּאַריק דאָ?"

„יאָ."

„קאָן איך מיט אים רעדן?"

„ווער זייט איר?"

פאַרגעס איך דעם מאַסקאַראַד און רוף זיך אָן. איז שווייגן אויף דער אַנדער זייט. העלאָ! העלאָ! עס איז שטיל. איך הענג אויף דאָס טרייבל און טעלעפאָניר אויפסניי: „קאָן איך רעדן מיט חבר כּאַריק?"

„חבר כּאַריק איז נישטאָ. ער איז אַוועקגעגאַנגען."

„ווען וועט ער קומען?"

„ער פאָרט אַוועק אויף וואַקאַציע..."

אַזוי, אַזוי... אַ גוטער אָנהייב, מיין ווייב!

פאַראַן אין מינסק אַ יידיש טעאַטער, זיין דירעקטאָר איז ראַפּאַלסקי. ער איז מיר געלויבט געוואָרן אַלס קינסטלער און מענטש. דאַרף מען מיט אים באַקאַנט ווערן. איך האָב אים אָפּגערופן. זיין פרוי איז ביים טעלעפאָן. זי האָט זיך פאַר מיין נאָמען נישט דערשראָקן. זי איז אפילו געוועזן זייער פריינטלעך. ראַפּאַלסקי איז איצטער נישטאָ אינדערהיים. ער וועט זיין אין אָוונט, עס וועט אים זיכער פרייען. ער וועט מיך אָפּרופן...

ער האָט מיך נישט אָפּגערופן. מילא, זאָל מיינס אַריבער־גיין, איך וועל ווידער טעלעפאָנירן. זיין פרוי איז ווידער ביים טעלעפאָן: עס טוט איר זייער לייד, ראַפּאַלסקי האָט געמוזט אַוועקפאָרן...

צופעליק אָנגעטראָפן זיך אין גאַס מיט משה קולבאַק. ער האָט זיך דערפרייט מיט מיר, באַגלייט מיך אַ שטיק וועג, כאָטש ער האָט געאיילט צום וואָקזאַל — זיין פרוי האָט געדאַרפט אָנקומען. גלייך ווי ער ברענגט זיין ווייב אַהיים, וועט ער זיך זעצן אין פאַרבינדונג מיט קאָלעגן, מיט כּאַריקן און אַנדערע. ער וועט זען, מ'זאָל זיך צונויפקומ'ען אין אָוונט אין דעם שרייבער־קלוב. אַכט אַזייגער וועט ער זיין ביי מיר אין האָטעל. איך זאָל אויף אים וואַרטן. איך האָב געוואַרט

אכט, איך האָב געוואַרט ניין. ער האָט זיך נישט באַוויזן און אַפילו נישט טעלעפאָנירט.

אָ, וואָס פאַר אַ סומאַטאָכע איך האָב אָנגעמאַכט אין דער רעדאַקציע פון דער יידישער טעגלעכער צייטונג „אָקטיאַבר״! ווען איך וואָלט אַ פריער טעלעפאָנירט, וואָלטן זיי זיך מסתמא אַלע צולאָפן פון שטאָט. האָב איך זיי איבערראַשט, געקומען נישט אָנגעזאָגטערהייט. דער, וואָס איז געזעסן אויפן רעדאַקטאָר־שטול, אַ חבר קאַזאַקאָוו, איז רויט געוואָרן אין גאַנצן געזיכט און פאַר אויפרעגונג אַ וואָרף געטאָן דעם שווערן שליסל, וועלכן ער האָט געהאַלטן אין האַנט. אַ צווייטער, וואָס איז געזעסן ביים טיש, איז טויט־בלייך געוואָרן. ביידע האָבן נישט געקאָנט אויפהייבן די אויגן, געקוקט אין גרויסער פאַרלאָרנקייט אויפן טיש, ווי דאָרטן וואָלט געלעגן פאַר זיי זייער טויט־אורטייל...

און איך האָב געהאַט אַזויפיל אכזריות אין זיך, אַז איך האָב גאַנץ קאַלטבלוטיק דערציילט זיי וועגן די וואונדערבאַרע דערגרייכונגען פון די יידישע אַרבעטער אין ארץ ישראל. נאָך אַ ביסל, און איך וואָלט געהאַט אַ טויט אויף מיין געוויסן... נאָך דאָס האָט מיר געפעלט! זייט מיר געזונט, יידישע שרייבער פון מינסק! איך פאָר אין מאָסקווע. דאָרטן וואוינט דוד בערגלסאָן, וועלכער וועט זיך זיכער נישט באַהאַלטן פון מיר, און אַלעקסאַנדער כאַשין, וואָס קיין פאַרטיי־צוטייַלונג קאָן נישט צוברעכן אונזער פריינטשאַפט, און ליפמאַן לעווין, וועלכער האָט אָנגעגעבן אין זיין ביאָגראַפיע אין זלמן רייזענס לעקסיקאָן, אַז ער האָט אָנגעהויבן צו שרייבן יידיש „אונטער דער איינווירקונג פון דוד פינסקי״ — ער וועט מיך געוויס נישט וועלן פאַרלייקענען...

איך האָב זיך נישט אָנטוישט אין די ערשטע צוויי. כאַשין און בערגלסאָן האָבן זיך אמתדיק דערפרייט מיט מיר. אָבער ליפמאַן לעווין האָט זיך פאַרלאָרן אויף דער אַנדער זייט פון טעלעפאָן. ער איז עפּעס נישט אינגאַנצן געזונט. ער וועט מיך אָפרופן. און מער נישט געהערט פון אים.

אָבער אין מאָסקווע איז נאָך פרץ מאַרקיש. אַ זייל פון

אונזער ליטעראטור, און ליטוואקאָוו איר „טאָרקוועמאדאָ". איך מוז מיט זיי באַקאַנט ווערן.

האָב איך אויפגערופן די רעדאקציע פון „עמעס". „ווען קאָן איך זען חבר ליטוואקאָוון?" — ווער רעדט?" — דוד פינסקי." — „חבר ליטוואקאָוו איז קראַנק." פאַרטיק! גיין נאָך נישט...

פאַרנאַכט איז ביי מיר געזעסן אַ באַקאַנטער. איז מיר איינגעפאַלן, ער זאָל אָפּרופן דעם „עמעס" און אויסגעפינען, ווען קאָן מען זען ליטוואקאָוון. געזאָגט, געטאָן. אויף דער פראַגע „ווער רעדט?" האָט ער אָנגעגעבן אַ נאָמען פון דער הפטורה, און געקראָגן דעם ענטפער, אַז היינט איז שוין צו שפּעט, מאָרגן איז רוטאָג ביי די אַרבעטער פון „עמעס", אָבער איבערמאָרגן איינס אַ זייגער קאָן ער זען ליטוואקאָוון.

עס איז געוועזן זייער נישט שיין פון אונז, אָבער איבער־מאָרגן איינס אַ זייגער האָבן מיר איבערראַשט ליטוואקאָוון, כאָטש מען האָט אונז געוואָרנט, אַז ער איז אַ ייד אַ מטופּל מיט קראַנקהייטן. גאָט זיי דאַנק, די איבערראַשונג האָט אים נישט פאַרשאַדט. ווי איז געוועזן דער אויפנעם? ווי האָט ער געזאָלט אויפנעמען איינעם, וואָס האַלט זיך נאָך אָן דעם, פון וואָס ער האָט געהאַט דאָס גליק אָפּצוטרייסלען זיך? מיט אַ באַדויער־געפיל נאַטירלעך...

אויף מאָרגן האָבן צוויי שורות אויף דער פערטער זייט פון „עמעס" אָנגעזאָגט די בשורה, אַז דער אַמעריקאַניש־יידישער שרייבער דוד פינסקי איז אַ גאַסט אין שטעטל. ווען אין אָוונט האָבן מיר זיך געטראָפן אין טעאַטער וואַכטאַנגאָוו, האָט ליטוואקאָוו מיר פּוקסיש געזאָגט:

„איר האָט געזען די נאָטיץ וועגן אייך אין „עמעס"? געהאַט גאָר אינגאַנצן פאַרגעסן. אַז איך בין געקומען אַהיים, האָב איך זיך געכאַפּט און טעלעפאָנירט די צוויי שורות. געדאַרפט מער. וועל מסתמא נאָך פאַרבעסערן..."

בערגלסאָן האָט מיך טעלעפאָניש צונויפגעפירט מיט פּרץ מאַרקיש, און עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז פרייטיק דעם פערטן סעפּטעמבער וועט מען זיך צונויפקלייבן אין אָוונט ביי

מארקישן אינדערהיים. א קבלת פנים! אהא, מאָסקווע איז נישט מינסק! אויף פּרייטיק אין אָוונט האָבן מיר געהאַט בילעטן צו דער אָפּערע „יעווגעני אָנעגין" אין באָלשאָי טעאַטער. „מיר וועלן מקריב זיין די בילעטן, יאָ, מיין ווייב? די הברים זיינען בילכער! מיר וועלן גיין צו זיי, די בילעטן וועלן מיר אוועקשענקען!..." אָבער נישט צואיילן זיך. האַלט נאָך די בילעטן. מאַלע וואָס עס מאַכט זיך... פרייטיק פיר א זייגער נאָכמיטיק איז מארקיש געקומען מיט דער בשורה, אז דער צוזאמענקום מוז אָפּגעלייגט ווערן צוליב א וויכטיקן פּאַרטיי־מיטינג. נישט צו מאַכן. א נס, וואָס מיר האָבן נאָך נישט אוועקגעשענקט די אָפּערע־בילעטן! אָבער אין דער אָפּערע האָב איך זיך אָנגעטראָפן מיט עטלעכע פון די יעניקע, וואָס האָבן געדאַרפט זיין אויף דעם וויכטיקן פּאַרטיי־מיטינג...

„איר האָט דאָך גאָר געדאַרפט זיין אויף א מיטינג?"

„אויף וואָס פאַר א מיטינג?" האָבן זיי זיך געוואונדערט.

אָבער דאָך האָט מאָסקווע מיך ענגער צונויפגעפירט מיט בערגעלסאָנען, פאַרחברט מיך מיט מארקישן, פאַרשטאַרקט מיין פריינטשאַפט מיט כאַשינען און געשאַפן אונז נייע גוטע, אמת גוטע פריינט אין דוד וועגדראָוו און זיין פרוי. וואָס ווילסטו נאָך מער, דו געפּטלטער און געאַסרטער?!

איך האָב נאָך אפילו געקראָגן באַצאָלט פאַר דאָס ביכל פון מיינע דערציילונגען, וואָס זיי האָבן ארויסגעגעבן אין מאָסקווע מיט א פאָררעדע, לויט וועלכער מען טאָר מיך אין האַנט נישט נעמען, אין א סאָוועטיש יידיש הויז נישט אריינלאָזן...

זיי ביי זיך נישט אראָפּגעפאַלן. דער טייוול איז נישט אזוי רויט, ווי ער מאָלט זיך אַליין...

אמת. איך האָב עס באַלד אויסגעפונען אין אָדעס. מיין באַזוך אין דער רעדאַקציע פון דער דאָרטיקער יידישער צייטונג איז געווען די פּריילעכסטע איבערראַשונג. מען האָט נישט געוואוסט, וואו מיך אוועקצוזעצן. ווי אנטוישט זיינען זיי געווען צו הערן, אז איך וועל אין אָדעס זיין נאָר עטלעכע שעה! איך באַוואָלה אָדעס, איך באַוואָלה זיי!... אָך, זיי

האָבן געווים נישט געוואוסט, אַז איך בין אַ געפּסלטער, אַז איך בין שוין לאַנג אַ טויטער, אַז איך גיי אַרום אויפן עולם התוהו!... וואָס פאַר אַ אָפּגעשטאַנענע זיי מוזן זיין!

דעם אָוונט פון דעם טאָג פון מיין אָנקום אין קיעוו זיינען מיר געוועזן אין יידישן טעאַטער. עס האָט זיך גלייך פאַרשפּרייט, אַז איך בין אין טעאַטער, און איינער נאָך דעם אַנדערן זיינען צו מיר צוגעקומען שרייבער און שוישפּילער און האָבן זיך פאָרגעשטעלט. ווי קומט עס? ווייסן זיי נישט, אַז איך בין אַ פאַרגעסענער? איז עס נישט קאָנטררעוואָלוציע? צווישן די צוגעקומענע זיינען אויך געוועזן איציק פעפער און דוד האָפשטיין. די באַגעגעניש מיט האָפשטיינען האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַן אינטימער פריינטשאַפט, און די פאָר טעג אין קיעוו זיינען מיר געוועזן אומצושיידבאַר. ער האָט שטאַרק געוואָלט אַ צוזאַמענקום מיט קאָלעגן, אָבער דאָס איז אים נישט געלונגען. איינציקווייז גיט מען פינסקין כבוד, וויפל איר ווילט, אָבער עפנטלעך? זאָל אייך אויסהיטן דער גוטער גאָט פון דער רעוואָלוציע!... דאָך איז אין קיעוו עטוואָס געשען קעגן דעם גוטן גאָט פון דער רעוואָלוציע.

דעם צווייטן טאָג ראש השנה איז פאָרגעקומען אַן אַנטירעליגיע־פאַרזאַמלונג. דוד האָפשטיין האָט פאָרגעשלאָגן, מען זאָל מיך איינלאַדן צו דער פאַרזאַמלונג, איך זאָל פאָרלייענען עפּעס פון מיינע שריפטן. האָט מען באַשלאָסן, אַז דאָס איז גאַנץ אוממעגלעך, אָבער האָפשטיין מעג מיך ברענגען צו דער פאַרזאַמלונג.

ווען מיר זיינען אַריינגעקומען אין זאַל, האָט מישקאָווסקי געהאַלטן אין מיטן פון זיין פאָרטראַג איבער יידישע ימים־טובים. דער פאָרזיצער האָט אים איבערגעריסן און אָנגעזאָגט דעם עולם, אַז עס איז אַריינגעקומען דער אַלטער יידישער שריפטשטעלער דוד פינסקי, וועלכער האָט נאָך מיט 44 יאָר צוריק אַריינגעפירט דעם יידישן פראָלעטאַריער אין דער יידישער ליטעראַטור. עס האָט אויסגעבראָכן אַן אָוואַציע און איך בין איינגעלאַדן געוואָרן אַרויפצוקומען אויף דער פּלאַטפאָרם. ווען איך האָב זיך באַוויזן אויף דער פּלאַטפאָרם, האָבן זיך באַנייט

די אפלאָדיסמענטן, און ווען איך האָב זיך אוועקגעזעצט ביים פּרעזידיום־טיש, האָט מען אָנגעהויבן אונטערצוטראָגן צעטעלעך צום פּאָרזיצער. אויף איין צעטל, וואָס איז געלעגן פאַר מיינע אויגן, האָב איך איבערגעלייענט: „מיר בעטן פאַרענדיקן דעם פאָרטראַג וואָס גיכער און גיבן אַ וואָרט דעם שרייבער דאָוויד פּינסקי."

„איר וועט נעמען דאָס וואָרט?" האָט מיר צוגעשעפּטשעט דער פּאָרזיצער.

„אַז מ'וועט געבן, וועל איך נעמען," האָב איך צוריקגעשעפּטשעט.

צוויימאָל האָט ער דאָס געפרעגט און צוויימאָל האָב איך אים געגעבן דעמזעלביקן ענטפער. איך האָב דערפילט פאַרלאָרנקייט און דערשראָקנקייט אַרום מיר. ווי קאָן מען אים געבן אַ וואָרט, אַז מען האָט אפילו נישט געוואָלט אים דערלויבן פאָרצולייענען פון זיינע שריפטן?

„לייענט עפּעס פאַר," האָט זיך געבעטן מיין גוטער האָפּשטיין.

פון עולם האָט מען אָנגעהויבן אויסרופן מיין נאָמען, און איך האָב געקראָגן דאָס וואָרט. ווען איך בין אויפגעשטאַנען צו רעדן, האָט זיך דער עולם אויפגעהויבן פון די פּלעצער. אָבער הינטער מיר האָט מען דערשראָקן געשעפּטשעט: „וואָס וועט איר זאָגן? וואָס וועט איר זאָגן?" און ווען איך האָב געקוקט אויף דעם באַגייסטערט אַפּלאָדירנדיקן עולם, וועלכער האָט מיר געגלויבט, אַז אויך אין מיינע ווערק, וועלבע איך האָב געשאַפן נאָך מיינע פּראָלעטאַרישע דערציילונגען, בין איך געבליבן געטריי די אינטערעסן פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט, האָב איך געטראַכט: די סאָוועטיש־יידישע שריפטשטעלער, געוויסנלאָז און נאַריש געוואָרענע דורך דער דיקטאַטור פון מורא, האָבן מיך געוואָלט פאַרניכטן, אָבער איך לעב דאָך אין די הערצער פון די פאָלקסמענטשן.

איך האָב עס געקאָנט טראַכטן נישט נאָר וועגן זיך, נאָר וועגן אַלע שאַפער פון דעם יידישן וואָרט, וואָס שרייבן און שאַפן אויף דער זייט פון די גרענעצן פון ראַטנפאַרבאַנד.

איך בין זיכער, אַז זיי לעבן אין האַרץ און באַוואוסטזיין פון
פאָלק, כאָטש זייערע נעמען טאָרן נישט דערמאָנט ווערן אָדער
ווערן דערמאָנט מיט זידל און זילזול. אין קיין רעדאַקציע האָט
מען זיך ביי מיר נישט נאָכגעפרעגט וועגן דער יידישער ליטע־
ראַטור בכלל, און קיין איינציקער שריפטשטעלער האָט זיך
נישט נאָכגעפרעגט אויף קיין איינעם פון אונזערע שאַפער.
בערגעלסאָן בלויז האָט זיך נאָכגעפרעגט אויף אָפּאַטאָשון און
אויף זיין פריינט ווינפער. האָפשטיין האָט זיך נאָכגעפרעגט
אויף ליעסינען און ניגערן, און נאָר איינער, דער הערלעכער
דר. ישראל צינבערג אין לענינגראַד האָט זיך אינטערעסירט
מיט אַלץ און אַלעמען.

בעמיקער פון באַרוף, פון 1899 אָנגעשטעלטער אין דעם
באַרימטן פוטילאָווער זאַוואָד, האָט דר. צינבערג אַוועקגעגעבן
זיינע אָוונטן און יעדע מינוט פון זיין פרייער צייט דער
יידישער פאָרשונג און איז אַזוי געוואָרן דער שאַפער פון דעם
מאָנומענטאַלן צענבענדיקן ווערק „די געשיכטע פון ליטע־
ראַטור ביי יידן״, אויף וועלכן ער האָט געאַרבעט זינט 1915.

די יידישע דעה־זאָגער אין ראַטנפאַרבאַנד האָבן זיך אָפּ־
געזאָגט אָנצונעמען דאָסדאָזיקע ווערק. זיי האָבן עס דער־
קלערט פאַר נאַציאָנאַליזם און שאָוויניזם, פאַר רעאַקציע און
פינסטערניש, פאַר פאַלש און אומוויסנשאַפטלעך, פאַר אַ ווערק,
פאַר וועלכן מען דאַרף צומאַכן די אויגן און אויסשפייען. דאָס
ווערק האָט געמוזט פאַרלאָזן ראַטנפאַרבאַנד, וואו עס איז
געבאָרן געוואָרן, און געדרוקט ווערן אין פאַרלאַג טאָמאָר אין
ווילנע. עס זיינען שוין דערשינען די ערשטע זיבן בענד, און די
נישט־יידישע דעה־זאָגער האָבן זיך געכאַפּט, וואָס עס איז
געשען, און זיינען אויפגעבראַכט געוואָרן. אַזאַ קאַפּיטאַל
ווערק, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין לענינגראַד און וואָלט
געוועזן אַ שטאָלץ פאַר דעם ראַטנפאַרבאַנד, זאָל געדרוקט ווערן
אין אויסלאַנד! ווי אַזוי האָט מען געקאָנט אַזאַ זאַך דער־
לויבן? וואו איז געוועזן קאָפּ? וואו איז געוועזן שכל? די
יידישע דעה־זאָגער, די שטענדיקע פאַרלאָרענע, קיינמאָל אין
גאָרנישט זיכערע, זיינען געקומען צופאָרן פון מאָסקווע צו דר.

ציגבערג אין לעגינגראד: קאָנען זיי אפשר באַקומען זיין ווערק? ניין, אוממעגלעך מער. דאָס ווערק איז שוין אַרויס אין אויסלאַנד.

דר. ציגבערג האָט דערלעבט זיין נקמה, און ער איז זיכער, אַז ער וועט נאָך מער דערלעבן. ער, דער איינציקער אונטער די סאָוויעטיש־יידישע שריפטשטעלער, האָט נישט פאַרלייקנט די גאַנצקייט פון דער ליטעראַטור ביי יידן, האָט נישט אויפגעהערט צו זען דאָס יידישע פאָלק הינטער דעם שאַפן, און ער האָפט, אַז די פאַרדעטער און פאַרלייקענער פון דער גאַנצקייט וועלן נאָך חרטה האָבן.

ביי אים אין שטוב האָב איך זיך באַגעגנט מיט זיינעם אַ באַגייסטערטן אָנהענגער, אַ יונגן יידישן דיכטער חיים לעווין אין דער אוניפאָרם פון אַ קאַפּיטאַן אין דעם סאָוויעטישן קריגספלאָט. דער יונגער מענטש איז פאַר מיר געוועזן דער לייבהאַפטיקער סימבאָל פון דער קעמפערישער רעוואָלוציע, וועלכע האָט געפונען דעם וועג צו דער קולטור־גאַנצקייט פון די פעלקער אין ראַטנפאַרבאַנד.

# אינהאלט